13 בנובמבר יום ו׳, הפוגרום השני — הגרמנים והמשטרה האוקראינית ביצעו את ה„פוגרום השני״ בגיטו לודמיר. חיסול הגיטו של מחוסרי מקצוע. שני צעירים יהודים טעוני אקדוחים. רוצים להתפרץ דרך גדר־התיל של הגיטו; הם נורים ע״י הגרמנים. כמו־כן נורים ע״י הגרמנים כל שאר היהודים המנסים להתפרץ דרך גדר־התיל.

הפעם לא הובילו להמתה את כל אלה שהיו בידיהם „תעודות בעלי־מקצוע״ (תעודות כחולות); 15 בחורים ובחורות שהיו להם כמה אקדחים, מתחבאים בבונקר מחוץ לגיטו. הגיסטאפו הקיפה אותם ורצחה מהם 13 איש. שנים ששרדו: יוסף פילץ. פ. גוטמן. יוסף פילץ נמצא למחרת מת בנהר סמוטש על יד בית הכלא.

הפוגרום נמשך בערך שבועיים, נרצחו כ־4000 איש.

אחרי הפוגרום השני — כינסו את חפצי המובלים־למוות בבית־הספר האדום; החפצים הטובים נמסרו לגרמנים, הגרועים — לאוכלוסיה הנוצרית שבסביבה; ב„גיטו של בעלי המקצוע״ נשארו רשמית בערך 1500 יהודים. בערך 500 יהודים התחבאו אצל נוצרים ובשדות מסביב ללודמיר.

הגיטו היה מורכב מ־17 בנינים; כל בנין לאנשים בעלי מקצועות שונים.

חורף — ביערות קמות קבוצות של פאַרטיזנים פולניים ואוקראיניים הנלחמים זה בזה: הפולנים תפסו את סביבות קובל, מרכזם — ביאַלון; האוקראינים תפסו את סביבות אוסטילה וזאַריצה.

כמה נסיונות של הנוער בגיטו לודמיר להתקשר עם הפאַרטיזנים הפולנים עלו בתהו; מספרים בגיטו שהפאַרטיזנים האוקראינים כורתים את לשונותיהם של היהודים הנופלים בידיהם.

4 בדצמבר — הגרמנים בניהולו של קראַוזה מחפשים „בלתי ליגליים״ בגיטו; מוצאים בערך 40 יהודים „בלתי ליגליים״.

5 בדצמבר — חנוכה, 40 היהודים נורו.

15 בדצמבר — שוב חיפוש אחרי „בלתי ליגליים״, 50 יהודים נורו ע״י קראוזה.

23 בדצמבר — תפסו בחור פולני שנכנס לגיטו ובכיס־בגדו אקדח. הגרמנים מחפשים פאַרטיזנים יהודיים. נמצא אקדח אצל לייבל קוציובס שנורה. הגרמנים מוצאים בערך 100 יהודים „בלתי ליגליים״ בגיטו, הם מוצאים לבית־הכלא ונורים.

דצמבר — קבוצה של 15 בחורים בערך מתכוננת להקים קבוצת־פאַרטיזנים ומתחילה להכין כלי־נשק.

## 1943

1 בינואר — בגיטו נמצאים בערך 500 איש. ניתנה רשות לכמה עשרות יהודים „בלתי ליגליים״ להיות בגיטו; (ע״י כך נגמר רשמית הפוגרום השני, שהתחיל ב־13 בנובמבר 1942).

פורים — נשלחו 100 יהודים מהגיטו לפיאטידין, כדי לכסות את הקברים הפתוחים. אמרו „קדיש״ ו„אל מלא רחמים״. רבים זיהו הוריהם ובני־משפחותיהם.

אפריל — ידיעות על מפלות גדולות של הגרמנים. אוקראינים מרובים עוזבים את המשטרה האוקראינית ובורחים ליערות, שם הם יוצרים קבוצות פאַרטיזניות אוקראיניות, הנלחמות הן בגרמנים והן בסובייטים. הגרמנים יוצרים משטרה פולנית.

20 באפריל — פסח.

אפריל — קבוצת צעירים יצאה לחפש קשר עם הפאַרטיזנים ביערות פולסיה. הם נורו בדרך. אחד הנשארים בחיים, וואַגמאַן, חוזר לגיטו.

7 במאי — המשטרה הפולנית כיתרה את הגיטו. בהלה. קראוזה מצהיר: חוטפים פולנים כדי לשלוח אותם לעבודת־כפייה בגרמניה וע״י הכתרת הגיטו מונעים מהם להסתתר בגיטו. בגיטו סבורים שזה נסיון מצד הגרמנים להיווכח אם אין נשק בגיטו, ואם לא יפתחו באש על הגרמנים המכתרים אותם.

13 ביוני — כמה עשרות יהודים מתנדבים לטפל בבורות פיאטידין, אשר שם שקע הקרקע, וגוויות ההרוגים גלויות.

י״ט אלול, 19 ספטמבר — יום השנה הראשון להרוגי פיאטידין. תפילות, אזכרות.

שמחת תורה — קודיש עורך „חתונת הזהב״ שלו.

אוקטובר — הגרמנים חופרים תעלות־מגן בלודמיר.

חדשי החורף — הגאַביטסקומיסאַר וואסטאַרהיידה מארגן מיבצע־חטיפות של פולנים בכדי לשלחם לעבודה בגרמניה. הוא מכריח יהודים להילוות לאנשי־ס. ס. במיבצע החטיפה. על ידי כך עלה בידו ללבות עוד יותר את שנאתם של הפולנים ליהודים. בתור נקמה מתחילים הפולנים להלשין על היהודים המתחבאים בבונקרים שבסביבות לודמיר.

8 בדצמבר — המפקדה הצבאית הגרמנית מוציאה פקודה שעל כל היהודים להרשם במפקדה הצבאית: יינתנו תעודות חדשות לתושבי הגיטו.

12 בדצמבר — הודעה: מחר התאריך האחרון להרשמה לתעודות החדשות („תעודות החיים״).

13 בדצמבר — מיבצע חיסול גיטו לודמיר („הפוגרום השלישי״). במיבצע החיסול משתתפים גרמנים ורוסים („וולאַסובצים״). בין המוצאים להורג גם ראש־הגיטו קודיש.

אין מובילים את היהודים לפיאטידין, אלא לדרך לודמיר—כוואלניאץ, שם הם נשרפים.

כמה עשרות יהודים מצליחים להינצל מ„אקציה" זו, והם תועים בסביבה; המשטרה הגרמנית רוצחת כל יהודי הנופל לידיה.

## 1944

מרץ — פאַרטיזנים יהודים מלודמיר ומהסביבה נמצאים בין גדודי הפאַרטיזנים הפולניים.

הפאַרטיזנים הפולניים מוציאים פקודה, שעד ה־24 במאַרס על כל הפאַרטיזנים היהודים לעזוב את שטח הפאַרטיזנים הפולני בסביבות לודמיר (ביאלון), ועליהם להתרכז בוורטשין. כל יהודי שיישאר בביאלון — יירה.

24 במרץ — הפולנים מכתרים 120 פאַרטיזנים יהודים שנתרכזו בוורטשין; בלילה נורו הפאַרטיזנים היהודים ע"י הפאַרטיזנים הפולניים שכיתרו אותם בוורטשין.

15 באפריל — הסובייטים ע"י קובל.

16 באפריל — תגבורת גרמנית מגיעה ללודמיר. הסובייטים חוזרים לעמדותיהם הקודמות, הפאַרטיזנים הפולניים מביאלון רוצים להצטרף אליהם בנסיגה. הסובייטים אינם מרשים להם להצטרף.

הסובייטים ע"י הפריפיאַט מחסלים את הפאַרטיזנים הפולניים מביאלון.

22 ביולי — לודמיר משוחררת ע"י הסובייטים.

נשארו בחיים רק כמה עשרות יהודים.



המגדל הדומיניקני במרכז העיר. שימש כמגדל־שמירה למכבי־אש

דער דאָמיניקאַנער טורעם (די דזוואָניצע) אין צענטער שטאָט. האָט געדינט אַלס וואַך־טורעם פאַר די פייערלעשער

ד״ר מ. דוואָרזשעצקי

# די יידן אין לודמיר

## אין לויף פון דער געשיכטע

## הקדמה

ס׳ איז ניט באקאנט ביז היינט צו טאָג אַ בוך, וואָס זאָל אונדז איבערגעבן די געזאַמלטע געשיכטע פון לודמירער יידנטום בכלל, אָדער פון אירע רבנים בפרט.

אין לויף פון יארהונדערטער האָט לודמיר געשמט מיט אירע רבנים און גאונים. אין 16־טן, 17־טן און 18־טן יארהונדערט זענען געווען טעטיק אין לודמיר רבנים, פון וועלכע א ריי האבן געשפּילט ניט נאר די ראָלע פון גייסטיקע אָנפירער פון יידישן לודמיר, נאר אויך אַ וויכטיקע ראָלע אינם אלגעמיינעם יידישן לעבן פון מזרח־אייראָפּע בכלל און פון פּוילן בפרט. לאָמיר דא דערמאנען למשל די נעמען פון די לודמירער רבנים „סמ״ע" און „תוספות יום טוב", ווי אויך דעם נאמען פון „ט״ז" וואס איז געבוירן געווארן און באַקומען זיין דערציאונג אין לודמיר.

אפקלאנגען וועגן לעבן און טעטיקייט פון די רבנים און מנהיגים פון לודמירער עדה, קענען מיר געפינען נאר אויף ווי ווייט זיי האָבן מחבר געווען ספרים, אָדער אונטער־געשריבן הסכמות אויף ספרים פון אנדערע מחברים און דערביי באצייכנט אַז זיי זענען לודמירער רבנים („חונה פה ק״ק לודמיר"), אדער אויב זיי ווערן דערמאנט אין פאַרשיי־דענע פנקסים ביי דער געלעגנהייט פון זייער באטייליקן זיך אין די אסיפות פון ועד ארבע הארצות אַלס רבנים, פרנסים אָדער אַלס בוררים אין סכסוכים; אדער אויב זיי ווערן דערמאָנט צופעליק אין ספרים און שאלות־ותשובות, וואס זענען געשריבן געווארן אין יענע יארן.

דערביי איז מעגלעך אז געוויסע רבנים און למדנים, וואס האבן בשעתם געשפּילט א קאנטיקע ראָלע, האבן אבער ניט מחבר געווען קיין ספרים, אדער זיך ניט באטיי־ליקט אין די אסיפות פון ועד ארבע הארצות און ניט געגעבן קיין הסכמות צו חיבורים פון אנדערע רבנים — קען זיין, אַז זיי וועלן בלייבן אומבאַוווסט דער געשיכטע, כל זמן ס׳וועלן ניט אנטדעקט ווערן וועגן זיי וועלכע עס איז מקורות.

ביים זוכן די שפּורן פון יידישן לעבן אין לודמיר האבן מיר זיך באנוצט מיט ביכער און ענציקלאָפּעדיעס אין **העברעאיש, יידיש, רוסיש, פוילִיש א.א. שפראכן. בנוגע דער תקופה פון ועד ארבע הארצות ציען מיר די אויפמערק־**זאמקייט אויפן ספר פון פּראָפ׳ י. היילפערן: „פנקס ועד ארבע הארצות", ווו ס׳זענען דערמאנט, דרך אגב, ביי פאַרשיידענע עניינים. נעמען פון לודמירער רבנים און מנהיגים, און ס׳ווערן אויך אָנגעגעבן מקורות פון וואַנען די ידיעות שטאַמען (פנקסים, שאלות ותשובות).

וועלנדיק אילוסטרירן ווי ס׳האָבן זיך געקייקלט ביי יידן דורות פון חכמים און רבנים, ברענגען מיר אין דער דאזיקער אַרבעט אייניקע „גענעאלאָגישע בוימער" בנוגע דעם דורותדיקן רבנות־אָפּשטאַם בשייכות מיט רבנים־משפחות אין לודמיר.

מיר האבן געפונען, בנוגע דער תקופה פון ועד ארבע הארצות, ידיעות אין די פארשיידנסטע מקורות בעיקר נאר וועגן גייסטיקן שאפן אין לודמיר; דאקעגן ברענגען מיר ברייטערע סטאטיסטישע געגעבענע און ידיעות וועגן פאר־שיידענע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן אין יידישן לעבן פון לודמיר — אָנהויבנדיק פון דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יארהונדערט.

### אָפּקורצונגען:

ביכער און מקורות וואס מיר וועלן דאָ אָפט ציטירן, וועלן מיר זיי באַצייכענען קורץ:

אנ״ש — אנשי שם, תולדות גדולי לבוב מאת ש. באבער, קראקא, תבנה.

אנציקלופדיה — אנציקלופדיה לתולדות גדולי ישראל בעריכת ד״ר מרדכי מרגליות. ד׳ חלקים. ירושלים, תש״ו.

פמ״ל — פנקס המדינה או פנקס ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא. הוצ׳ ש. דובנוב, ברלין תרפ״ה.

פנקס — פנקס ועד ארבע הארצות. י. הלפרין.

Еврейская Библиотека — Евр. Библ.

Еврейская Энциклопедия, — Евр. Энц.

С. Петербург

היות אין די טעקסטן וואס מיר ציטירן דערשיינען אפט ראשי־תיבות, וועלכע מוזן ניט זיין אלעמען באקאנט, ברענגען מיר דא א קורצע רשימה פון די ראשי־תיבות מיט זייערע דערקלערונגען.

אב״ד — אב בית דין.
החו׳—החונה; המאה״ג—המאור הגדול; ד״א—ד׳ ארצות.
זי״ע — זכותו יגן עלינו; ז״ל — זכרונו לברכה;
זללה״ה — זכרונו לברכה לחיי העולם הבא.
חו״ל — חוץ לעיר.
יצ״ו — ישמרהו צורו ויחיהו.
מהרש״ל — מורנו הרב ר׳ שלמה לוריא; מו״ה — מורנו הרב; מוהר״ר — מורנו ורבנו הרב רבי; מו״צ — מורה צדק.
כמוהר״ר — כבוד מורנו הרב רבי.
לא״א — לאדוני אבי (לאהובי אבי).
נא׳ — נאום; נאב״י — נאמן בית ישראל; נר״י — נרו יאיר.
הק׳ — הקטן; הקדוש.
ק״ק — קהלה קדושה.
פפד״א—פראנקפורט דאדר; פפד״ם—פראנקפורט דמיין.

## נ אָ מ ע ן

די שטאט לודמיר איז רייך מיט נעמען; זיי זענען על פי רוב ענלעך. זייער אָפקלאנג איז אפהענגיק פון די שפראכן אין וועלכע זיי ווערן ארויסגעזאָגט. אָפט האָט דער נאָמען זיך אויך עטוואס געביטן אין לויף פון די יארן.

אין שפעטערע יאָרן הייסט זי אויף רוסיש — וולאַדימיר־נאָמען: וואָלאָדימער (Володимер)

אין שפעטערע יאָרן הייסט זי אויף רוסיש — וולאָדימיר־וואָלינסק (Владимир Волынск)

אויף פויליש הייסט זי וולאָדזימיעזש (Włodzimierz)

אין העברעאישע דאקומענטן דערשיינט זי אונטער די נעמען: לאַדומיר, לאַדמר, לודמיר אויך וולאַדימיראַ.

אויף יידיש איז איר אנגענומענער נאָמען: לודמיר.

## לעגענדעס און השערות וועגן דער אַנטשטייאונג פון לודמיר

ס׳איז ניט באקאנט גענוי ווען איז אנטשטאנען לודמיר.

לויט אן אלטער לעגענדע האט זי עקזיסטירט שוין אין אכטן יארהונדערט און זיך אנגערופן דאן: לאַדאָמיר.

וועגן דעם, אז אין לודמיר האט עקזיסטירט א מענטש־לעכער ישוב שוין אין גאר אלטע צייטן, זאגן עדות פאַרשיידענע חפצים וואָס שטאַמען נאָך פון שטיין־אַלטער. און וואָס זענען געפונען געוואָרן בשעת אויסגראבונגען אין לודמיר.

אין יאר 1840 האט מען אין לודמיר געפונען אין א פאַרשיידענע חפצים וואָס שטאַמען נאָך פון שטיין־אַלטער, דערפון געוועזן ארויסצופירן אַן השערה, אז אויף יענעם ארט פלעגן די געצן־דינער מקריב זיין זייערע קרבנות, און דער אנגעזאמלטער קוילן־שיכט שטאמט פון יענע פארברענטע קרבנות.[1]

## ערשטע שריפטלעכע ידיעות וועגן לודמיר

לויט אן אונגארישער כראניק האט לודמיר שוין עקזיסטירט אונטער דער אונגארישער הערשאפט אין יאר 884, און האט זיך אנגערופן לאדימירא (לאַדאָמיר).[2]

ביים רוסישן לעטאָפיס־שרייבער (כראניקער פון וויכטיקע געשיכטלעכע געשעענישן), ניעסטאָר, ווערט לודמיר דערמאנט צום ערשטן מאל אין יאר 988; דאן האט דער גרויסער קיעווער פירסט וולאדימיר סוויאַטאָסלאַוויטש באפעלט צו פארפעסטיקן די שטאט לודמיר, און גיט איר דעם נאָמען „וולאַדימיר"; ער גיט איר איבער זיין זון וסיעוואָלאָד.

דאן איז געגרינדעט געוואָרן דאָס וואלינער פירשטנטום (וואלינסקאיע קניאַזשעסטוואָ — Вслынское княжество).

## ערשטע ידיעות וועגן יידן אין לודמיר

צום ערשטן מאל ווערט דערמאנט א יידישער נאָמען אין סוף פון 12־טן יארהונדערט (אין יאר 1171), און נעמלעך דער נאָמען פון יידישן סוחר בנימין ה נ ד י ס (מעגלעך אַז זיין נאָמען שטאַמט פון פוילישן וואָרט האַנדליאזש־הענדלער).[3]

אין א הונדערט יאר ארום, סוף 13־טן יארהונדערט, אין יאר 1288, האט אין לודמיר שוין עקזיסטירט א יידישע געמיינדע. מיר לערנען עס פון א זאץ אין דער איפּאַטיעווער ליעטאָפיס, ווו עס ווערט דערציילט וועגן טרויער אין וואלין נאכן טויט פון לודמירער גרויסן קניאַז, וואסילי וואַסיל־טשיקאָוו. דארט ווערט דערציילט, אז ער איז אויך באוויינט געווארן דורך די יידן: „.... און די יידן האבן געוויינט אזוי ווי ביים פאַלן פון ירושלים, ווען מען האט זיי געפירט אין דער געפענגעניש פון בבל ...".[4,5]

ידיעות וועגן אן אָרגאַניזירטער יידישער קהלה אין לודמיר שטאמען ערשט פון אנהויב 16־טן יארהונדערט.

**שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך!...**

## לודמיר אין דער מיטלאַלטער־תקופה

### צווישן רוסן, פּאָליאַקן און ליטווינער איבערפּאַלונגען פון טאַטאַרן

לודמיר האָט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן דורכ־געמאַכט תקופות פון אויפבלי און פון שקיעה.

אַ שטאָט וואָס איז געלעגן אויפן גרענעץ פון פוילן און פון רוסלאַנד, ניט ווייט פון די טאַטארישע האָרדעס, האָט זי דורכגעמאַכט אָפטע מלחמות, און אָפט אַריבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. זי איז אויך באַפאַלן געוואָרן דורך חילות פון פיינטלעכע אַרמייען און דורכגעמאַכט אָפטע צעשטערונגען.

### אין פוילישע הענט

אין אנהויב 11־טן יאָרהונדערט, אין יאָר 1017, ווערט די שטאָט פאַרנומען דורכן פוילישן קעניג באָלעסלאַוו כראָברי.

### אין רוסישע הענט

אין אייניקע יאָר אַרום, אין יאָר 1020, גייט זי אַריבער צום רוסישן פירשט יאַראָסלאַוו וולאַדימיראָוויטש מודרי.

אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום, אין יאָר 1054, באַקומט די הערשאַפט איבער לודמיר און איבער גאַנץ וואָלין — זיין זון איגאָר יאַראָסלאַוויטש.

לודמיר ווערט די רעזידענץ פון פירשט. די שטאָט ווערט אַרומגערינגלט מיט דריי הויכע ערדוואַלן און מיט טיפע גראַבנס.

אין אנהויב 13־טן יאָרהונדערט דערגייט לודמיר צום קולימינאַציע פונקט פון איר צעבליאונג.

אין יאָר 1231 באַזוכט לודמיר דער אונגאַרישער קעניג אַנדריי, און ער איז ממש באַצויבערט פון דער גרויסקייט און רייכקייט פון דער שטאָט.

ניט לאַנג אָבער האַלט אָן איר שיינקייט און גרויסקייט.

### אַנפאַל פון טאַטאַרן

אין יאָר 1240 ווערט זי באַפאַלן דורך די טאַטאַרן; לודמיר ווערט אינגאַנצן חרוב.

אין אייניקע יאָרן אַרום הויבט אָן דער פירשט דאַניל איר ווידער אויפצובויען.

ס׳גייען אַריבער קוים 21 יאָר, און לודמיר ווערט ווידער באַפאַלן דורך די טאַטאַרן (1261). די טאַטאַרן מאַכן ווידער חרוב די שטאָט. זיי צעאַקערן איר ממש.

אין יאָר 1288 שטאַרבט דער גרויסער לודמירער קניאַז, וואַסילי וואַסילקאָוויטש. (ווי אויבן דערמאַנט ווערט ער שטאַרק באַוויינט דורך די יידן).

### אין ליטווישע הענט

אין אנהויב 14־טן יאָרהונדערט, אין יאָר 1316, גייט לודמיר אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון ליטווישן פירשט געדימין.

### אין פוילישע הענט

אין 24 יאָר אַרום, אין 1340, באַהערשט דער פוילישער קעניג קאַזימיר דער־גרויסער גאַנץ גאַליציע, די מערב טיילן פון וואָלין, ווי אויך לודמיר.

אין יאָר 1366 ווערט אין שלום־אָפּמאַך אָנערקענט לודמיר אַלס טייל פון פוילישן קעניגרייך.

דאָס יאָר 1366 איז אַ ווענדע־פונקט אין דער געשיכטע פון לודמיר. זי ווערט אויס רעזידענץ־שטאָט פון פירשטן און איר אָרט פאַרנעמט לוצק. לודמיר פאַרלירט איר אַמאָליקן איינפלוס.

### מאַגדעבורגער רעכט פאַר לודמיר

אַ ווידער־אויפבלי פון לודמיר קומט אָן ערשט אין יאָר 1431, ווען דער פוילישער קעניג גיט איר די אַ. ג. „מאַגדעבורגער רעכט",[6] וועלכע הויבן דעם מצב פון שטאָט.

### אין ליטווישן פירשטנטום

אין יאָר 1452 ווערט וואָלין פאַרייניקט מיטן ליטווישן פירשטנטום, וואָס איר הויפּטשטאָט איז ווילנע, און לודמיר ווערט רעדוצירט צו אַ פּראָווינץ־שטאָט.

### אַנפאַל פון טאַטאַרן

אין יאָר 1491 ווערט לודמיר ווידער באַפאַלן דורך טאַטאַרן, און די שטאָט ווערט חרוב.

די מיטלאַלטער תקופה פון לודמיר ווערט אַזוי אַרום פאַרענדיקט מיט איר חורבן דורך די טאַטאַרן.

## לודמיר אין נייַ־אַלטער־תקופה

### אַנפאַל פון טאַטאַרן

קוים הויבט לודמיר אָן זיך ווידער אויפבויען, ווערט זי ווידער באַפאַלן אין יאָר 1500 דורכן זון פון קרימער טאַטאַרישן חאַן מענגעלי גירא. זיינע חיילות רייסן זיך אַריין קיין וואָלין און מאַכן ווידער חרוב לודמיר.

נאָך די טאַטאַרישע איבערפאַלונגען הויבט לודמיר אָן ווידער אויפצובויען זיך. עס וואַקסט אין איר אויך די יידישע געמיינדע.

### לודמיר ווערט איבערגעבויט

אין יאָר 1552 ווערט לודמיר אינגאַנצן איבערגעבויט; זי פאַרמאָגט שוין 698 הייזער.

יידן באַזיצן אין יענעם יאָר 31 הייזער. זיי פאַרנעמען זיך הויפּטזעכלעך מיט האַנדל און באַזיצן אויך אייניקע קאָנצעסיעס.[5]

### די לובלינער אוניע

אין יאָר 1569 קומט צו שטאַנד די לובלינער אוניע צווישן פוילן און ליטע. לודמיר ווערט דערקלערט אַלס קרייז־שטאָט.

אין יאָר 1570 ווערן די יידן פון לודמיר דערמאַנט אין די „פּריווילעגיעס" פון פוילישן קעניג זיגמונט־אויגוסט צוזאַמען מיט די מעשטשאַנעס (mieszczanie). די יידן ווערן באַפרייט פון אַלע אָפּצאָלן אַ חוץ פאַר זאַלץ און וואַקס. ס׳איז משער צו זיין, אַז די צאָל יידן האָט זיך דאַן קאַנטיק פאַרגרעסערט אין לודמיר.

אין די יאָרן 1548—1572, גייען אַריבער די לודמירער יידן, ווי אַלע וואָלינער יידן, צום רשות פון פוילישן קעניג און דערמיט ווערן זיי יורידיש אויסגעגלייכט מיט די יידן פון פוילן.

## ועד ארבע ארצות

בכדי צו פאַרשטייען די געשיכטע פון לודמירער יידנטום אלס טייל פון יידנטום אין פוילן, און בכדי צו פאַרשטיין דורך וועלכע אופנים עס האָבן די לודמירער רבנים אויסגע־ווירקט זייער השפעה אויפן יידישן גייסטיקן לעבן אין פוילן — מוזן מיר ווידמען אייניקע ווערטער דעם ועד ארבע הארצות, די אויטאָנאָמע קערפּערשאַפט פון פוילישן יידנטום, אין משך פון בערך 200 יאָר.

נישט די טובה פון די יידן האָבן די פוילישע קעניגן געהאַט אין זינען ווען זיי האָבן דערלויבט, אַז די פוילישע יידן זאָלן האָבן אַן אויטאָנאָמע פאַרוואַלטונג אין אַלע זייערע אינעווייניקסטע ענינים, און עס זאָלן פאַרקומען רעגלמעסיקע צוזאַמענפאָרן („אסיפות") פון די רעפּרעזענטאַנטן פון די גרעסטע יידישע קהילות אין פוילן; די פוילישע קעניגן האָבן דערלויבט די עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער קערפּער־שאַפט, בכדי צו שאַפן און אָרגאַניזירן אַן אינסטרומענט, וואָס זאָל זיין ביכולת אויפצומאָנען די קעניגלעכע שטייערן וואָס האָבן געדאַרפט צאָלן די יידן, צוואָרפענע איבער שטעט און שטעטלעך, איבער גאַנץ פוילן.

די יידישע קהילות, אָרגאַניזירטע אין ועד ארבע הארצות (פאַרשטייערשאַפטן פון די פיר פוילישע פּראָווינצן) האָבן איבערגענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטונג אויפצו־מאָנען ביי אַלע יידן די קעניגלעכע שטייערן. די קעניגן פלעגן זיך, געוויינטלעך, ניט מישן אין דעם ווי אַזוי די קהילות מאָנען אויף די שטייערן.

דער ועד ארבע ארצות האָט מיט דער צייט פאַר־גרעסערט זיין השפעה, הן כלפי דער רעגירונג, און הן כלפי די יידן, אין די ענינים פון שולן, פון רבנים, פון יידישן חינוך. ער איז געוואָרן די אַלגעמיין אָנערקענטע יידישע פאַרשטייערשאַפט.

די יידישע קהילות אין פוילן האָבן די דאָזיקע פאָרם פון אָרגאַניזירן זיך אָנגענומען זייער גערן, ניט אַזוי צוליב די אויסערלעכע סיבות (שטייערן) נאָר בעיקר צוליב די אינערלעכע סיבות. והא ראיה: די דאָזיקע צוזאַמענטרעפן פון די ועדי־הקהילות, זענען פאַקטיש פאָרגעקומען אַ סך יאָרן פריער, איידער זיי זענען נאָך אָפיציעל דערלויבט און באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט.

די פרנסים פון די קהילות אין פוילן פלעגן זיך צוזאַ־מענקומען פון צייט צו צייט אויף ירידים, בכדי אויסצואַרבעטן בשותפותדיקע תקנות פאַר אַלע קהילות, בכדי איינצושטעלן די באַציאונגען צווישן די גרעסערע קהילות מיט די קלענערע קהילות, בכדי אויפצושטעלן העכערע בתי־דין, וואָס זאָלן משפטן ענינים, וועלכע זענען אַרויס פון די סאַנקציעס פון קלענערע לאָקאַלע בתי־דין, ווי אויך בכדי צו שיקן שתדלנים צום קעניג בעטן ביי אים פאַרשיידענע „פּריווילעגיעס" און שוץ אַנטקעגן די שטאָטפאַרוואַלטונגען און גלחים, וואָס האָבן פאַרפאָלגט די יידן.

אַזאַ צוזאַמענטרעף־פּונקט איז בעת דעם 16־טן יאָר־הונדערט געוואָרן די שטאָט לובלין, וואָס האָט זיך געפונען אויפן גרענעץ צווישן פוילן און ליטע. דאָרטן פלעגן יאָר־יערלעך פאָרקומען ירידים אין חודש פעברואַר (שבט—אדר). צו די ירידים פלעגן קומען סוחרים פון ליטע און פון פוילן; דאָרט פלעגן זיך צונויפקומען די רבנים און די פרנסים פון די קהילות.

עס איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווען דער ועד ארבע ארצות האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט.

עס איז באַקאַנט, אַז לכתחילה האָט ער אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַלס „ועד שלוש ארצות" (גרויס־פוילן — פּויזן; קליין־פוילן — קראָקע; רייסן — לעמבערג). אַזאַ צוזאַמענטרעף איז שוין פאָרגעקומען אין די צייטן פון קעניג זיגמונד דעם ערשטן אַרום 1514.

שפּעטער איז צוגעקומען ליטא, האָט דער ועד אָנגערופן זיך ועד ארבע ארצות; דאַן איז צוגעקו־מען וואָלין (אָסטראָ אָדער לודמיר), און ליטע איז צוליב פאַרשיידענע סיבות אָפּגעטראָטן.

עס ווערט דערמאָנט אין די פוילישע דאָקומענטן וועגן אַזאַ צווישנלענדישן רבנישן צוזאַמענקונפט אין פוילן אין יאָר 1533.[6]

אין יאָר 1540 האָט אַזאַ צווישנלענדישער רבנישער בית־דין באַקומען אפילו אַ לעגאַליזאַציע מצד דער פוילישער מאַכט.

די דאָזיקע ירידים־צוזאַמענפאָרן פלעגן פאָרקומען אַלץ עפטער, און זענען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַבילע אינסטיטוציע.

אין 1580 האָט דער „ועד ארבע ארצות" שוין פאָר־געשטעלט מיט זיך די צענטראַלע יידישע אויטאָנאָמיע פון פוילן.

זיין נאָמען איז אָפּהענגיק געווען פון דער צאָל לענדער וואָס האָבן זיך אין אים באַטייליקט: „ועד שלוש ארצות", „ועד ארבע ארצות", „ועד חמש ארצות". זייט ליטע איז אַרויס פון ועד (1629) איז זיין סטאַבילער נאָמען געבליבן „ועד ארבע ארצות".

אין ועד פלעגן זיך באַטייליקן סיי די רבנים און סיי די פאַרשטייער פון די חשובסטע קהילות (די פרנסים, וועלכע פלעגן געוויינטלעך געוויילט ווערן איין מאָל אין יאָר, חול־המועד פסח).

די ועדים פלעגן זיך צונויפקומען, געוויינטלעך, אין לובלין, צווישן פורים און פסח, און אין יאַראָסלאַוו, סוף זומער (ד.ה. אין דער צייט ווען דאָרטן זענען פאָרגעקומען די ירידים).[7]

די ועדים פון יעדער פּראָווינץ (ארץ), פלעגן פאַרן אַלגעמיינעם צוזאַמענטרעף, זיך צונויפקומען אויף אַ ארץ־צוזאַמענטרעף (אַזוי ווי די פוילישע סיימיקעס פלעגן זיך צונויפקומען פאַרן אַלגעמיינעם לאַנד־סיים). אין יאָר 1594 האָט דער ועד ארבע ארצות באַשטימט, אַז אַלע ספרים וואָס דרוקן זיך אין פוילן, קענען דערשיינען נאָר אויב זיי באַקומען הסכמות פון באַקאַנטע רבנים; פלעגן טאַקע רבנים פון גאַנצן לאַנד קומען צו די אסיפות פון ועד ארבע ארצות בכדי דאָרט אויפן אָרט באַקומען די הסכמות פון די חשובסטע רבנים.

(פון די דאָזיקע הסכמות, אויף וועלכע דער רב, דער מסכים, פלעגט אונטערשרייבן אויך דעם נאָמען פון דער

שטאָט פון זיין רבנות — דערוויסן מיר זיך אַ סך נעמען פון לודמירער רבנים).

לודמירער רבנים און פרנסים האָבן זיך באַטייליקט אין אַ סך אסיפות פון ועד ארבע ארצות. אין דער צייט ווען רב יום טוב ליפמאַן העלער איז געווען לודמירער רב, איז אים געלונגען דורכצופירן אויף דער אסיפה וואָס איז פאָרגעקומען אויפן יאַראָסלאַווער יריד אין 1640, די באַנייאונג פון דער תקנה, וואָס פאַרווערט קויפן רבנות דורך דער מיטהילף פון דער מאַכט.

אין יאָר 1736 האָט די פוילישע גענעראַל־פעדעראַציע באַשלאָסן אראָפּצוּוואַרפן דעם אויטאָריטעט פון ועד ארבע ארצות און צוגענומען ביי אים דאָס רעכט צו זאַמלען דעם קעניגליכן שטייער, וואָס איז פון דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָפּ־שטייער פאַר יעדן יידן. אָבער אויך נאָכדעם, פלעגן די רבנים זיך צונויפקומען אויף ירידים און אננעמען אלגעמיינע באַשלוסן. פאַקטיש איז דער ועד ארבע ארצות מבוטל געוואָרן לחלוטין אין די יאָרן 1764, נאָך אַן עקזיסטענץ פון איבער 200 יאָר. [8]

# רבנים אין לודמיר



הגאון מהרש״ל

## הרב ר׳ יצחק בצלאלס (1542—1576)

דער ערשטער רב אין לודמיר:

פון מיטן 16־טן יאָרהונדערט דערגייט צו אונז, צום ערשטן מאָל, אַ נאָמען פון אַ לודמירער רב, וועלן מיר אים אָנרופן דער ערשטער לודמירער רב — הרב ר׳ יצחק בצלאלס (בן ר׳ בצלאל), איינער פון די באַקאַנטע חכמי התורה אין מיטן פון 16־טן יאָרהונדערט. [9]

אין זיינע צייטן האָט עקזיסטירט אין לודמיר אַ ישיבה גדולה און ער איז געשטאַנען בראש פון איר. ער איז געווען פאַרעכנט אלס בר־סמכא ביי אלע גדולים פון זיין צייט.

ר׳ שלמה לוריא (מהרש״ל) פלעגט אים שיקן זיינע תשובות און ער, ר׳ יצחק, פלעגט זיי באשטעטיקן מיט זיין חתימה. די רבנים פון זיין צייט פלעגן אים אָנרופן „גאון״. ער איז זייער געשעצט געוואָרן אין די תשובות פון ר׳ משה איסרליש (הרמ״א) און ר׳ יוסף כ״ץ (מחבר פון „שארית יוסף״, ראש־ישיבה אין פראג איבער 50 יאָר).

ר׳ יצחק בצלאלס האָט פאַרפאַסט הגהות אויפן ש״ס, אויפן ראַ״ש, און אויפן מרדכי („כלילת יופי״ חלק א).

הרב ר׳ יצחק בצלאלס אין געווען רב אין לודמיר, וואַרשיינלעך אין די יאָרן 1547—1570 (און מעגלעך אין די יאָרן 1540—1570).

אין טאָכטער זיינע האָט חתונה געהאַט מיטן הרב המפורסם ר׳ אברהם פולאַק, און די אנדערע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיטן לודמירער נכבד ר׳ שמואל הלוי. פון זיי זענען אים געבוירן געוואָרן צוויי אייניקלעך וואָס האָבן פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין יידישן לעבן פון יענער צייט:

א) ר׳ דוד, דער פוסק מפורסם, מחבר פון „טורי זהב״ (ד.ה. דער בעל הט״ז), אַ גרויסע פערזענלעכקייט און אויטאָריטעט אין רעליגיעזן יידישן לעבן, אין יענער צייט און אויך אין שפּעטערע דורות. (שמ״ו—1586 — תכ״ז—1667). [10]

ב) ר׳ יצחק הלוי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ בולטע פערזענלעכקייט אין דער לעמבערגער קהילה, מחבר פון „שיח יצחק״ (וועגן העברעאישן דקדוק), „ברית הלוי״, „באר עשק״, „יראת רחובות״, „שו״ת מהר״י לוי״, „חידושי מהר״י לוי״.

## לודמירער רבנים אויפן גרענעץ פון 16־טן און 17־טן יאָר הונדערט

אין סוף פון 16־טן יאָרהונדערט, אנהויב 17־טן יאָרהונדערט טרעפן מיר 4 נעמען אלס רבנים און ראשי ישיבות אין לודמיר: 1) הרב ר׳ משה („מטה משה״ — 1606); 2) ר׳ אפרים נפתלי ברבי יוסף יונה (1622); 3) הרב ר׳ מנדל ר׳ אביגדורש (1559—1590); 4) הרב הגאון ר׳ יהושע פאלק הכהן, באַקאַנט אין דער יידישער וועלט א.נ. **דער סמ״ע.**

### הרב ר׳ משה (דער „מטה משה״) „משה מת־ (1590—1606)

דער לודמירער רב הרב ר׳ משה (דער „מטה משה״) תלמיד פון רש״ל איז געווען דער איידעם פון נדיב ר׳ שמואל הלוי (ד.ה. זיין פרוי איז אַן אייניקל פון ערשטן לודמירער רב ר׳ יצחק בצלאלס). ער איז אויך געווען ראש־ישיבה אין לודמיר.

ער איז געווען איינער פון די 30 **רבנים וואָס האָבן** אין יאָר ש״ן (1590) געחתמעט אויף דער תקנה, **אז קיין רב** זאָל ניט קויפן פאַר געלט זיין רבנות; **די תקנה איז שפּעטער**

באנייט געוואָרן אויף דער יאַראָסלאַווער אסיפה פון ועד ארבע ארצות, אין יאָר ת' (1640), אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון ר' יום טוב ליפמן העלער, וואָס איז דעמאָלט געווען רב פון לודמיר. אין דעם כרוז פון יאַראָסלאַוו, ווו עס ווערן דערמאָנט די נעמען פון אַלע 30 אונטערגעשריבענע רבנים אין יאָר 1590 איז זיין נאָמען אנגעגעבן „ר' משה מת". [11]

ער האָט זיך באַטייליקט אין יאָר שס"ג (1603) אין אַן אסיפה פון ועד ארבע ארצות, ווו ס'זענען אָנגענומען געוואָרן תקנות צו רעגולירן דאָס ארויסגעבן נייע ספרים „לפקח על עסקי הדפסת הספרים החדשים שמקרוב באו". [12]

פון זיינע כתבים איז באַקאַנט דער ספר „מטה משה", ווו עס ווערן באהאַנדלט מנהגים פון יידישן לעבן אין פוילן אין צווייטן העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט (דערשינען אין יאָר 1591).

ער איז אויך דער מחבר פון ספר „הואיל משה" (אַ ספר פון דרושים; דערשינען אין יאָר 1616).

נאָך לודמיר איז ער געווען רב און אב"ד אין פּרעמישל, רב און אב"ד אין לובאַוויל פון וואָלין, און רב אין קהילה אַפּט (קראָקאָווער גליל).

נפטר געוואָרן אין יאָר 1606.

**הרב ר' מנדל ר' אביגדורש** (1590—1595)

הרב ר' מנדל רבי אביגדורש (רבי ישעיהו מנחם מנדל בן יצחק) איז געווען רב אין לודמיר בערך אין די יאָרן 1590 (ש"ן).

פאַר לודמיר איז ער געווען רב אין שעבערשין; נאָך לודמיר אין ער געווען רב אין קראָקע (וואַרשיינלעך פון יאָר 1595 א.וו.). [13]

עס איז באַקאַנט, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין רבנים־כינוס וואָס איז צושטאַנד געקומען בשעת דעם גראַ־מניצער יריד פון לובלין (1587), און וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַן איסור צו קויפן רבנות פאַר געלט. [14]

שפּעטער באַטייליקט ער זיך שוין אלס רב פון קראָקע, אין דער אסיפה פון יאַראָסלאַוו (1597), ווו דער איסור איז באַנייט געוואָרן.

ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אסיפה פון ועד ארבע ארצות וואָס איז פאָרגעקומען אין יאַראָסלאַוו אין יאָר שנ"א (1591). [15]

ער איז דער מחבר פון די ספרים: „ספר עמודי הגולה", „ספר מצות קטן" (סמ"ק), „באורים כבדו ה'", „תיקון שטרות".

נפטר געוואָרן אין יאָר 1595.

זיין זון ר' משה ר' מנדלס איז געווען רב אין לודמיר אין יאָר 1619.

**ר' אפרים נפתלי בר' יוסף יונה** — (1622)

אין יענע צייטן איז געשטאַנען בראש פון לודמירער ישיבה ר' אפרים נפתלי ברבי יוסף יונה. ער איז נפטר געוואָרן אין לודמיר אין יאָר 1622 (כ"ה תמוז שפ"ב).

זיין זון איז הרב ר' יעקב, אב"ד בריסק דליטא און לובלין; זיין אייניקל איז געווען הגאון ר' יהושע העשל, רב אין לובלין און קראָקע.

מיר וועלן דאָ איבערגעבן דעם גענעאַלאָגישן בוים פון ר' אפרים נפתלי בר' יוסף יונה.

ר' יונה
רב פוסק
(בעל „איסור והיתר הערוך").

ר' קלונימיס קלמן

ר' יונה — (1558)
(אב"ר אוסטרה ומדינת רוסיה הקטנה).

ר' קלונימוס קלמן
בעל מקובל (קראָקע — 1578).

ר' אפרים נפתלי הלודמיראי
נפטר געוואָרן אין לודמיר 1622
(ראש ישיבה פון לודמיר)

הרב ר' יעקב
(אב"ד בריסק דליטא, 1630; אין לובלין 1644).

הגאון ר' יהושע העשל
פון קראָקע
(רב אין לובלין און קראָקע — 1663).

**ר' יהושע פאלק** (בר' אלכסנדר) **בעל הסמ"ע** — (1595—1614)

נאָך דעם ווי ר' ישעיהו מנחם מנדל (ר' אביגדורש) פאַרלאָזט לודמירער רבנות (אַן ערך 1595) און איז אַוועק צו פאַרנעמען קראָקאָווער רבנות, איז געוואָרן רב אין לודמיר הרב הגאון ר' יהושע פאלק, וואָס איז געווען באַקאַנט אלס איינער פון די גאונים און פוסקים פון זיין דור. [16]

ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין גרויסן חיבור איבערן שולחן ערוך אין די פיר חלקים: די ערשטע דריי חלקים רופן זיך אַן צוזאַמען „בית ישראל", און דער פערטער חלק, וואָס איז ספּעציעל באַקאַנט געוואָרן אין דער יידישער וועלט, רופט זיך אַן „ספר מאורת עינים". דער ספר איז געווארן אַזוי באַקאַנט אין דער יידישער וועלט, אַז זיין מחבר איז בעיקר באַוווּסט ניט מיט זיין פּערזענלעכן נאָמען ר' יהושע פאלק, נאָר מיט דעם ראשי־תיבות פון זיין חיבור — דער „בעל הסמ"ע".

ס'איז משער צו זיין אַז ער איז געווען רב אין לודמיר אין די יאָרן 1595—1607. [17]

אין יאָר ש"ז (1587) איז ער געווען איינער פון ראשי־החותמים אויפן איסור צו קויפן רבנות פאַר געלט. אין יאָר שס"ג (1603) באַטייליקט ער זיך אין דער רבנים־אסיפה בנוגע דעם פיקוח אויף נייע ספרים.

**ר' זונוויל מלודמיר** (1595)

אין דער דיינים־רשימה פון „יריד גראַמניץ" געפינט זיך אויך אַ נאָמען פון אַ לודמירער ייד, ר' זונוויל. [18]

**הרב יהודה ליב ברבי הינוך אלטשול** — (1603—1612)

אין יאָר שע"ב (1611—1612) איז געווען רב אין לודמיר הרב ר' יהודה ליב (ברבי הינוך אלטשול). געווען אַ תלמיד פון לודמירער רב ר' יצחק בצלאלס.

ער האט מחבר געווען שאלות ותשובות און חיבורים אויפן תלמוד. עד האט געגעבן אפטע הסכמות אויף ספרים: ספר מצוות הגדול, [15] ביאורי סמ"ג, „מקור חכמה", „טל אורות", „שיח יצחק" [19].

פון א שאלות־תשובות (ב"ח הישנות, סימן ע') איז צו זען, אז אין זיין צייט זענען אין לודמיר געווען 3 דיינים: ר' שמואל זיידל אשכנזי, ר' צבי הירש בהר"ש מרגליות און ר' מאיר בר' נתן.

פון אים האט אפגעשטאַמט אַ גאַנצע קייט פון רבנים וואס האבן פארנומען במשך פון דורות דעם כסא הרבנות אין קהילות פון דייטשלאַנד.

מיר גיבן דא איבער דעם יחוס־בוים פון 6 דורות, אנהויבנדיק פון זיין פאטער, ר׳ הינוך אלטשולער.

**ר׳ הינוך אלטשולער, ירושלמי** (פון די פראגער רבנים)

| | |
|---|---|
| **הרב ר׳ יהודה ליב** | **ר׳ אברהם דוד דפוזנא** |
| הענאכס־אלטשול, רב בלודמיר. (1612—1611) רב אב״ד בפוזנה (1620). | ר׳ חנוך בר׳ אברהם אהרון (1659—1600) „ויכוח יוסף והשבטים״, „נחלת יצחק״, „קינות על גזירות ת״ח ות״ט״. דרשן אין פויזן, רב אב״ד אין גניעזנא, רב אין אייטינגן, (1659). |
| ר׳ משה הינוך ירושלמי — (1620—1611) | **הרב יהודה ליב** |
| ר׳ וולף אלטשולר—(1648) (בעל „עמוד האש״, „אש להאיר״, „משנת חסידים״). | רב אין פאפערשא (שנייטשאך). |

הרב הינוך
(דער צווייטער) 1708
רב אין שנייטשאך;
„ראשית ביכורים״, „חינוך בית יהודה״ ופרסום
חיבורים של סבא דסבא ר׳ יהודה ליב בר׳ הינוך
אלטשולר, (1708).

**הרב ר׳ משה ר׳ מנדלס** (1619).

אין יאר 1619 (שע״ט) איז געוועזן רב אין לודמיר הרב ר׳ משה מנדלס[20], אַ זון פון לודמירער רב הרב ישעיהו מנחם מנדל בר יצחק (ר׳ מנדל ברבי אביגדורס). ער איז געוועזן צווישן די מפורסמים אין זיין דור.[20]

ער איז ניט געוועזן לאנג רב אין לודמיר. אין יאר 1622 (שפ״ב) איז ער שוין געוועזן רב אין פראג (אויפן פלאַץ פון הרב בעל ה„של״ה״, וועלכער איז דאן עולה געוועזן קיין ארץ ישראל), און נאכדעם איז ער געוועזן רב אין קראקע (שצ״ה—1635). שפעטער רב אין פויזן ווו ער איז נפטר געווארן. אין יאר שצ״ט (1639) אנטייל גענומען אין דער אסיפה פון די רבנים פון ועד ארבע ארצות, צוזאַמען מיטן תוספות יום טוב, וואָס איז געוועזן רב אין לודמיר.

**צוויי רבנים אין די ערשטע צענדליקער פון 17־טן יאָרהונדערט.**

פון פארשיידענע ספרים און הספדים דערגייען ידיעות וועגן צוויי רבנים אין לודמיר, אין די ערשטע צענדליקער יארן פון 17־טן יאָרהונדערט:

א. **ר׳ מאיר ב״ר יוסף**
וואָס איז געוועזן פריער רב אין אסטראה און שפעטער רב אין לובלין און לעמבערג (שצ״ח — 1638). אין צייט ווען ער איז געוועזן רב אין אסטראה איז דאָרטן געוועזן ראש הישיבה דער בעל השל״ה.

ב. **ר׳ נחום**
זיין טאָכטער ביילע האָט חתונה געהאַט מיט הרב מאיר וואהל פון בריסק, דעם זון פון הרב שאול וואהל (וואָס איז געוועזן אַ טאָג קעניג אין פוילן).



**ר׳ יום־טוב ליפמאן העלער („תוספות יום־טוב״)**
**(1654—1579)**

אין די יארן 1634—1642 איז רב און אב״ד פון לודמיר געוועזן ר׳ יום־טוב ליפמאן העלער, דער בעל „תוספות יום־טוב״, איינער פון די גרעסטע רבנים פון זיין דור.

די יאָרן פון זיין רבנות אין לודמיר זענען געוועזן באַגלייט מיט א דראמאטישן קאָנפליקט צווישן אים און א טייל גבאים פון לודמיר. דער דאָזיקער קאנפליקט איז פאראייביקט געוואָרן אין זיין אויטאָביאָגראַפישן ספר „מגילת איבה״ („די מגילה פון פיינטשאפט״), און איז געבליבן אין זכרון פון פוילישן יידנטום בכלל און פון לודמירער יידנטום בפרט.

אין די יאָרן פון „תוספות יום־טוב״ איז לודמיר געוועזן איינע פון די ערשטע קהילות אין גאנץ וואלין; עס זענען דאן געוועזן אין וואלין נאָך דריי גרויסע קהילות: אוסטרא, קרעמעניץ און לוצק.

געבוירן אין וואלערשטיין (בייערן), 1579 (של״ט).

דאָס לעבן פון ר׳ יום־טוב ליפמאן העלער איז געוועזן שטורמיש און פול מיט דראַמאַטישע איבערלעבונגען.

צו 18 יאר איז ער שוין געוועזן דיין אין פראג. שפעטער רב אין ניקלסבורג (שפ״ט), און דאן רב אין פראג (1627). ס׳איז געוועזן די יארן פון דער דרייסיק־יאריקער מלחמה (1618—1648) און די יידן פון באהעמיע בכלל און פון פראג בפרט זענען געוועזן געצוואונגען דאן צו צאלן גרויסע שטייערן פאר דער רעגירונג (40.000 גילדן אַ יאר). בכדי צו דעקן דעם שטייער האָט די פראגער קהילה געשאַפן אַ ספעציעלע שטייער־קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אָפשאַצן די שטייערן וואָס זאָלן ארויפגעלייגט ווערן אויף די יידישע תושבים פון פראג. בראש פון דער אָפשאַצונגס־קאָמיסיע איז געשטאַנען ר׳ יום־טוב ליפמאן העלער.

א פאר אומצופרידענע מיט די שטייערן וואָס זענען אויף זיי ארויפגעלייגט געווארן, האָבן פאַרקלאָגט די קאמיסיע צו דער רעגירונג, ווי אויך פאַרמסרט, אַז אין די ספרים פון ר׳ יום־טוב ליפמאן העלער („מעדני מלך״ און „לחם חמודות״) האָט ער זיך אויסגעדריקט שלעכט קעגן דער רעגירונג און קעגן קריסטנטום. ער איז ארעסטירט געוואָרן (שפ״ט—1629) און איז געבראַכט געוואָרן אין קייטן קיין ווין. דאָרט איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר א געריכט פון קאַטוילישע גלחים, וואָס האָבן אים פאַרמשפט צום טויט. זיי האָבן אויך ארויף־געלייגט א חרם אויף זיינע ספרים. נאָך גרויסע השתדלות מצד די נכבדים פון פראגער קהילה איז אָפגעשאַפן געוואָרן סיי דער טויט־אורטייל און סיי דער חרם. ס׳איז אים אבער פארווערט געווארן צו זיין רב אין פראג. סך הכל איז ער געזעסן אין תפיסה 40 טעג. דאן איז ער אוועק אין נעמיראוו (פאַדאליע), ווו ער איז געווארן רב.

אין יאר שצ״ד (1634) איז ער גערופן געווארן צו זיין רב אין לודמיר.

אלס רב פון לודמיר האָט ער זיך באַטייליקט אין נאָמען פון וואלינער יידנטום אין די אסיפות פון ועד ארבע ארצות וואס זענען צוזאַמענגעקומען אין די יארן 1636 (שצ״ו), 1639 (שצ״ט), 1640 (ת), 1641 (ת״א), 1642 (ת״ב).

ער האָט דאָרט שטארק מיטגעווירקט און משפיע געווען אויף די רבנים פון ועד ארבע ארצות צו פארשטארקן און

פאַרפעסטיקן די תקנות און די חרמות וואָס זענען נגזר געוואָרן נאָך אין שמ"ז (1587) אויף די וואָס קויפן איין זייער רבנות־שטעלע ביי דער מאַכט. ער האָט געהאַלטן די תקנה זייער וויכטיק פאַרן אינערלעכן יידישן לעבן און פאַר דער גייסטיקער אויטאָריטעט פון רב, וואָס איז געוויילט געוואָרן דורך דער יידישער קהילה און נישט נאָמינירט געוואָרן פאַר געלט פון דער ניט־יידישער מאַכט.

ס'איז דאַן געווען אַן אָפטע דערשיינונג, אַז די אָרטיקע מאַכט (די וואָיעוואָדעס און די סטאַראָסטעס), פלעגן פאַר־קויפן די רבנות־שטעלעס צו מענטשן, וואָס זענען דערצו נישט געווען ראוי. ווער עס האָט געוואָלט זיין אַ רב אין אַ גרויסער קהילה האָט באַדאַרפט זיין אַ גביר, ווייל קריגן די רבנות האָט אים באַדאַרפט פיל געלט קאָסטן. מיטן נעמען געלט פאַר רבנות האָט מען פאַקטיש געשלאָסן די טירן פאַר אַן אָרעמען גאון.

ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער, האָט געפּאָדערט און משפיע געווען אַז עס זאָל אַרויסגעלאָזט ווערן אַ חרם סיי אויף די רבנים וואָס קויפן זייער שטעלע און סיי אויף די קהילות וואָס לאַדען איין אַזעלכע געקויפטע רבנים.

אין יאָר 1635 (שצ"ה) אין פאַרגעקומען אין ווישניעוויעץ אַן אסיפה פון די הויפּט פיר קהילות פון וואָלין (לודמיר, לוצק, אָסטראָהא און קרעמעניץ). דאָרט האָט ער געפּועלט אַז ס'איז אָנגענומען געוואָרן די תקנה וועגן פאַרווערן איינקויפן רבנות פאַר געלט.

אין יאָר ת' (1640), האָט ער פאַרגעבראַכט אויף דער אסיפה פון ועד ארבע ארצות דעם דאָזיקן פאַרשלאַג אין נאָמען פון וואָלינער ועד. די תקנה איז אָנגענומען געוואָרן.

די באַנייטע תקנה איז עפנטלעך געמאָלדן געוואָרן אין אַלע יאַראָסלאַווער בתי־כנסת[21]. בשעת דעם גראַמניץ־יריד פון 1641 איז די תקנה ווידער באַשטעטיקט געוואָרן[22].

ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער האָט אין זיין גליל שטרענג אָפּגעהיט די תקנה און נישט באַשטעטיקט קיין רבנות־שטעלע וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן פאַר געלט[23].

דאָס האָט אין לודמיר אַרויסגערופן קעגן אים אַ סך שונאים וועלכע האָבן אים פאַרמסרט פאַר דער מאַכט.

אין יאָר ת"ג (1643) האָבן זיינע קעגנער אים פאַרמסרט פאַרן קרייז־סטאַראָסטע (נאמן המחוז). ער האָט אויף אים גוזר געווען גירוש. אָבער אַ דאַנק דער השתדלות פון די גרעסטע יידישע נכבדים אין וואַרשע איז דער גירוש בטל געוואָרן[24].

אין יאָר 1644 (ת"ד) פאַרלאָזט ער לודמיר און נעמט איבער די הויפּט־רבנות אין קראָקע (נאָכן פאַרשטאָרבענעם ר' יואל סירקיס), און אין יאָר 1647 (נאָכן טויט פון ר' יהושע העשל) איז ער געוואָרן דער ראש־ישיבה פון קראָקע.

דאָרט אין קראָקע האָט ער געלעבט ביזן סוף פון זיינע יאָרן און איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1654.

ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער האָט איבערגעלאָזן, ווי באַקאַנט, זיין אויטאָביאָגראַפישן בוך „מגילת איבה", ווו ער האָט באַשריבן זיינע פאַרפאָלגונגען און זיינע צרות, אָנהויבנ־דיק פון דער מסירה אין פּראָג און ענדיקנדיק מיט זיין פאַרלאָזן לודמיר און גיין קיין קראָקע.

(דאָס בוך איז דערשינען אין דרוק ערשט אין אַ 200 יאָר אַרום. צום ערשטן מאָל איז עס דערשינען אין יאָר 1836, מיט באַמערקונגען אין דער דייטשער איבערזעצונג. שפּעטער איז דאָס בוך פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן אין ווין, ווילנע און וואַרשע).

אין די יאָרן פון זיין רב אין לודמיר האָט ער געגעבן אַ הסכמה אויפן ספר „קול יהודה", בשעת דעם יריד פון 1639.

ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער איז געוואָרן רב אין קראָקע אין די שוידער־יאָרן פון חמיעלניצקי (גזירות ת"ח ות"ט — 1648־1649). דאַן, אין יענע פּאָגראָם־יאָרן האָבן אַ סך פרויען פאַרלאָרן זייערע מענער און געבליבן עגונות. ער האָט אַ סך געטאָן בכדי צו מתיר מאַכן די עגונות.

ער האָט אויך מחבר געווען אַ ריי סליחות און אַ תפילה אל מלא רחמים לזכר פון די ת"ח ות"ט קדושים (זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן א.נ. „סליחות ליום כ' סיון", קראָקע ת"י. — (1650)

זיינע ווערק זענען געשריבן אין אַ ריינעם העברעאיש אין אַ שיינעם סטיל, און זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער לאָגישער קלאָרקייט. פון זיי איז קלאָר אַז ער האָט געהאַט קענטענישן אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און נאַטור־וויסנשאַפט.

פון זיינע חיבורים איז אַממייסטן באַקאַנט זיין פירוש צו דער משנה א.נ. „תוספות יום־טוב".

אַ חוץ דעם האָט ער אָנגעשריבן אַ סך חיבורים וואָס זענען פיל מאָל דערשינען, ווי אויך אַ סך חיבורים וואָס זענען געבליבן אין כתב־יד.

ס'זענען זייער באַקאַנט זיינע ספרים „מעדני מלך" און „לחם חמודות" (פירוש אויף די השגות פון הרא"ש). דער נאָמען „מעדני מלך" אין שפּעטער געביטן געוואָרן אויף „מעדני יום־טוב" (צוליב דער מסירה, אַז אין „מעדני מלך" האָט ער באַליידיקט דעם קייזער פערדינאַנד דעם צווייטן).

ער האָט אַרויסגעגעבן דעם ספר „ארחות חיים" (די צוואה פון ראַ"ש) מיט אַן איבערזעצונג אויף יידיש בכדי די פרויען זאָלן עס קענען לעזן.

ער האָט פאַר די פרויען אַרויסגעגעבן אַ ספר „ברית מלח" (די דינים פון זאַלצן פלייש) אויף יידיש.

ער האָט אָנגעשריבן אַ באַזונדער ספר מיטן נאָמען: „דרכי הוראה" מיטן צוועק צו פאַרשטייען די דינים בנוגע וועלכע ס'זענען פאַראַן מחלוקת צווישן די פוסקים. דאָרטן האָט ער געוואָלט אַרויסטרעטן קעגן דעם צופיל פּלפּולדיקן לערנען פון די פּוילישע רבנים. דער ספר איז געבליבן אין כתב־יד (מעגלעך אַז אָנקומענדיק אַלס רב קיין פּוילן, נאָכן פאַרלאָזן פּראָג, האָט ער ניט געוואָלט אַרויסרופן מיטן ספר קיינע תרעומות קעגן זיך מצד די פּוילישע רבנים).*

ס'זענען פון אים געבליבן אַ ריי הסכמות אויף ספרים, צווישן זיי אויך געשריבענע אין די יאָרן ווען ער איז געווען רב אין לודמיר[25].

* זע פּרטים וועגן זיינע ספרים: אנציקלופדיה לתולדות גדולי ישראל עמ' 727—731.

ס'איז געווען אַ שטורמישע נאַטור פון אַ גרויסן געלערנטן, באַשאַנקען מיט אַ דינאַמישן כוח פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער.

**הרב ר' יחזקאל בר' משה יעקב** (1645).

ער איז געווען רב אין לודמיר גלייך נאָך תוספות יום־טוב. מען ווייס וועגן אים נאָר עטלעכע פּרטים: אין 1645 גיט ער אַ הסכמה אויף דער הדפסה פון שולחן־ערוך יורה־דעה; צווישן די הסכמה־געבערס געפינען מיר 18 נעמען פון רבנים מפורסמים, צווישן זיי דער תוספות יום־טוב (וועלכער איז שוין געווען דאַן רב אין קראָקע).

(מעגלעך אַז הרב אהרון יעקב, אב"ד אין לודמיר אין יאָר 1669 איז געווען זיין זון).

## יאָרן פון רדיפות און פאַרפאָלגונגען גזירות ת"ח ות"ט

די בלוטיקע יאָרן פון באָגדאַן חמעלניצקי, די גזירות ת"ח ות"ט (1648־1649) האָבן זיך זייער שווער אָפּגערופן אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון לודמיר.

טויזנטער לודמירער יידן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן דורך חמעלניצקיס קאָזאַקן; אַ סך האָבן אויסגעוואַנדערט פון לודמיר.

דער היסטאָריקער פון יענער תקופה נתן נטע האַנאָווער שרייבט אין זיין „יוון מצולה": „אויך אין דער מדינה פון וואָלין, אין ק"ק לודמיר און אין ק"ק לובעמלא און אין ק"ק לוצק און אין ק"ק קרעמעניץ און זייער אומגעגנט האָבן זיך געמאַכט גרויסע הריגות פון עטלעכע טויזנטער מענטשן".

די לודמירער קהילה איז דאַן געוואָרן זייער קליין. עס איז באַקאַנט, אַז אין יאָר 1649 זענען געבליבן אין לודמיר נאָר 39 יידישע משפחות.

**ר' יעקב קאָפּל מרגליות, בעל „קול יעקב" —**

פון יענע ת"ח ות"ט יאָרן דערגייט צו אונז אַ נאָמען פון ר' יעקב קופּל מרגליות פון לודמיר, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון פוילן און איז דערגאַנגען ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

ער האָט געשטאַמט פון דער באַקאַנטער משפחה מרגליות, פון וועלכער ס'האָבן זיך פאַרצווייגט רבנים און לומדים אין דייטשלאַנד, פוילן און רוסלאַנד.

ער איז דער מחבר פון ספר „קול יעקב", ווו ס'איז אויך פאַראַן אַ קינה אויף די יידישע חכמים פון פוילן, קדושים פון גזירות ת"ח ות"ט. אַ חוץ דעם איז ער אויך דער מחבר פון די ספרים „מראות יעקב" און „מזבח יעקב".

**ר' אברהם בן שמואל אשכנזי —**

די ת"ח ות"ט גזירות האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דעם ספר „צער בת רבים" פון אַן אַנדער לודמירער למדן, דער אַפּטייקער ר' אברהם בן שמואל אשכנזי. דער כתב־יד איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין יאָר 1888.

ער איז פאַרטריבן געוואָרן פון פוילן קיין ווענעציע.

## נייע אומגליקן אויפן יידישן ישוב אין לודמיר — (1653—1658).

קוים גייען אַריבער די יאָרן 1648־1649 מיט זייערע חמיעלניצקי שרעק, קומט אָן דאָס יאָר 1653, ווען לודמיר ווערט חרוב דורך ליטווישע חיילות, און דער יאָר 1658, ווען לודמיר ווערט חרוב דורך ליטווישע און אונגאַרישע חיילות. עס בלייבן דאַן אין לודמיר קוים 2 יידישע משפחות.

**הרב שמואל אליעזר בן אפרים נפתלי — (1655).**

פון יענע יאָרן (צווישן ביידע אָנפאַלן אויף לודמיר), דערגייט צו אונז דער נאָמען פון הרב שמואל אליעזר בן אפרים נפתלי, וואָס איז געווען רב אב"ד אין לודמיר אין יאָר 1655; ס'איז אויך באַקאַנט אַז אין יענעם יאָר 1655 האָט ער זיך באַטייליקט אין ועד לובלין.

**הרב נחמן בן שלמה נפתלי — (1664).**

קוים אייניקע יאָר נאָכן חרוב ווערן דורך די אונגאַרישע חיילות, הויבט אָן דער ישוב אין לודמיר ווידער אויפצולעבן.

עס דערגייט צו אונז דער נאָמען פון הרב נחמן בן שלמה נפתלי, וואָס איז געווען רב אב"ד פון לודמיר אין יאָר 1664 (ער האָט געגעבן אין יענעם יאָר זיין הסכמה אלס רב פון לודמיר אויפן ספר „עמודי השיבה" פון הרב בצלאל בן שלמה און ער איז אונטערגעשריבן אלס צווייטער נאָכן ט"ז). שפּעטער איז ער געווען רב אין ווילנע.

**מאיר בן יוסף אשכנזי מלודמיר — (1665—1672).**

צווישן די מנהיגים פון לודמירער קהל אין די יאָרן 1665—1672 געפינען מיר דעם נאָמען פון מאיר בן יוסף אשכנזי (אין פנקס קהל טיקטין זעט מען זיינע חתימות אַלס בורר אין ענינים בשייכות מיט דער קהילה אין טיקטין[26], וואָס האָט געוואָלט דאַן זיין רעפּרעזענטירט אין ועד ארבע ארצות.

**הרב אהרון יעקב — (1669).**

אין יאָר 1669 איז הרב אהרון יעקב ברב יחזקאל געווען רב אב"ד פון לודמיר.

וואַרשיינלעך איז ער געווען אַ זון פון הר' יחזקאל בר' משה יעקב, וואָס איז געווען רב אין לודמיר נאָכדעם ווי ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער האָט די שטאָט פאַרלאָזן.

**ר' אברהם אבעלע חריף, ראש ישיבה פון לודמיר — (1670).**

אין יענע יאָרן איז ראש־ישיבה פון לודמיר געווען רב אברהם אבעלע חריף (בהר"ר בנימין בונעם). שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין הרוביעשאָוו.

זיין משפחה גענעאַלאָגיע:

| | |
|---|---|
| רבי מאיר<br>(מהר"ם)<br>למשפחת ז"ק (זרע קודש) | ר' ישראל<br>אב"ד לוקאטש שבוואלין |
| רבי בונים | מחבר פון ספר<br>„הלכות אדם מישראל"<br>(אין דעם ספר זענען פאַראַן |
| רב אברהם אבעלע חריף —<br>(1670) | חידושים פון זיין זיידן<br>ר' אבעלע חריף וועגן דער |
| רב יעקב הלודמיראי | סוגיא פון „תגרי לוד"). |

**הרב ישראל בן שמואל מטאַרנאָפּאָל — (1670—1678)**

אין די יאָרן 1670—1678 איז געווען רב אין לודמיר, הרב ישראל בן שמואל מטאַרנאָפּאָל, איינער פון די צענטראַלע פערזאָנען אין פּוילישן יידנטום אין יענע יאָרן. פאַר לודמיר

איז ער געוועזן רב אין פינסק, און נאך לודמיר רב אין לוצק (1680).

ער איז ווארשיינלעך געוועזן זייער א רייכער ייד; זיין נאמען ווערט דערמאנט אין צוזאמענהאנג מיט נדבות [27], וואס ער האט געגעבן בכדי צו דרוקן ספרים, ווי אויך אין צוזאמענהאנג מיט הלוואות [28].

אלס רב פון לודמיר האט ער זיך באטייליקט אין לובלינער יריד אין יאר 1671 (ווו מען האט באשלאסן אז די אסיפות זאלן פארקומען 10 קילאמעטער הינטער יאראסלאוו; אין יאר 1673 ווערט ער דערמאנט אין פנקס טיקטין [29], אין יאר 1677 אין פנקס פינטשוב [30].

אין יאר תל״ח (1678) פארנעמט ער איינעם פון די צענטראלסטע אמטן אין פוילישן יידנטום: — אויבערשטער מפקח איבערן יידישן כלל אין גאנץ מלכות פוילן, און פרנס הועד הכללי פון לובלין („המפקח הכללי על כל ישראל בכלל ובפרט בכל מלכות פולין, ופרנס הועד הכללי שנתקיים בלובלין״) [31].

אין זעלבן יאר ווערט ער באשטימט צו זיין א בורר אין א סיכסוך צווישן ועד ארבע ארצות מיטן ועד ליטא [32].

אויף פארשידענע ספרים פון יענער תקופה געפינען זיך זיינע הסכמות [33].

עס געפינט זיך אויך זיין הסכמה אלס ערשטע אויף דער הדפסה פון תנ״ך אויף ידיש (דורך יוסף עטיאש פון אמסטערדאם) [34].

ער איז געוועזן א תלמיד פון ט״ז [35].

## ר׳ אפרים פישל בן אריה ליב מלאדמיר —

ר׳ אפרים שתדלן — נאמן בית ישראל דד׳ ארצות

(1719—1684)

אין די יארן ווען הרב יקותיאל איז געוועזן רב אב״ד פון לודמיר — איז דער פרנס פון לודמיר אין ועד ארבע ארצות געוועזן ר׳ אפרים פישל (ר׳ אפרים שתדלן).

ער האט זיך אפט באטייליקט אין די אסיפות פון ועד ארבע ארצות און איז געוועזן איינער פון די צענטראלסטע געשטאלטן פון פוילישן יידנטום אין זיין צייט.

אין א כתב וואס איז אים ארויסגעגעבן געווארן דעם 18־טן אפריל 1679 (ו׳ אייר תל״ט), האט דער פוילישער קעניג יאן סאביעסקי איבערגענומען אונטער זיין שוץ אפרים פישלען. ער ווערט דארט טיטולירט „הויפטשרייבער (סופר ראשי), וואס איז אויסגעוויילט געווארן צווישן די יידן אין דער מלוכה״. ד. ה. ער איז געוועזן דער „נאמן בית ישראל דד׳ ארצות״ [36]; עס איז אים דערלויבט געווארן צו וווינען תמיד ביים קעניגלעכן הויף, ווי אויך דארט ווו עס וועט אים געפעלן ווערן און דארט פירן זיין האנדל; עס איז אים אויך דערלויבט געווארן אויפצושטעלן אין לודמיר א ביר־ברויעריי; גלייכצייטיק איז ער באפרייט געווארן פון פינאנסיעלע חובות כלפי דער קהילה און גליל לודמיר. [37]

ער ווערט דערמאנט אין יאר תמ״ג (1683) אין פנקס טיקטין [38]. אין יאר תמ״ד (1684) גיט ער א הסכמה אויפן ספר „כתנות אור״ [39], אין יאר תמ״ז (1687) באטייליקט ער זיך אין יאראסלאווער יריד [40], אין זעלבן יאר תמ״ז ווערט ער דערמאנט אין פנקס אפטא [41]; אין יאר תמ״ח (1688) ווערט ער דערמאנט אין פנקס טיקטין [42]; אין יאר תנ״ט (1699) באשטעטיקט אים דער פוילישער קעניג אויגוסט דער צווייטער דעם שוץ־בריוו פון קעניג יאן סאביעסקי [43]; אין יאר תס״ג (1703) ווערט ער דערמאנט אלס „נאמן ב׳ דד׳ ארצות״ [44]; אין יאר 1714 האט ער באשטימט דעם קאפשטייער פון פוילישן יידנטום [46], ער ווערט נאך דערמאנט אין יאר תע״ג (1719) אלס נאמן ב׳ דד׳ ארצות [47].

## רב אפרים פישל — (1671—1684)

זיינע צוויי זין ר׳ דוד טעוול און ר׳ יעקב זענען געוועזן שטאט רבנים פון לודמיר. ר׳ דוד טעוול איז געוועזן סיי רב, סיי פרנס אין ועד ארבע ארצות פון לודמיר. ער באטייליקט זיך אין דער אסיפה פון 1721 און גיט דארט זיין הסכמה אויפן ספר „דמשק אליעזר״ (פון הרב אליעזר בן יהודה אב״ד פינטשוב). נאך א זון זיינער, הרב ר׳ יעקב איז אויך געוועזן רב פון לודמיר, און אין יאר 1713 באטייליקט ער זיך אין ועד ארבע ארצות אין יאראסלאוו און גיט דארט די הסכמה אויפן ספר „ברית שלום״ פון רבי פנחס אב״ד וולאדאוו.

דער אייניקל פון ר׳ אפרים פישל, רבי שאול (ברבי יעקב) איז אויך געוועזן א אב״ד פון לודמיר נאכן טויט פון זיין פאטער ר׳ יעקב.

מיר וועלן דא איבערגעבן די מגילת היוחסין פון ר׳ אפרים פישל אין לויף פון 7 דורות; אנהויבנדיק פון זיין פאטער הגאון רבי אריה לייב הגבוה, אב״ד בקראקא.

### שלשלת היוחסין און אפשטאמיקע פון ר׳ אפרים פישל

**הגאון ר׳ אריה לייב הגבוה**
(אב״ד קראקע)

ר׳ אפרים פישל בן אריה לייב
(ר׳ אפרים שתדלן 1671—1719)

ר׳ זכריה מנדל
(רב פון בעלז, מחבר פון „באר היטב״ אויף „יורה דעה״, „חושן משפט״ און „אבן דעזור״)

רבי שמואל
(אב״ד פון קרעמיעניעץ, וואהלין)

רבי דוד טעבל, (1721)
(א לודמירער תושב, פרנס פון ועד ארבע הארצות)

רבי יעקב
(אב״ד לודמיר, 1713)

ר׳ שלמה זלמן
(אב״ד ביאלי)

ר׳ שאול ברבי יעקב
(אב״ד לודמיר 1742)
(נאמן מדינת וואהלין אין ועד ארבע הארצות ביז 1765)

הר׳ צבי הירש
(אב״ד לוקאטש פון וואהלין מחבר „חיבת צבי״)

רבי פנחס
(צווישן די נכבדים אין לודמירער קהילה)

ר׳ אפרים זלמן
(אב״ד בערעסטעטשקע אב״ד דובנע)

ר׳ אריה לייב

ר׳ אריה יהודה לייב
(רב אין אסטראהא)

א רב אין קהילה טולטשין פון פאדאליע

ר׳ שמחה נתן עלינברג
(מו״צ ראשי בלבוב)

## יוסף בן ר׳ משה מלודמיר תלא—(1665—1672)

אין יאר 1671 איז פארגעקומען אן אסיפה פון ועד ארבע הארצות ווו ס׳איז באשלאסן געווארן, אז די ווייטערדיקע

אסיפות פון ועד זאָלן ניט פאָרקומען אין יאַראָסלאַוו גופא, נאָר 10 קילאָמעטער הינטער יאַראָסלאַוו; צווישן די אונטערגעשריבענע אויף דער החלטה געפינט זיך אויך דער נאָמען „יוסף בן לא״א הר״ר משה זצ״ל מלודמיר״. אין יענער אסיפה האָט זיך אויך באַטייליקט „הצעיר באלפי ישראל בא״א מוה״ר שמואל זלה״ה מטרנאפאָל״, וועגן וועמען ס׳וועט שפּעטער דערמאָנט ווערן.

יוסף בר׳ משה האט זיך גערעכנט אין די יארן 1665—1672 צווישן די קהל מנהיגים אין לודמיר [47]

## שמואל זנווילס בר׳ מאיר מלודמיר (1673—1684)

אין די יארן 1673—1684 דערגייט צו אונז דער נאָמען פון שמואל זנווילס בר׳ מאיר סגל פון לאדמיר.

זיין נאָמען איז אונטערגעשריבן אין יאָר תל״ג (1673) אויף אייניקע פסקים אין פנקס קהל טיקטין [48] און תמ״ד 1684 [49] און אויף אַ פסק אין פנקס פון טוריסק [50]

## הרב רב אשר ברבי יצחק (1677)

אין אייניקע יאר ארום (1677) געפינען מיר שוין אן אנדער אב״ד אין לודמיר — ר׳ אשר בן הקצין הקדוש ר׳ יצחק.

אין יענעם יאר 1677 באטייליקט ער זיך אין ועד ארבע הארצות אין יאראסלאוו. דאָרט גיט ער זיין הסכמה אויף דער יידיש־איבערזעצונג פון תנ״ך און אויפן „עולת התמיד״.

פאַר לודמיר איז ער געווען רב אין שעבערשין; נאָך לודמיר איז ער געווען רב אב״ד אין בעלז און אלס קהילה רב באטייליקט ער זיך אין אייניקע רבנים־אספות פון ועד ארבע ארצות.

ער איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די באַקאַנטסטע רבנים פון זיין צייט. [51]

## דער פרנס ר׳ אריה יהודה בר׳ משה מלודמיר (1677—1693)

אין די יארן 1677—1693 באגעגענען מיר אפט אין די פנקסים דעם אונטערשריפט פון א באקאנטן פרנס פון לעמבערגער קהל, און וואס האט ליב געהאט תמיד צו באצייכענען אז ער שטאמט פון לודמיר: „אריה יהודה בה״ר משה להיה מלודמיר״. ער פלעגט אויך אפט צוגעבן: „הדר בלבוב בחו״ל (ד.ה. „בחוץ לעיר״); דערמיט האָט ער געוואלט באצייכענען, אז ער וווינט אין א פארשטאט פון לעמבערג. [52] ער האָט פאַרנומען דעם אמט פון סופר ראשי פון די יידישע קהלות אין פוילן. [53]

ער באטייליקט זיך אין יאראסלאווער ועד ארבע הארצות (תל״ז—1677), ווען די רבנים פון ועד ארבע הארצות האָבן זיך געווענדעט צו דער יידישער קהילה אין אמסטערדאם מיט דער בקשה מען זאל זאמלען געלט פאר פדיון שבויים פון פאדאליער יידן וואס זענען אריינגעפאלן אין טערקישער געפאַנגענשאַפט. [54] אין יאָר תמ״א (1681) האָט ער זיך באטייליקט אין דער אסיפה פון ועד ארבע הארצות וואס איז פארגעקומען אין לעשנע, צוזאמען מיטן געוועזענעם אב״ד פון לודמיר ר׳ ישראל בר׳ שמואל מטרנופול. אויף יענער אספה האט זיך באהאנדלט דער סכסוך צווישן ועד ארבע הארצות און דעם ועד מדינת ליטא בנוגע די הוצאות אויף שתדלנות אין די שותפותדיקע ענינים פון די יידן אין פוילן און ליטא. [55]

אין יאר תמ״ג (1683) באטייליקט ער זיך אלס א בורר אין א סכסוך צווישן דעם ועד מדינת ליטא (וואס איז דאן באשטאנען פון די 3 גרעסערע שטעט: גראדנע, פינסק, ווילנע) מיט דער קהילה פון בריסק. [58]

אין יאָר תמ״ה גיט ער אַ הסכמה אויפן ספר „נחלת עזריאל״ [57]; אין יאר תמ״ז (1687) אויפן ספר „מים חיים״ [58]; אין יאָר תמ״ח (1688) אויפן ספר „תולדות יצחק״; [59] אין יאר תנ״א (1691) אויפן ספר „בית הלל״ [60]; אין זעלבן יאר איז ער אונטערגעשריבן בשעת דעם יאראסלאווער יריד אויף א החלטה בנוגע קהילת טיקטין [61]; אין יאר תנ״ב (1692) גיט ער זיין הסכמה אויפן ספר „מדרש רבות״ [62]; אין יאר תנ״ג (1693) אויפן ספר „בית יעקב״. [63]

## משה ר׳ מרדכיש סגל מלודמיר (תל״ז—1677)

אין יאָר תל״ז (1677) ווערט דערמאָנט אַ לודמירער ייד משה ר׳ „מרדכיש סגל מלודמיר״. ער איז אונטערגעשריבן אויף א פסק וועגן דער קהילה פינטשאנו.

ווי עס שיינט איז ער אידענטיש מיט משה בן מרדכי, וואס מען האט אויך גערופן „משה השתדלן״, און וואס איז געווען דער שתדלן כללי פון פוילישן יידנטום. [64]

## וואָלף מלודמיר (1686)

אין א דאקומענט איז איבערגעבליבן דער נאמען פון „מוהר״ר וואָלף מלודמיר״ אַלס איינער פון די 4 פאָרשטייער פון גבול וואָלין, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אויף אַן אסיפה פון ועד ארבע הארצות (פאר 1687; ווארשיינלעך אין יאר 1686). [65]

## הרב יקותיאל ברבי יהושע אהרון (1678—1700)

במשך פון יאר (1678—1700) איז געוועזן רב אב״ד פון לודמיר הרב יקותיאל ברב יהושע אהרון. [66]

ער האָט אַלס לודמירער קהילה רב זיך באַטייליקט אין אַ ריי אסיפות פון ועד ארבע הארצות (1678—לובלין; 1687—יאראסלאוו, 1688—יאראסלאוו; 1696, 1700—יאראסלאוו). און דארט האט ער געגעבן הסכמות אויף פארשיידענע ספרים. (פון די באקאנטע הסכמות: 1678 — „אדרת אליהו״ [67] 1687 — „מים חיים״ [68] 1688 — „תולדות יצחק״ [69]; 1696 — „שמנה לחמו״ [70]; 1700 — „כבוד חכמים״ [71]; 1673 — ״דברי שמואל״. [72]

## רבי שמואל בר׳ אפרים פישל (1707)

רבי שמואל איז געווען דער דריטער זון פון ר׳ אפרים פישל. ער איז געווען אב״ד פון קרעמעניץ. זיין אונטערשריפט געפינט זיך אויף אַ פסק־דין וועגן אַ רבנות־מחלוקת אין פרעמסלא. ער איז אונטערגעשריבן: „שמואל הקטן מלאדמיר החו׳ בק״ק קרמניץ והגליל יצ״ו״. [73]

## ר׳ יעקב אב״ד דלודמיר בהרב אפרים פישל (1713)

ער איז איינער פון ר׳ אפרים פישל׳ס 3 זין. ס׳איז באַקאַנט אז ער איז געווען רב אב״ד אין לודמיר אין יאר תע״ג (1713). דאס דרינגען מיר ארויס פון זיין הסכמה אויפן ספר „ברית שלום״, ווו ער שרייבט זיך אונטער: „הק׳ יעקב בהרב

הנגיד מוהר"ר אפרים פישל נר"י החו' בק"ק לאדמיר והגליל יצ"ו".[73]

ער איז געווען דער איידעם פון באַקאַנטן רב ר' ישראל קצנלבוגן אב"ד פון פינטשוב.

זיין זון איז געווען ר' שאול, וואָס איז געווען אב"ד פון לודמיר אין די יאָרן 1742—1752.[74]

זיינע אייניקלעך זענען געווען: ר' אפרים זלמן (אב"ד פון ברעסטעטשקאָ, און שפּעטער אב"ד פון דובנע) און רבי פּנחס (איינער פון די נכבדים אין לודמירער קהילה); רבי פּנחס האָט געהאַט צוויי זין: איינער אַ רב אין אסטראָה. דער צווייטער — רב אין טולטשין.[75]

### ר' דוד טעבל בר' אפרים פישל (1717—1721)

זון פון ר' אפרים פישל. רב פון לודמיר און פּרנס פון ועד ארבע הארצות. אין יאָר תע"ח, ד' כסלו (1717) איז ער אונטערגעשריבן אויף אַן החלטה וועגן אפּטיילן ליזענסק פון פּרמסלא אין די שטייער ענינים פון ועד ארבע הארצות[76]; ער ווערט ווידער דערמאָנט אַלס באַטייליקטער אין אסיפה פון ועד ארבע הארצות אין יאַראָסלאַוו י"ט כסלו תע"ח (1717)[77]; אין יאָר תפ"א, ח"י אלול (1721), גיט ער זיין הסכמה אויפן ספר „דמשק אליעזר" פון ר' אליעזר בן יהודה אב"ד פינטשוב.[78]; אין יאָר תפ"א (1721) ווערט ער שוין דערמאָנט אַלס אב"ד דק"ק לאָקאַטש אין נאָמען פון גליל וואָלין.

### ר' ליב מלודמיר (1726)

אין צוזאַמענהאַנג מיטן סכסוך צווישן דעם קהל אין פינסק און דעם קהל אין אסטרוג, וואָס האָט זיך געוואָלט אָפּטיילן פון פינסק, האָט דער ועד ארבע הארצות באַשטימט אין יאָר תפ"ח (1726) אַ בית דין צו באַהאַנדלען דעם ענין. איינער פון בית דין איז געווען דער לודמירער ייד „ר' ליב מלודמיר שבוואלין".[79]

### ר' שאול ברבי יעקב (1765—1761)

ער איז געווען אַ זון פון לודמירער רב רבי יעקב און אייניקל פון ר' אפרים פישל.

נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער ר' יעקב, נעמט ער איבער די לודמירער רבנות. אין יאָר תק"ב (1741) באַטייליקט ער זיך אין דער אסיפה פון ועד ארבע הארצות אין טישאָוויעץ. ער איז געווען דער נאָמען פון מדינת וואָלין אין ועד ארבע הארצות.

אין יאָר תקי"א (1751) גיט ער אַן הסכמה אויף דער הדפּסה פון תלמוד בבלי, מסכתא ברכות.[80]

אין יאָר תקי"ב (1752) גיט ער זיין הסכמה צום ספר „בית אברהם" פון אברהם בר' יצחק הכהן, אב"ד טאַרלה אין לובלינער געגנט.[81]

אין פנקס אסטראָה ווערט ער נאָך דערמאָנט ביים לעבן, אין יאָר תקכ"ה (1765).

### הרב ר' אליהו בן יעקב מלודמיר (1740)

אין מיטן פון 18־טן יאָרהונדערט געפינען מיר אַ נאָמען פון אַ לודמירער ייד ר' אליהו ברב יעקב וואָס האָט אויס־געוואַנדערט קיין דייטשלאַנד און באַזעצט זיך אין פיאָרדע (בייערן). אין יאָר 1740 דרוקט ער דעם ספר „מנחם כהן" פון ר' שבתי הכהן מסעמיאַטיטש. פון זיין הקדמה צום ספר איז צו פאַרשטיין אַז אין זיינע צייטן איז געווען אַ גרויסע שׂרפה אין לודמיר.

### הרב יהושע העשל

איינער פון די לעצטע נעמען פון די לודמירער רבנים וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען ערב דער צעטיילונג פון פּוילן, איז הרב יהושע העשל, אב"ד לודמיר, דער זון פון רבי אברהם הכהן (אב"ד זאַמאָשטש, בעל „בית אברהם"). אין לויף פון זיין לעבן איז ער אויך געווען רב פון קראַסני בראָד, שעברעשין, טאַרנאָפּאָל.

## צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט

מיר גייען אַריבער צו דער תקופה פון וועלכער מיר האָבן שוין אַ ריי ציפערן וועגן דער יידישער באַפעלקערונג פון לודמיר. די ציפערן שטאַמען פון פאַרשיידענע ציילונגען.

(מען מוז זיך באַציען מיט אַ געוויסער רעזערוו צו די אָנגעגעבענע צאָלן פון די יידן, ווייל דער ציל פון די ציילונגען איז געווען דער קאָפּ־שטייער פון די יידן; און עס איז צו משער זיין אַז ס'איז געווען אין די אינטערעסן פון די יידן, ניט אָנצוגעבן גענויע צאָלן, און אַז די ווירקלעכע צאָלן שטייגן איבער די „אָפיציעלע" ציפערן).

## חסידות

אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט אַנטוויקלט זיך אין פּוילן דער חסידיזם. די יאָרן 1735—1745 זענען די אַקטיווע יאָרן פון ר' ישראל בעל שם טוב נאָך זיין התגלות.

1730—1760 פאַרשפּרייט זיך אויך די חסידישע באַוועגונג אין וואָלין, פּאָדאָליע און גאַליציע.

1764 — אין לודמיר געפינען זיך 1401 יידן (1327 דערוואַקסענע און 74 קינדער).[82]

1765 — בשעת דער ציילונג („פּערעפּיס") — ווערט פעסטגעשטעלט אין לודמיר 1327 יידן; זיי קלאָגן זיך, אַז צוליב דער יידן־שׂנאה מוזן זיי ביינאַכט מקבר זיין זייערע מתים.[83]

עס הויבט אָן צו פאַלן די צאָל יידן אין לודמיר.

1772 — ערשטע חלוקה פון פּוילן.

1782 — ידיעות וועגן לודמירער יידן, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט פערד־האַנדל, מיטן איינקויפן פאַרן מיליטער און מיטן שאַפן פּראָדוקטן פאַרן מיליטער.[84]

1784 — אין לודמיר געפינען זיך 340 יידן.[85]

1790 — 630 יידן אין לודמיר.[86]

### ר' שלמה קאַרלינער (1781—1792)

אַן ערך אין יאָר 1781 (תקמ"א) באַזעצט זיך אין לודמיר דער חסידישער רבי ר' שלמה קאַרלינער; ער איז דער תלמיד פון ר' אהרן קאַרלינער. צוליב די פאַרפאָלגונגען קעגן די חסידים איז ער געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זיין וווינאָרט קאַרלין, אַ פאָרשטאָט פון פינסק. ר' שלמה קאַרלינער האָט

געהאט א סך תלמידים. קיין גענויע פרטים פון זיין לעבן זענען ניט באקאנט.

בשעת די רוסיש־פוילישע קאמפן אין יאר 1792 (תקנ״ב) איז ער דערמארדעט געווארן דורך קאזאקן און זוכה געווען צום נאמען „הקדוש״, וגם „משיח בן יוסף״. [7]

**אַ בריוו פון לודמירער רב צו טאַדעאוש קאַסטיושקע (1792)**

אין יאר 1792 האט דער אנפירער פון די פוילישע חיילות טאדעאוש קאסטיושקא אפגעהאלטן א נצחון איבערן רוסישן גענעראל קאכאווסקי, אין א קאמף וואס איז פארגע־קומען ביי לודמיר. קורץ נאכדעם, דעם 18־טן יולי, האט ער אפגעהאלטן זיין גרעסטן נצחון אין קאמף מיט קאכאווסקי הינטער דוביענקא. דאַן האָט ער פאַרבראַכט מיט זיין מיליטער א לענגערע צייט אין לודמיר.

אַן עדות דערפון ווי אזוי טאדעאוש קאסטיושקא איז דאַן געוועזן פּאָפּולער ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון לודמיר, איז דער בריוו וואס איז צו אים געשריבן געווארן דורכן לודמירער רב („אין נאמען פון קהל און פון דער יידישער באפעלקערונג פון שטאט לודמיר״). [8]

דער בריוו איז געשריבן אין מליצהדיקער פוילישער שפראך, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר יענער תקופה. מיר גיבן דא איבער א יידישע ווערטלעכע איבערזעצונג פון בריוו, ווי אויך דעם אריגינעלן פוילישן טעקסט:

Jaśnie Wielmożny Generale Dobrodzieju !
zolimskiej świetnicy kandelabrę nie żalewalibyśmy Mu, lecz ze jesteśmy ubodzy, więc nagrody Mu winne, niebu zestawiając, serce nasze tyiko przy tym mozdzierzku do ogłaszania pod Dubenką nabytej slawy, oraz kubku do picia za zdrowie sprawy Jej mozemy Mu ofiarować. Przyjm to JWPan dobrotliwie oraz z wyznaniem najgłębszego naszego uszanowania, z którym na zawsze jesteśmy

My z izraelskiego ludu w mieście Włodziemierzu, prawi świadkowie narodowego męstwa, którą zaszczyt wiekopomny pod Dubenka zyskamy, JWPanu jest winny, mają ten kraj, w którym od tylu wieków żyjemy, za drugą przyobiecaną ziemię, a dzieląc ze szlachetnym narodem, pod którego pretekcją od tak dawna żyjemy, wszystkie jego pomyślności i klęski, równe przeto z nim sądzimy się być obowiązanymi wdzióczność naszą okazywac tym, którzy się tak mężnie i szczęśliwie na obronę jego poświecają.

Gdyby nasz Adonaj przywrócili nam naszą dawną świętość, to porùwnywując JWPana ze slawnymi Machabejczykami, nawet i przepysznego z dawnej naszej jero-

Jaśnie Wielmoznego Pana i Dobrodzieja
Najnizsi sludzy i podnuzkowie
Rabin imieniem calego kahalu.

הויכגעשטעלטער ווילטעטיקער גענעראַל!

מיר, פון יידישן פאלק, וואָס האבן זיך באזעצט אין שטאט וולאָדזימיעזש, עדות פון דער גבורה, וועמענס כבוד וואס איז אויף אייביק אונטער דוביענקא דערגרייכט געווארן, איז דאס פאלק שולדיק אייך, — מיר האַלטן דאס לאנד אין וועלכער מיר וווינען שוין דורות, אלס אונזער צווייטע צוגעזאָגט לאַנד, — און טיילנדיק מיטן נאָבעלן פאָלק, אונטער וועמענס שוץ מיר לעבן שוין אזוי לאנג, זיינע אלע דערגרייכונגען און מפלות, האלטן מיר זיך צוזאמען מיט אים פארפליכטעט ארויסצווייזן אונזער דאנקבארקייט די יעניקע, וואָס זענען זיך מקריב אַזוי העלדיש און גליקלעך פאַר זיין פארטיידיקונג.

ווען אונזער גאט, וואלט אונז צוריקגעקערט אונזער אלטע הייליקייט, איז פארגלייכנדיק אייך מיט די בארימטע מכבים, וואָלטן מיר אייך ניט געזשאַלעוועט די פּראַכטפולע מנורה פון אונזער אלטן ירושלימער בית־המקדש, נאר ווייל מיר זענען ארעם, לאזן מיר איבער דעם הימל די מתנה וואָס מיר זענען אייך שולדיק, קענען מיר אייך שענקען נאָר אונזערע הערצער, גלייכצייטיק מיט דעם האַרמאַטל, אָנצוזאָגן דעם דערגרייכטן רום הינטער דוביענקאָ, און דעם טעצל צו טרינקען פארן דערפאלג פון דער זאך. נעם דאס אָן גוטוויליק, גלייכצייטיק מיט דעם אויסדרוק פון אונזער טיפסטער פאַרערונג, וואס מיר האבן אויף אייביק פאר דיר, הויכגעשטעלטער הער און ווילטוער.

די נידעריקסטע קנעכט און די נידערגעבויגענע
דער רב אין נאָמען פון גאַנצן קהל.

אויפן בריוו געפינט זיך א צייכנונג פון דעם הארמאטל, וואָס איז געשענקט געוואָרן קאָסטיושקען, און אַרום דעם געשטעל געפינען זיך די אויפשריפטן: „זאל לעבן קאסטיושקא דער באנייער פון אונזער אלטן רום״, און „זאל לעבן דער פאָלקס־כבוד, וואס איז ווידער אפגעפונען געווארן אונטער דוביענקא״ .

1793 — צווייטע חלוקה פון פוילן.

1794 — טאדעאוש קאסטיושקא ווערט דערקלערט אין קראקע אלס העכסטער אנפירער פון די פולישע חיילות.

1795 — דריטע חלוקה פון פוילן. לודמיר ווערט אנגעשלאסן צו דער רוסישער מדינה.

פון דאן הערט אויף לודמיר צו שפילן אן אנגעזעענע ראל אין יידישן לעבן.

אָנהויב 19־טער יאָרהונדערט — יידן אין לודמירער אויעזד — דריי מאָל מערער ווי ניט־יידן.

די פאלגענדיקע טאבעלע גיט אונז ציפערן וועגן קריסטן און יידן אין לודמירער אויעזד, ווי אויך וועגן יידישע סוחרים אין לודמירער אויעזד.

## לודמירער באַפעלקערונג

| יאָרן | קריסטן | יידן | יידישע סוחרים |
|---|---|---|---|
| 1799 | 1076 | 1834 | 15 |
| 1800 | 681 | 1919 | 22 |
| 1801 | 672 | 1909 | 37 |
| 1805 | 673 | 1943 | 34 |

מיר זעען דערפון, אַז אין די אָנהויב יאָרן פון 19־טן יארהונדערט 1800—1805 איז געווען אין לודמירער אויעזד כמעט דריי מאל מערער יידן ווי ניט יידן. [8]

1815 — געבוירן ביי מאניש ווערבעמאכער פון לודמיר אַ טאָכטער אונטערן נאָמען חנה־רחל, וואָס איז שפעטער באקאנט געווארן אין דער יידישער וועלט אונטערן נאמען „די לודמירער מויד״. [9]

## ידיעות וועגן יידן אין לודמיר אין מיטן 19־טן יאָרהונדערט

די צאלן פון א ציילונג וואס איז פארגעקומען אין יאָר 1847 ווייזן, אַז אין לודמירער אויעזד געפינען זיך 14 יידישע געמיינשאפטן, וואס ציילן צוזאמען 14876 יידן; צווישן זיי יידן אין שטאט לודמיר גופא 3930.[10]

אין 1859 ברעכט אויס אַ גרויסע שרפה אין לודמיר.[11]

אין יאָר 1861 הויבט אָן די שטעטל זיך אויפצובויען. זי ציילט דאן 8636 איינוווינער.[12]

## די גזירה פון גובערנאַטאָר איגמיאטיעוו 3 מאַי 1881

דער פאַקט וואָס לודמיר איז געווען נאָענט צום גרענעץ (25 וויאָרסט פון עסטרייך־אונגאַרישן גרענעץ), האָט פאַרשאַפט די לודמירער יידן צרות, גזירות און באַגרענעצונגען.

לויטן באפעל פון קיעווער גובערנאטאר איגניאטיעוו איז פארווערט געוואָרן דאס וווינען אין שטח פון 50 וויארסט ביים גרענעץ פאַר די יעניקע יידן, וואָס שטאַמען פון ערטער וואס זענען אויסער די 50 וויארסט פון פארווערטן תחום.

די פאליציי פלעגט דורכפירן זוכונגען און כאפעניש פון „אומלעגאַלע" יידן. דאָס פלעגט פאָרקומען דווקא אין שבתים און יום־טובים, ווען יידן געפינען זיך געוויינטלעך אין קרייז פון זייערע משפחות. די פאליציי פלעגט אין די נעכט ארומרינגלען די הייזער ווו זיי פלעגן חושד זיין, אז דארטן געפינען זיך אומלעגאלע, און ווען זיי פלעגן ווירקלעך געפינען אַזעלכע, פלעגן זיי ווערן אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט צופוס, און על פי רוב דווקא שבת. אין דער שטאָט קאָוועל וואָס האָט זיך שוין געפונען אויסער דעם פאַרווערטן תחום.

דאס גיין קיין קאוועל פלעגט געוויינטלעך דויערן דריי טעג, און עס איז געווען באַגלייט מיט שווערע ליידן פאַר די ארעסטירטע, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען אין די נעכט צו שלאפן אויף דער קאלטער ערד.

די דאָזיקע גזירות האָבן זייער געשטערט די יידן אין זייער האַנדל מיט די יידן פון די אַרומיקע געגנטן. אַ סך יידן האָבן דעריבער פאַרלוירן זייער אַרבעט און פרנסה.

במשך פון דער צייט האבן די יידן זיך געקליגלט ווי אזוי אפצונארן דעם געזעץ. זיי פלעגן איינאָרדנען פיקטיווע חתונות צווישן די וואס האבן וווינרעכט אין לודמיר און צווישן די וואס האבן נישט קיין וווינרעכט. דאס איז אויך אפט געווען באגלייט מיט א גט על תנאי.

נאָר נאָך לאַנגע השתדלותן מצד מענטשן מיט השפעה, האָט די העכערע רוסישע מאַכט איבערגעריסן דעם געזעץ פון די גירושים און האט אים אפגעשטופט ביז „א נייער מעלדונג".[13]

### הרב ר' יעקב שור (1886)

אין יאר 1886 האט לודמירער עדה ממנה געווען אלס לודמירער שטאט־רב הרב יעקב בן יצחק שור, געבוירענער אין גאליציע.

ער איז געקומען אין לודמיר מיט דער הסכמה פון אלע חסידישע כתות און מיט דער הסכמה פון אלטן בריסקער צדיק.

ער האט זיך גענומען אריינצופירן חידושים אין לעבן פון די לודמירער יידן; אַזוי פירט ער אַריין אַ מנהג, אַז בהמות מוזן קאנטראלירט ווערן ביי א דאקטאר־וועטערינאר.

ער האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן סאָציאַלע זעלבסטהילף אין לודמיר, ער שאפט חברות (קאאפעראטיוון) פון ארבעטער, לויט אַרבעטס־צווייגן. די אַרבעטער הויבן אָן צו פּראָדוצירן פארשיידענע אויסארבעטונגען אין לודמיר גופא און פארשפארן זיי צו ברענגען פון דער פרעמד.

צווישן די לודמירער יידישע סוחרים, וואס פלעגן אַריינפירן סחורות פון די אַרומיקע גרויסע שטעט, אַנטשטייט א קעגנערשאפט צו די ארבעטער־חברות און צו זייער ארגאניזאטאר הרב שור.

אויך די טריסקער און סאָדיגורער חסידים הויבן אָן אים צו קעגנשטעלן זיך און זיי לאָזן אַרויס וועגן אים קלאַנגען, אַז אין אים שטעקט אפיקורסות.

ס'ווערט ארויסגעשיקט קעגן אים א מסירה־בריוו, אז ער איז ניט קיין לודמירער און האט נישט קיין רעכט צו וווינען אין לודמיר, נאָר ער איז גאָר אַ פרעמדער, אַ געבוירענער אין גאליציע, (עסטרייך).

אין יאר 1887 שיקן ארויס די טריסקער, בעלזער און סאדיגורער חסידים א בקשה־בריוו צום גענעראל־גובערנאטאר אין קיעוו, ווו זיי בעטן ער זאל אריינזעצן דעם רב אין תפיסה, ווייל ער איז א פארברעכער. אין אפריל 1887 ווערט דער רב אַרויסגעפירט אין טורמע באַגלייט פון באוואפנטער פאליציי.

עס קומט פאר א גרויסער פראצעס, צו וועלכן עס ווערן געבראכט א פאר הונדערט לודמירער יידן, וועלכע ווערן באשולדיקט אז זיי האבן פאלש געשווירן, אנגעבנדיק אז יעקב שור איז געבוירן אין לודמיר. דער פארטיידיקער איז געווען אַדוואָקאַט קופערניק פון קיעוו.

בשעת דעם פּראָצעס האָט הרב יעקב שור מודה געווען אז ער קומט טאקע פון גאליציע; ער איז אבער געבוירן געווארן אין לודמיר, און זיין אמתער נאמען איז יעקב בן ר' יואל ראפופורט. צו 7 יאר אבער איז ער אוועקגעפארן צו זיין קרוב שור, וועלכער האט אים געהאדעוועט און אויף זיין נאמען רופט ער זיך יעקב שור.

דער פראצעס וואס איז פארגעקומען ביי 12 געשווירענע ריכטער האט זיך געענדיקט מיט אן ארו־סשיקונגס־פסק פארן רב.

דערמיט האט זיך אין לודמיר איבערגעחזרט א צווייטן מאל די מעשה מיטן תוספות יום־טוב.[14]

## סוף 19־טן יאָרהונדערט

אין די לעצטע יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט שטייגט איבער די צאל קריסטן דעם צאל פון די יידן סיי אין לודמירער אויעזד און סיי אין לודמיר גופא.

לויט ציפערן פון 1892 האט די אלגעמיינע לודמירער באפעלקערונג געציילט 8185 פערזאן; פון זיי מענער 4593, פרויען 3592.

לויט דער רעליגיע איז דער צוזאמענשטעל געווען פאלגענדיקער: יידן — 6389; פראוואסלאווגע — 1083;

קאטוילישע — 613. די ידן האבן אלזא אויסגעמאכט כמעט דריי פערטל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

הייזער איז דאן געווען אין לודמיר 1034; ירידים פלעגן פארקומען 12 מאל א יאר.[96]

שוין אין אייניקע יאר ארום וואקסט די צאל קריסטן אריבער די צאל יידן סיי אין לודמירער אויעזד און סיי אין לודמיר גופא.

אין יאר 1897 געפינען זיך אין לודמירער אויעזד: 277.600 קריסטן און 28.836 יידן.[97]

אין לודמיר גופא געפינען זיך קרוב 6000 יידן (5869) און 9883 קריסטן. סך הכל — אין אלגעמיין איז געווען צו יענער צייט אין לודמיר ביי 16 טויזנט מאן.[97]

די שטאָט־פאַרוואַלטונג איז דאַן געווען צוזאַמענגעשטעלט פון א שטאט־פרעזידענט און צוויי פארוואלטונגס־חברים: א ייד און א נישט־ייד. דער שטאט־פרעזידענט און דער נישט־יידישער פארוואלטונגס־מיטגליד פלעגן געוויילט ווערן דורך מערהייטס־וואַלן; דער יידישער פאַרוואַלטונגס־חבר פלעגט נאָמינירט ווערן דורכן גובערנאַטאָר פון זשיטאָמיר לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער פאָליציי.

ס'איז אויך געווען א שטאט־ראט, וואס בראש פון אים איז געשטאַנען אַ קריסט און זיין פאַרטרעטער איז געווען א ייד. די אויפגאבע פון דעם ראט איז געווען ארויסגעבן אידענטיטעטס־קאַרטן, איינצומאָנען בילדונגס־שטייערן, און אויפזיכט אויף דער פאלקס־בילדונג אין שטאט.

די וואלן פון ראט־פרעזידענט און פון זיין געהילף פלעגן פארקומען לויט זייער א פרימיטיווער שיטה. מ'פלעגט מאַכן אַ פראָטאָקאָל אויף אַ בויגן פאַפיר און מיט דעם דאָזיקן בויגן פלעגט מען אַרומגיין אין די גאַסן פון שטאָט און אין די בתי־מדרשים און קלייבן חתימות.[98]

## די גרויסע שריפה פון 1900

דעם 5־טן מאַי 1900 ברעכט אויס אַ גרויסע שריפה אין לודמיר, בשעת וועלכער עס זענען פאַרברענט געוואָרן 250 הייזער, און 6 בתי תפילה. (צווישן זיי דער בית־הכנסת הגדול). עס זענען דאן פארברענט געווארן 68 ספרי תורה. אַן ערך 600 משפחות האָבן געליטן פון דער שריפה, ד. ה. קרוב 2000 מענער, פרויען און קינדער.

עס איז געשאפן געווארן א ועד למען נפגעי השריפה (קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון דער שריפה). אַן אויפרוף פון ועד לתיקון בית הכנסת הגדול שנשרף (ועד פארן צוריקאויפבויען די אָפּגעברענטע גרויסע שול), איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן אין „הצפירה" (נום. 185; 1900).

נאך דער שריפה האט געהערשט אין לודמיר א גרויסע אָרעמקייט אין אַלע שיכטן פון לודמירער יידישע באַפעלקע־רונג.[99]

## ס'בויען זיך אויף געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס

די גרויסע נויט צווינגט די לודמירער יידישע באַפעלקע־רונג צו זוכן מיטלען ווי אַזוי בייצושטיין די שווערע צייטן. אַזוי למשל באַשליסן די פאַראָרעמטע לערערס צו גרינדן אַ חדר מתוקן (1900). עס ווערט אויך געגרינדעט אַ „גמילות חסד" מיטן צוועק צו געבן הלוואות פאַר פאַראָרעמטע בעלי מלאכות (1901).

אין יאָר 1903 ווערט געגרינדעט אַ נייע תלמוד תורה (א דאנק באמיאונגען פון ה' בוים). די לודמירער קהילה ציילט דאן אן ערך 2500 יידישע משפחות. די מערהייט יידן פון לודמיר זענען האלצהענדלער, תבואה און בהמות הענדלער, קרעמערס און בעלי מלאכות.

עס עקזיסטירן שוין דאן א „ביקור חולים", אן אפטייק פאַר אָרעמע לייט, אַ תלמוד תורה פאַר אָרעמע קינדער. אַ גמילות חסד און עס ווערט דאַן געגרינדעט אַ „מלביש ערומים" פאַר די אָרעמע לייט וואָס זענען ניט געווען ביכולת צו קויפן בגדים.[100]

## 1905

ווען עס ווערט דורכגעפירט א רעגיסטראציע פון אלע מענער אין אומגעגנט צו דער רעזערוו־ארמיי (אין צייט פון דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה), און ס'הויבן זיך אן אָנצופאָרן פויערים פון אומגעגנט, ברעכן אויס ביי דער לודמירער יידישער באפעלקערונג א פאניקע און א מורא פאַר אַ פאָגראם. מען גיט אַ שיינע מתנה דעם פאָליציימייסטער און די רעגיסטראציע קומט ניט פאר אין שטאט לודמיר גופא, נאר ווייט הינטער דער שטאט. דערמיט ווערט אויסגעמיטן דער פאגראם.

עס קומען פאר וואלן צו דער „גאסודארסטווענער דומע". עס ווערן אויסגעוויילט צוויי יידישע קאנדידאטן: בנימין וואסערמאן און אליעזר פויזנער.[101]

## לודמיר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין יאר 1906 ווערט דורכגעפירט א באן־ליניע וואס פארבינדט לודמיר מיט קאוועל. דאס האט א גרויסע ווירטשאפטלעכע באדייטונג פארן לעבן פון דער שטאט, וואס ווערט דורך דער באן־קאמוניקאציע פארבונדן מיט אלע צענטערן פון רוסלאַנד און פוילן.

אין יאר 1909 ווערט געעפנט אין לודמיר א „קאזיאנע יעווריעסקאַיע אוטשילישטשע", אַ מלוכישע פאָלקס־שול פאַר יידן.

אַרטיסטן פאָרן דורך לודמיר און גיבן דאָרטן טעאַטער־פארשטעלונגען און אינדיווידועלע רעציטאלן. דער חזן פינטשוק באַזוכט לודמיר, נעמט אַזוי אויס ביי דער באַפעלקע־רונג, אַז עס ווערט פאַר אים איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט אין רוסישן אפיצערן־קלוב.

יידן האבן געלעבט פון קליין־האנדל, פון צושטעלן פראדוקטן פארן מיליטער וואס איז געשטאנען אין לודמירער גאַרניזאָן. דער עיקר אחיזה פון זייער פרנסה זענען געווען די ירידים וואָס פלעגן פאָרקומען אין לודמיר יעדן 20־טן אין חודש.

עס אַנטשטייט אין לודמיר אַ שיכט פון בעלי מלאכות, סטאלארעס, סטעלמאכערס, שוסטערס, שניידערס, קירזשנערס, בלעכערס און טאנדעטניקעס, וואס פלעגן צוגרייטן פארטיקע קליידער אין די ירידים טעג.

אונטער דער השפעה פון דער רוסישער באפרייאונג־באַוועגונג, אַנטשטייען אין לודמיר די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס „בונד" און „ס־ס".

עס עקזיסטירן שוין פאר דער וועלט־מלחמה צוויי ישיבות, איינע פאר היימישע און איינע פאר איינגעפארענע.

עס מערקן זיך שוין פרווון און אנהויבן פון א יידישער שול און פון א ביבליאטעק. עס עקזיסטירט שוין א יידישער שפיטאל בראש פון וועלכן עס זענען געשטאנען דר׳ זבר און דר׳ באבעס.

א גרויסע ראלע אין לעבן פון לודמירער יידישער באַפעלקערונג שפילט אָפּ די „גמילות־חסד"־קאַסע.

## ערשטע וועלט־מלחמה

די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן אויגוסט 1914 אין תשעה באב (לודמיר האָט דאַן, ווי באַקאַנט אנגעהערט צו רוסלאנד).

אין אייניקע טעג ארום נאכן אויסברוך פון דער מלחמה איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן אַן עסטרייכישער אויסשפּיר־גרופּע מיט די רוסישע סאלדאטן פון לודמיר. דערביי זענען געפאַלן עטלעכע עסטרייכישע גוסאַרן, צווישן זיי אַ ייד. די יידישע איינוווינער פון לודמיר האבן אים געמאכט א גרויסע לוויה, אויף וועלכע עס האט אנטייל גענומען די גאנצע שטעטל. ער איז באערדיקט געווארן אויפן יידישן בית־עולם.[102]

### גרויסער ריקצוג פון דער רוסישער ארמיי

לכתחילה האט די רוסישע ארמיי געהאט גרויסע נצחונות און האָט אָקופּירט אַ סך עסטרייכישע און דייטשע טעריטאָריעס. אבער שפּעטער האט זי געליטן א גרויסע מיליטערישע מפּלה מצד דעם דייטשן מיליטערישן אָנפירער גענעראַל לודנדאָרף. די רוסישע חיילות אנטלויפן. מען פארשפרייט צווישן זיי קלאנגען אז די יידן זענען שולדיק אין זייערע מפּלות.

די רוסישע חיילות שלאגן און ראַבעווען יידן אין אלע שטעט און שטעטלעך, אויף זייער צוריקקער.

### פליטים־באוועגונג אין 1915

עס ציט זיך א גרויסע יידישע פליטים־באַוועגונג פון עסטרייך קיין לודמיר. די לודמירער יידישע באפעלערונג גיט זיי די ערשטע הילף. די פליטים ווערן איינגעקוואַרטירט אין בית מדרש און אין פאַרשיידענע קלויזן.

עס קומען אָן אויך פּילצאַליקע יידישע פליטים פון פאַרשיידענע שטעטלעך פון אומגעגנט. זיי אנטלויפן צוליבן פּחד פאַרן צוריקטרעטנדיקן רוסישן מיליטער.

### ש. אנסקי

דער באַקאַנטער יידישער שרייבער ש. אנסקי, מחבר פון דיבוק, איז דאַן געווען מאָבליזירט אין דער רוסישער ארמיי אלס אפיציר־סאניטאר. ער האט מיט זיין אפּטיילונג געוואנדערט פון שטאט צו שטעטל.

זיינע וואנדערונגען האט ער אויסגענוצט צו העלפן די יידישע באַפעלקערונג אין די באַדראָטע געביטן, הגם אפיציעל איז עס אים געווען פאַרווערט. ער גרינדעט אין קיעוו א קאַמיטעט פון עסקנים, וועלכער טרויט אים אָן אַ סומע געלט צו פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע יידן.

ש. אנסקי באַזוכט אויך לודמיר. ער טרעפט זיך דאָרט מיט די לודמירער בעלי־בתים און עסקנים (משה באביאדע ז״ל, משה שיינבוים יב״ל). ער גיט טויזנט רובל דעם לודמירער רב משה שפּירא בכדי צו צעטיילן פאר די לודמירער נצרכים.

און דאָרט פאַראינטערעסירט ער זיך אויך מיט די יידישע אלטערטימלעכקייטן פון לודמיר.[103]

## רוסישער פּאָגראָם אין לודמיר אין יאָר 1915

די אפּטרעטנדיקע רוסישע ארמיי דערגייט אויף איר ריקצוג קיין לודמיר. די אַנטלויפנדיקע רוסישע סאָלדאַטן צינדן אונטער אַ ריי יידישע גאַסן און זייערע געשעפטן. פויערים פון די ארומיקע שטעטלעך, אונטער דער אנפירונג פון קאזאקן באשיסן יידישע געשעפטן און בארויבן זיי.

אין יענע טעג זענען פארגעקומען אפטע אקטן פון יידישן קעגנשטעלן זיך מיט דרענגען קעגן די אנפאלערס. מען פאַרטרייבט אָפּט די פויערים, וואָס זאַמלען זיך פון דער גאַנצער אומגעגענט קיין לודמיר בכדי צו ראַבירן דאָרט די יידישע געשעפטן.

א יידישער סאלדאט (פון די רוסישע אפּטרעטנדיקע דראגונער) רופט די לודמירער יידן צו שלאגן די פויערים וואָס באַפאַלן זיי.[104]

לודמיר ווערט באַזעצט דורך די דייטשן און אין אייניקע טעג ארום דורך זייערע אלירטע די עסטרייכער.

## עסטרייכישע אָקופּאַציע פון לודמיר, 1915

בשעת דער עסטרייכישער אקופּאציע פון לודמיר איז די לייטונג פון דער שטאט געלעגן אין די הענט פון קאמענדאנט מאזער.[104]

ער האָט שטרענג אָנגעפירט מיט דעם שטעטל, איינגעפירט צוואַנגס־אַרבעט. צו דער אַרבעט פלעגן גענומען ווערן בעיקר מענער, ד.ה. די שפּייזערס פון די משפחות. ער האט איינגעפירט צוואנג־דיזענפעקציע פון בעט־געוואנט.

## הונגער, נויט, פאלקס־קיך

עס האט געהערשט א גרויסע נויט צווישן דער באפעלקערונג. עס האט געפעלט מעל, האט מען געגעסן מאמאליגע (תירס).

עס האָט זיך דאַן אַנטוויקלט אַ פּראָדוקטן־שמוקלעריי מיט דער פּראָווינץ.

אין יענע טעג פון הונגער און נויט איז אַנטשטאַנען א פאלקס־קיך, בכדי צו שטילן די שפּייז־נויט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג. דער פאָרזיצער פון פאַלקס־קיך איז געווען צאַן־דאקטאר מאריאן נאַוואַק. בכדי צו שאפן געלט־מעגלעכקייטן פאַר דער קיך, האָבן די קרייזן וועלכע האָבן זיך קאנצענטרירט ארום איר, ארגאניזירט ליבהאבער־פארשטעלונגען. די דאזיקע פארשטעלונגען זענען מיט דער צייט געווארן א קערן פון קולטור ארבעט אין לודמיר.

צוליב דעם מצב אין לודמיר האָבן דאַן אָנגעהויבן לודמירער יידן צו באַזעצן זיך אויף דער פּראָווינץ און שאַפן זייער פרנסה פון ערד־ארבעט.

## די פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג און דעמאנסטראציע קעגן דער כאַפּעניש אויף צוואנגס־ארבעט

איינמאָל אַ שבת איז אין בית־מדרש פון לודמיר פאָרגעקומען א פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן די כאַפּעניש אויף צוואַנגס־

ארבעט, ווייל א סך פון די געכאפטע פלעגן זיך ניט צוריק־קערן, מען האָט ניט געוואוסט ווו זיי אַרבעטן.

עס האט זיך פון דער פאַרזאמלונג פארמירט א פאלקס־דעמאנסטראציע, וועלכע איז געגאנגען צו מאזורן, דעם קאמענדאנט פון לודמיר. ער האט אבער ניט אויפגענומען די פארשטייער פון די דעמאנסטראנטן.[105]

דער שרייבער ש. אנסקי דערמאָנט אין זיינע זכרונות, אז די דאזיקע פראטעסט־פאַרזאמלונג האט געהאט א גרויסן אפקלאנג און איז דערגאנגען צום עסטרייכישן פארלאמענט. א יידישער דעפוטאט האט אינטערפעלירט אז די כאפעניש צו צוואנגס־ארבעט זענען קעגן געזעץ. די פארשיקטע האבן זיך אין א קורצע צייט ארום צוריקגעקערט צו זייערע היימען.

## די דעלעגאציע צום אבערלייטענאנט מאזער

בכדי צו רעגולירן די ענינים פון דער יידישער באפעלקערונג אין לודמיר האט זיך געווענדעט א דעלעגאציע צום אָבערלייטענאַנט מאזער. (אין באַשטאַנד פון דער דעלעגאציע זענען געווען: הרב שפירא, לייב לאקס, דוד ראטנשטיין, הערשל לעוו, משה שיינבוים).[106]

ס'איז אויך צוזאמענגעשטעלט געווארן א רשימה פון פארמעגלעכע וואס האבן געצאלט באשטייערונגען לטובת די אומפארמעגלעכע.

ס'איז געשאפן געווארן א יידישע קולטוס־געמיינדע אונטער פארזיץ פון ה. סיפארד.

## געהאנגען דריי מערדער פון יידן

דריי קריסטן האָבן אין דער צייט פון אָבערלייטענאַנט מאזער באַפאַלן אויף אַ וועג לעבן לודמיר דריי יידן, וואָס זענען געפאָרן אויף אַ פור און זיי דערהרגעט.

מאזער, וועלכער איז געווען א שטרענגער היטער פון געזעץ, הגם ער האט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט באזונדערע ליבע צו יידן, האט באפוילן צו כאפן די רוצחים; זיי זענען שפעטער עפנטלעך אויפגעהאנגען געווארן אין לודמיר. די גאנצע שטעטל איז גערופן געווארן זיין אנוועזנד ביי דער עקזעקוציע.[107]

## העברעאישע ביבליאטעקן

אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אקופאציע זענען געגרינדעט געווארן צוויי העברעאישע ביבליאטעקן: איינע געגרינדעט דורך ציוניסטישע עסקנים און האט זיך געפונען אין דער יידישער פאלקס־קיך, און די צווייטע געגרינדעט דורך א יוגענטלעכער גרופע „הדור הצעיר", און האט זיך געפונען אין דער געביידע פון א פאלקס־שול.

(עס איז כדאי צו פארצייכענען אז אין צייט פון די עסטרייכער איז אַריינגעפירט געוואָרן אין לודמיר עלעקטרישע באלויכטונג און ס'איז אויפגעשטעלט געווארן אין צענטער שטאט א הילצערנע קינא־געביידע מיט 300 פלעצער).

## 200 יידן אין דער לודמירער מיליץ

מען האט זיך אנגעהויבן גרייטן צום אפטריט פון דער עסטרייכישער ארמיי.



ס'איז געשאפן געווארן א מיליץ, וועמענס אויפגאבע איז געווען בעיקר אויפצוהיטן די ארדנונג פון די שטאטישע מאַגאַזינען בשעת דער איבערגאַנגס־צייט פון מאַכט צו מאַכט.

די מיליץ איז באשטאנען פון 200 יידן, 100 אוקריינער און 100 פאליאקן. דער ייד נתן שטערן איז נאמינירט געווארן אלס געהילף פון מיליץ־הויפט. די יידן אברהם יאלעף און מנשה שיינקעסטל זענען נאָמינירט געוואָרן אַלס „ראָטנע קאָמאַנדירן". צוליב די סכסוכים צווישן די פּאָליאַקן און אוקריינער, זענען די יידן געווען דער הויפט כוח פון דער מיליץ.[108]

## הערשל לעוו — וויצע פארזיצער פון לודמירער שטאט־ראט

צום סוף פון דער עסטרייכישער אקופאציע האט דער שטאט־קאמענדאנט געשאפן א שטאט־ראט פון לודמיר, אין צוזאַמענשטעל פון 5 יידן, 3 אוקריינער און 3 פּאָליאַקן.

די יידן האבן אויסגעוויילט אלס זייערע פארשטייער: הערשל לעוו, ישראל איסר ציילינגאלד, נחום גיטמיל, יעקב יעלין, משה שיינבוים.

אַלס פאַרזיצער פון שטאָט־ראַט איז נאָמינירט געוואָרן אַן אוקריינער. אלס וויצע־פארזיצער דער ייד, הערשל לעוו. (ער איז שפעטער פארשיקט געווארן דורך די סאוויעטן קיין סיביר און איז דארט געשטארבן מיט זיין פרוי און קינד).[108]

## יידן צווישן אוקריינער און פּאָליאַקן וואס ווילן פארנעמען לודמיר

די עפאכע, ווען די עסטרייכער האבן פארלאזן לודמיר שטעלט מיט זיך פאר א דראמאטיש קאפיטל אין לעבן פון לודמיר בכלל און פון דער יידישער לודמיר בפרט. עס האט דאַן געהערשט אַ פּאָליטישע אומאָרדענונג. ביי די פּאָליאַקן האבן זיך געשאפן די לעגיאנערן־כוחות, וואס האבן געשטרעבט איינצונעמען וואס מער טעריטאריעס פאר דער ניי אויפשטייענדיקער פוילן. אויך די אוקריינער האבן געהאפט צו שאפן א זעלבשטענדיקע אוקריינישע מלוכה. סיי אוקריינער און סיי פּאָליאַקן האָבן געמאַכט באַמיאונגען צו באַזעצן לודמיר, וואס איז פאר זיי געווען וויכטיק צוליב איר סטראַטעגישער פּאָזיציע אַלס אַ שטאָט ביי אַ באַן־קנופּ.

די מיליץ איז באשטאנען ווי אויבן שוין דערציילט פון יידן, אוקריינער און פּאָליאַקן. די אוקריינישע מיליציסטן האָבן סאַבאָטירט די פוילישע, און פאַרקערט, די פוילישע פאליציסטן האבן סאבאטירט די אוקריינישע. אין יענע איבערגאנגס־יארן זענען די יידישע מיליציסטן געווארן דער עיקר אין דער לודמירער מיליץ. אין דער צייט פון די שטרייטיקייטן צווישן די פוילישע חיילות און די אוקריינישע חיילות, וועלכע האבן זיך דערנענטערט צו לודמיר — זענען די יידן פאקטיש געווען א געוויסע צייט די בעלי־בתים פון שטאט.[108]

עס האבן זיך אנגעהויבן צו פארשפרייטן קלאנגען, אז אוקריינישע חיילות מארשירן אויף לודמיר בכדי איר צו אקופירן. דאַן האבן די אוקריינישע פויערים פון דער אומגעגנט

אָנגעהויבן אַרומרינגלען די שטאָט. דערביי האָבן זיי אנגענומען א פיינטלעכע שטעלונג צו דער יידישער באפעלקערונג.

די יידישע מיליץ לאזט אבער ניט אריין אין שטאט די אוקראינישע חיילות, בעיקר דערפאר ווייל זיי זענען געווען באַקאַנט מיט זייער יידנפיינטלעכקייט. עס אַנטוויקלט זיך א שיסעריי צווישן דער יידישער מיליץ און צווישן די אנגרייפנדיקע אוקראינער. דערביי ווערן פארוואונדעט און געשאָסן אַ ריי אוקראינער. די אוקראינער טרעטן אָפּ.

אין א קורצער צייט ארום מארשירן אריין קיין לודמיר די פוילישע לעגיאנערן. אויך זייער שטעלונג צו דער יידישער באפעלקערונג איז פיינטלעך. זיי ליקווידירן גלייך די יידישע מיליץ.

די יידן דערוויסן זיך אז עס דראט תלייה מצד די פוילישע לעגיאנערן די יידישע עסקנים משה שיינבוים און נתן שטערן. דער שעף פון שטאטראט ליצקענדארף, און דער פוילישער קסיאָנדז גייען אַוועק צום אָנפירער פון די פוילישע לעגיאנערן ראפטשעווסקי און רופן אפ די גזירה.

אין א גאר קורצער צייט ארום גייען אריין אין לודמיר אַ גרופּע פוילישע סאָלדאַטן, וועלכע רופן זיך אָן „יאווארשטשיקעס" אויפן נאמען פון זייער אנפירער יאווארסקי. זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער אכזריותדיקן אנטיסעמיטיזם. זיי בושעווען, שלאגן יידן און שניידן בערד. יידן ווערן שוצלאז און הפקר.

אין יענע טעג איז דערמארדעט געווארן א יידישער בעקער אין דער פאליציי־קאמאנדע. יידן האבן מורא אָפּצונעמען זיין קערפּער און אים ברענגען צו קבורת ישראל, ווייל יעדערער ווייס, אז אין דער פאליציי קאמאנדע דראט אים אומרחמנותדיק געשלאגן צו ווערן.

א יוגענטלעכער מענדל טענענבוים האט ריזיקירט מיטן לעבן. ער איז אוועק אין קאמאנדע, צוגענומען דעם מת, אין ארייַנגעלייגט אין א גרויסן זאק און אים געטראגן צוויי קילאמעטער צום יידישן בית־עולם. מענדל טענענבוים איז שפעטער אוועק קיין ארץ ישראל, און איז געווארן איינער פון די גרינדער פון כפר־ויתקין.[108]

## געזעלשאפטלעכע ארבעט

ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען אַ פאַקט וואָס איז געווען כאראקטעריסטיש פאר א סך יידישע שטעט אין פוילן און ליטע, אז דווקא אין מלחמה־יארן האט זיך אנגעהויבן ביי זיי צו אנטוויקלען א ברייטע פאליטישע און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. עס זענען אנטשטאנען פאליטישע אָרגאַניזאַציעס און קולטור־אינסטיטוציעס.

אזוי איז אין לודמיר געגרינדעט געווארן אין די יארן פון מלחמה און פון דער עסטרייכישער אקופאציע די ציוניסטישע ארגאניזאציע. איר גרינדער איז געוועזן א ייד לאנדער, וואס איז אנגעקומען מיטן פליטים שטראם. בייגעהאלפן אים האבן משה שיינבוים און לעווין. שפּעטער איז געוואָרן פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע ד"ר שלמה ישראלי (איזראַעליט).

עס זענען אין יענע יאָרן אַנטשטאַנען צוויי העבראַישע פאלקסשולן. די פאלקסשולן האבן אקטיוויזירט א סך לערערס. בראש פון דער ערשטער פאָלקסשול איז געשטאַנען דער לערער מענדל ליפּסקער, וועלכער האט ארגאניזירט קינדער־פאָרשטעלונגען אויף העבראַיש: חנה און אירע זיבן זין, דוד און גלית. ער האט אויך ארגאניזירט א העבראַישן כאר. פון די אנדערע לערער זענען באקאנט די לערער יהושע קליינער און פילימאווסקי.

בראש פון דער צווייטער שולע זענען געשטאנען די לערערס אידאמאשעק און דונער.

דער אפיציעלער לודמירער רב איז אין יענער צייט געווען הרב גאטליב, אן אפּשטאמיקער פון גאליציע.

וואַנדער־אָפּערעטן טרופּעס אונטער דער לייטונג פון לובלינער טעאַטער־דירעקטאָר יעקב וואַקסמאַן באַזוכן אָפט לודמיר, און זיי שטעלן אַ רעפּערטואַר פון גאָלדפאַדן־אפּערעס.

## לודמיר אונטער דער פוילישער הערשאַפט

מיטן מאָמענט וואָס לודמיר ווערט ווידער אָנגעהעריק צו פוילן און דאָס לודמירער יידנטום ווערט פאַרבונדן ווידער מיטן פוילישן יידנטום, הויבט זיך אָן אין לודמיר אַן אויפבלי־עפּאָכע; עס אַנטשטייען אין איר קולטור־געזעלשאפטלעכע און פאליטישע אנשטאלטן, ווי אויך זעלבסטהילף־אינסטיטוציעס, ענלעך, ווי אין אַלע יידישע ישובים, שטעט און שטעטלעך פון פוילן.

ווי באקאנט איז די צענטראלע פון יידישן לעבן אין פוילן, אויף אַלע שטחים, געווען וואַרשע. דאָס לודמירער יידנטום פארבינדט זיך מיט ווארשע און הויבט אן אויפצושטעלן זיינע פאליטישע, קולטורעלע און עקאנאמישע אינסטיטוציעס.

שוין אין יאר 1918, גלייך נאך ענדע קריג ווערט געגרינדעט אין לודמיר אַן אָפּטיילונג פון „דזשוינט" מיטן צוועק צו העלפן דעם לודמירער יידנטום שטעלן זיך ווירטשאפטלעך אויף די פיס. דער פארזיצער פון דזשוינט איז געווען ד"ר נאָוואַק, און די חברים פון ועד זענען געווען משה שיינבוים, מאיר לינטאוו, די ברידער אפעלצווייג, משה בויקא.

לודמיר ווערט אפט באזוכט דורך דראמאטישע אַנסאַמבלען פון פוילן. אַזוי קומען קיין לודמיר אסתר רחל. קאמינסקי מיט איר דראמאטישער טרופּע, ווי אויך די אפּערעטן־טרופּע הערשקאוויטש, און עס איז טע.טיק אין לודמיר אן ארטיקער דראמאטישער קרייז, אנגעפירט פון פאטאגראף איזאק שטערן.

אין די יארן 1919—1922 ווערט געשטעלט דער דיבוק און ס'טרעטן אויף א גאנצע ריי וואנדער־טרופּן.

אין יאר 1924 ווערט אין לודמיר געגרינדעט די יידישע סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי פועלי ציון פאראייניקט מיט צ. ס., ווי אויך די יוגנט ארגאניזאציע השומר הצעיר.

אין יאר 1925 ווערט אויסגעקליבן א ועד פון „תרבות". זיין פארזיצער איז מיכאל בערגנער, וויצע־פארזיצער יעקב יעלין, חברים פון ועד: משה שיינבוים, יחיאל קויפמאן,

חיים קליינמינץ, אַברהם אינגבערג, פנחס שיינקאַסטל, יהושע קליינער, חיים פערל, זאב אפעלמאַן. עס ווערט אויך געעפנט א „תרבות״ שול, וואס ציילט אין יענעם יאר 83 קינדער אין 3 כתות.

פועלי־ציון צ. ס. שיקט אַ דעלעגאַט, לייב לערער, צו דער קאנפערענץ פון דער ליגע פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואס איז דאן צושטאנד געקומען אין ווארשע מיט דער באַטייליקונג פון וואַנדערוועלדע.

אין די ווייטערדיקע יארן קומען פאר צוויי מאל שטאט־ראט וואַלן: אין יאַר 1929, ווען די יידן פירן דורך 12 מאנדאטן אויף 24 מאנדאטן און אין יאר 1932, ווען זיי פירן דורך נאר 8 מאנדאטן. אין יאר 1929 איז געווען דער צוזאמענשטעל פון די יידישע מאנדאטן פאלגענדער: אַלגעמיינע ציוניסטן דריי: ד״ר סטארער, יעקב יעלין, צבי לייב; האַנדווערקער דריי; קליינהענדלער דריי: ברוך אייזן פועלי־ציון צ. ס. צוויי: שמוקלער און בונד איינער: הערליך.

די וואלן ווערן באגלייט מיט א העפטיקער וואל־קאמפאניע און מיט פארשיידנארטיקע וואל־אויפרופן און וואל־פלאקאטן.

עס אנטוויקלט זיך אין לודמיר א יידישע פרעסע. עס דערשיינט א וואכנשריפט „לודמירער לעבן״ (לודמירער אומפארטייאישע דעמאקראטישע וואכנבלאט), אונטער דער רעדאקציע פון ז. וואסער. אין יאר 1930 באשליסט אויך די ציוניסטישע ארגאניזאציע ארויסגעבן א וואכנשריפט א.נ. „אונזער צייטונג״. אלס ערשטער רעדאקטאר ווערט געוויילט משה שיינבוים, אלס רעדאקציע מיטגלידער ד״ר סטארער, באקסער און אברהם אינגבער. די צייטונג דערשיינט נאר צוויי חדשים.

אין יאַר 1927 ווערט געגרינדעט אַ „בית״ר״. אין יאַר 1930 פאַרלאָזט אַ גרופע דעם בית״ר און גרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע „מסדה״.

אין יאַר 1933 ווערט געגרינדעט אין לודמיר אַ האַנטווערקער־און קליינהענדלער־באַנק ביי דעם קליינהענדלער־פאַריין.

די העברעישע „תרבות״־שול, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן מיט 83 קינדער, וואַקסט זיך שנעל פונאַנדער און ציילט שוין אין יאָר 1934 קרוב 500 תלמידים.

די „תרבות״־טוער טרעטן צו שאַפן אַן אייגנאַרטיקע שול־אינסטיטוציע אין לודמיר, וועלכע זאָל געבן דער יוגנט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע צוגרייטונג פאַר ארץ־ישראל. און נעמלעך, דעם 15 יוני 1936 עפענען זיך די צוויי־יעריקע לאַנדווירטשאַפטלעכע קורסן „תרבות״ פון לודמיר. הויפּט־לייטער — אינזש. סיעניצקי. אין אַלגעמיין האָבן די קורסן דורכגעמאַכט אַן ערך 100 מאַן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. די שול האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן נאָר איין אַרויסלאָז. פון אַלע שול־תלמידים זענען איבערגעבליבן ביים לעבן נאָר איין לערער און 10 תלמידים.

אין זעלבן יאָר מערקט זיך אַ גרויסער עליה־געדראַנג קיין ארץ ישראל. היות ס׳זענען געווען זייער ווייניק סערטיפיקאַטן הויבט זיך אָן אַן אומלעגאַלע עליה־באַוועגונג און 50 יוגנטלעכע פון לודמיר זענען אין יענעם יאָר אומלעגאַל עולה געווען קיין ארץ ישראל.

אַ גרויסע באַדייטונג אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לודמיר שפילט אָפּ די פאָלקסבאַנק. ס׳איז דאַן געווען די עפּאָכע פון שאַרפן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן און אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „ראָזוואָי״ האָט געשטרעבט אַרויסצושטופּן די יידן פון זייערע פּרנסות. די שטייער־לאַסטן זענען געווען דאַן זייער גרויסע און סיי די גרויסע סוחרים און סיי די קליינהענדלער זענען געשטאַנען פאַר אַ רואין. די פאָלקס־באַנק האָט געגעבן הלוואות פאַר די סוחרים און פאַר די קליינהענדלער און זיי געהאָלפן דורכשטופּן די שווערע צייט. ס׳זענען אין איר געווען אָנגעשלאָסן 800 מיטגלידער. דער פאָרזיצער פון ועד איז געווען מיכאל בערגנער, די צוויי חברים פון ועד זענען געווען פנחס שיינקעסטל און צבי שיינער. דער פאָרזיצער פון ראַט: דוד באָקסער.

עס איז אויך צו דערמאָנען די טעטיקייט פון „אזע״ וועלכע האָט געזאָרגט פאַר דעם געזונט־צושטאַנד פון דער אומפאַרמעגלעכער יוגנט און „אָרט״ וואָס האָט געלערנט פאַכן דער יוגנט.

אין לודמיר האָט געבליט און אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט דאָס „יתומים־הויז״ אַרום וועלכן ס׳זענען געווען קאָנצענטריט די פילאַנטראָפּן פון שטאָט.

דאָס ציוניסטישע לעבן אין שטאָט איז געווען זייער אַקטיוו און דינאַמיש. ס׳זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע זאַמלונגען פאַר קרן היסוד און פאַרן קרן הקימת. עס זענען פאָרגעקומען ציוניסטישע פאַראַנשטאַלטונגען אין לודמיר, אָפּט אויך מיטן אָנטייל פון פּראָמינענטע יידישע אָנפירער פון פוילישן יידנטום.

אַ גרויסע איבערלעבונג פאַר לודמיר איז געווען דער באַזוך פון סיים־דעפּוטאַט יצחק גרינבוים, וועלכער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פייערלעכקייט.

די געשעענישן אין ארץ ישראל אין יאָר 1936 האָבן געהאַט זייער אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון לודמיר. עס זענען פאָרגעקומען מאַסן־טרויער־פאַרזאַמלונגען מיט דער באַטייליקונג פון טויזנטער מענטשן. לודמיר איז דאַן געשטאַנען אויפן פערטן אָרט אויף דער ליסטע פון די געלט־זאַמלונגען וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך די יידישע קהילות אין פוילן.

די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער אין לודמיר איז ערב דער וועלט מלחמה דערגאַנגען אַן ערך צו 25000. די פאָלקסציילונג אין יאָר 1931 האָט געוויזן 24591 איינוווינער און די פאָלקסציילונג אין יאָר 1934 האָט געוויזן 24614 איינוווינער.

און אַזוי, אינמיטן אויפבלי און פונאַנדערוווקס פון דער שטאָט בכלל און פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בפרט, איז אויסגעבראָכן די גרויזאַמע צווייטע וועלט־מלחמה.

## אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 דערקלערט דייטשלאַנד קריג פוילן. אין אייניקע טעג אַרום הויבן אָן אָנצוקומען קיין לודמיר פּליטים פון די אַרומיקע פּוילישע געגנטן.

דעם 10 סעפטעמבער ווערט לודמיר באָמבאַרדירט דורך די נאַצישע עראָפּלאַנען. ס'זענען דאָ 31 יידישע, און 64 קריסטלעכע דערהרגעטע, צווישן זיי 52 סאָלדאַטן. פאַרווונדעטע — 16 יידן און 24 קריסטן. אַ גאַנצע ריי הייזער ווערן צעשטערט.

דאָס דייטשע מיליטער דערנענטערט זיך צו לודמיר. די פּוילישע מאַכט פאַרלאָזט לודמיר. אין דעם טומל פון דערוואַרטן דעם נאַצישן אָנקום. ווערן דערשאָסן 4 יידן. ס'ווערן אויך אַרויסגעפירט אין די קאַזאַרמעס צום דערשיסן 150 יידן און 150 אוקראַינער.

לודמיר געפינט זיך צוויי טעג אָן אַ מאַכט. מען דערוויסט זיך פּלוצעם, אַז די סאָוויעטן געפינען זיך 20 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. עס ווערט אָנגעזאָגט די סאָוויעטן וועגן די 300 אַרעסטירטע.

די סאָוויעטן פאַרנעמען לודמיר. לויט די השערות האָט צו יענער צייט לודמיר געציילט 36.000 איינוווינער. מען האָט געשאַצט אַז אין לודמיר זענען דאַן געווען אַן ערך 22.000 פּליטים.

די יידן פון לודמיר הויבן אָן איינצואָרדנען הילף פאַר די המונים פון די אַריינגעפלאָסענע פּליטים.

ס'דערנענטערט זיך דער אָנהויב שול־יאָר. די „תרבות״ עסקנים באַשליסן, ממשיך זיין דעם קיום פון די „תרבות־שולן.[109]

אַ דעלעגאַציע גייט אַוועק צום ציוויליקן בילדונגס־קאָמיסאַר און בעט אים דערלויבן דעם ווייטערדיקן עקזיסטענץ פון די העברעישע שולן. ער ענטפערט, אַז ער האָט גאָרנישט קעגן העברעיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך. ער פאָדערט אויף פונאַנדערלאָזן דעם „תרבות״־קאָמיטעט און אַרויסצונעמען רעליגיע פון דעם לימודים־פּראָגראַם.

אַ דאַנק דעם האָבן אַן ערך 600 קינדער אין לודמיר געלערנט העברעיש ביזן 15 נאָוועמבער 1939, ווען דער קולטור־קאָמיסאַר האָט געמאָלדן, אַז די שולן דאַרפן אַריבערגיין אויף יידיש.

די קינדער באַמיען זיך ווייטער צו רעדן צווישן זיך העברעיש, אָרדנען איין געהיימע זאַמלפּונקטן, אויף די ווענט באַווייזן זיך פון צייט צו צייט און בעיקר חנוכה אויפרופן וואָס טראָגן אַ ציוניסטישן כאַראַקטער.

די סאָוויעטן פירן אַרויס קיין סיביר דעם ציוניסטישן עסקן לעוו מיט זיין פרוי (וואַרשיינלעך, אַז ער איז געשטאָרבן דאָרט מיט זיין פרוי).

## דאַטן פון די קאַטאַסטראָפע־יאָרן

### 1939

סעפטעמבער — לודמירער יידישע באַפעלקערונג ציילט קרוב 28.000 מאַן.

1 סעפטעמבער — נאַצי־דייטשלאַנד באַפאַלט פּוילן.

3 סעפטעמבער — ס'קומען אָן קיין לודמיר פּליטים פון פּוילן.

10 סעפטעמבער — די דייטשן באָמבאַרדירן לודמיר; אַן ערך 25 יידישע קרבנות.

14 סעפטעמבער — (ראש־השנה) — די דייטשן ביי לודמיר; אַ סך יידן פאַרלאָזן לודמיר.

16 סעפטעמבער — קלאַנגען אַז די סאָוויעטן וועלן באַזעצן לודמיר; די פּוילישע באַפעלקערונג גרייט זיך צו פּאָגראָמען איבער יידן.

17 סעפטעמבער — די סאָוויעטן אַריין אין לודמיר.

### 1941

22 יוני —אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. אוסטילע ביי לודמיר (גרענעץ־שטעטל צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד) צעשאָסן דורך די דייטשן.

23 יוני — דייטשן באָמבאַרדירן לודמיר, בעיקר דעם יידישן פּערטל. אַ סך יידישע קרבנות. אין אַ באָמבאַרדירטער חורבה אומגעקומען דער אוסטילער רב שיינטוך יהושע. פאַרברענט געוואָרן צוויי קעלערן מיט 550 באַהאַלטענע יידן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער — באַפעל אָפּצוגעבן אַלע ראַדיאָס און ביכער; די ביכער זענען פאַרברענט געוואָרן; ס'ווערט אויפגעשטעלט אַן אוקראַיינישע פּאָליציי.

5 יולי — 150 יידן ווערן געכאַפּט דורך די נאַציס און אוקראַיינישער פּאָליציי. די יידן האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט.

בערך 7 יולי — געביטס־קאָמיסאַר גערופן די חשובסטע יידן און געהייסן זיי שאַפן אַ יידנראַט, בראש מיט הרב מאָרגנשטערן; מיטגלידער פון יידנראַט: שמחה ברעגמאַן, ד"ר כץ, ד"ר בובעס, בירמאַן.

שמחה ברעגמאַן פאַרמיטלט צווישן יידנראַט און די דייטשן (אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום איז געשטאָרבן הרב מאָרגנשטערן; אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַדוו. ווייללער).

31 יולי — געכאַפּט געוואָרן אַ 200 יידישע מענער דורך דער אוקראַיינישער פּאָליציי; זיי האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט אַ היים.

אויגוסט — איינגעפירט ברויט־קאַרטן: אַ ייד באַקומט אַ קילאָ ברויט אַ וואָך.

יידן, עלטער פון 10 יאָר דאַרפן טראָגן 2 געלע לאַטעס (איינע איבערן ברוסט, די אַנדערע אויף דער פּלייצע). דער יידנראַט זאַמלט ביי די יידן גאָלד, זייגערס און אַנדערע ווערטזאַכן און גיט זיי אַלס מתנות די דייטשן. דער יידנראַט שיקט יידן אויף אַרבעט אין פאַרשיידענע דייטשע אַרבעטס־שטעלעס.

29/30 אויגוסט (פרייטיק—שבת) — געכאַפּט געוואָרן 300 יידן, (צווישן זיי אויך אייניקע פרויען, וואָס האָבן זיך ווידערגעשטעלט ביים כאַפּן זייערע מענער). די געכאַפּטע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין דער לודמירער תפיסה און זיך מער נישט צוריקגעקערט.

(צווישן די דערשאָסענע: אַדוו. ווייללער; אין אַ פּאָר טעג אַרום ווערט באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון יידנראַט דער צאָן־דאָקטאָר באַרדאַך).

בלוטיקער מאָנטיק, צוויי טעג ערב יום־כיפור — דייטשן מיט אוקראַיינישע פּאָליציסטן שלאָגן מערדלעך יידן; געכאַפּט געוואָרן אַן ערך 1000 יידן; 250 פון זיי דערהרגעט געוואָרן אין תפיסה. די כאַפּעניש איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן געביטס־קאָמיסאַר.

(שפּעטער איז דער געביטס־קאָמיסאַר דערהרגעט געוואָרן דורך ייִדן, פאָרנדיק נישט ווייט פון לודמיר).

בלוטיקער מיטוואָך — געשטאַפּאָ מיט אוקראַינישער פּאָליציי אַרויסגעפירט פון די אַרבעטס־פּלעצער אַן ערך 500 — 600 ייִדן, זיי מערדערלעך געשלאָגן, און שפּעטער דערמאָרדעט.

די אוקראַינער פירן אַרויס פון לודמיר 120 מאַן פון אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער אַרבעט; דוד באָקסער פאַרשאָטן געוואָרן ביי דער אַרבעט לעבעדיקערהייט.

אָקטאָבער (אַ פרייטיק) — „אַקציע פון דער ייִדישער אינטעליגענץ".

די אוקריינער פירן אַרויס פון לודמיר 120 מאַן פון דער אינטעליגענץ. די דייטשן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז מען האָט זיי געפירט אויף אַרבעט.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער שטעלן די ייִדן פעסט, אַז אין טורמע זענען אויסגעגראָבן געוואָרן גריבער, און אַז די אַרויסגעפירטע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין תפיסה־הויף, און דאָרט באַגראָבן געוואָרן אין די דאָזיקע גריבער.

1942

פעברואַר — מען הייסט ביים באַן 10 ייִדן גראָבן אַ גרוב, און ווען די גרוב איז אויסגעגראָבן, ווערן די גרעבער דערשאָסן, און מען פאַרשיט זיי אין די גריבער.

7 פעברואַר — די דייטשן באַשטימען דעם שטח פון געטאָ לודמיר.

27 פעברואַר — 250 לודמירער ייִדן ווערן אַרויסגעפירט אויף אַרבעט קיין קיעוו.

אָנהויב מערץ — דער ייִדן־ראַט באַקומט די דערלויבעניש צו מקבר זיין אויפן ייִדישן בית־עולם די 10 הרוגים ביים באַן.

2 מערץ — די 250 אַרויסגעפירטע ייִדן קיין קיעוו ווערן צוריקגעבראַכט קיין לודמיר. קלאַנגען, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן אויפגעריסן די באַן־ליניעס.

1 אַפּריל — דסר־נאַכט אין לודמיר אונטער דער נאַצישער הערשאַפט.

13 אַפּריל (פּסח) — די לודמירער ייִדן ווערן אַריינגעפירט אין געטאָ. ס'ווערן געשאַפן 2 געטאָס:

א. „דער לעבעדיקער געטאָ" — געטאָ פון פאַך־אַרבעטער.

ב. „דער טויטער געטאָ" — געטאָ פון פּאַכלאָזע אַרבעטער.

1 מאַי — געשלאָסן דעם געטאָ.

זומער 1942 — 30 מאַן אָרגאַניזירן זיך בכדי צו זוכן קאָנטאַקטן מיט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע געפינען זיך אין די וועלדער. דער ייִדנראַט וויל נישט מיטהעלפן.

1 אויגוסט — די ייִדן וואָס אַרבעטן אויסערן געטאָ ווערן באַפרייט פון זייער אַרבעט. — אַ סך לודמירער ייִדן ווערן באַשעפטיקט ביים גראָבן אין לודמיר אַ קאַנאַל דורך וועלכן עס ווערט דורכגעפירט אַ געהיימער טעלעפאָן־קאַבל.

5—22 אויגוסט — הונדערט ייִדן גראָבן דריי גרויסע גריבער אויף פּעטידין אונטער דער לייטונג פון אינזשיניער שוואַרצבאַרד. די דייטשן זאָגן אַז דאָרטן וועלן אויפגעבויט ווערן פלי־פּלעצער, און די גריבער וועלן דינען אַלס אונטערערדישע מאַגאַזינען.

20 אויגוסט — איבער 1000 ייִדן ווערן גענומען אויף אַרבעט בכדי צו גראָבן די גריבער פון פּעטידין.

מערערע ייִדן, וואָס אַרבעטן אויף לאַנדווירטשאַפט אין אַרומיקע דערפער, ווערן געבראַכט קיין לודמיר.

ייִדן בויען פּיבערהאַפט באַהעלטענישן צוליב די קלאַנגען, אַז די גריבער וועלן דינען צו דער ייִדן־פאַרניכטונג.

1 סעפּטעמבער (דינסטיק) י"ט אלול תש"ב — אָנגעהויבן דער ערשטער „פּאָגראָם", בשעת וועלכן מען האָט אַרויסגעפירט די לודמירער ייִדן צום דערשיסן אין די גריבער פון פּעטידין.

דער „ערשטער פּאָגראָם" — דער פּאָגראָם האָט געדויערט אָפיציעל 15 טעג; מען האָט געזוכט באַהאַלטענע קרוב אַ גאַנצן חודש. מיט דער שיסונגס־אַקציע האָט אָנגעפירט דער געביטס־קאָמיסאַר וועסטערהיידע מיט זיין סעקרעקטאַרין אַננאַ אַלטפּוטער. דער מערדער הילער פלעגט באַקומען פאַר יעדן דערשאָסענעם ייִדן 20 מאַרק.

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אין „טויטן געטאָ" און שפּעטער אַריבער אין „לעבעדיקן געטאָ".

סך הכל: אומגעקומען אַן ערך 18.000 מאַן; ווי מען איז משער:

4000 — אין די גריבער פון דער לודמירער תפיסה.
14000 — אין די גריבער פון פּעטידין:
9000 — אין ערשטן גרוב
2000 — אין דריטן גרוב
3000 — אין צווייטן גרוב

דאָס רוב געכאַפּטע זענען געווען פון „לעבעדיקן געטאָ". בשעת די אַרויסשיקונגען זענען געווען פּרווון פון אַנטלויפן. דאָס רוב אַנטלאָפענע האָט מען געכאַפּט און געפירט אין טורמע און פון דאָרט צו פּעטידין.

די ווענט פון דער תפיסה זענען פול מיט אויפשריפטן: „נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט!".

12 סעפּטעמבער — ראש השנה.

15 סעפּטעמבער — איבערגעריסן אָפיציעל דעם פּאָגראָם. מען האָט געמאָלדן אַז די וואָס זענען איבערגעבליבן וועלן בלייבן לעבן, און מען האָט זיי געלאָזט זיך צונויפזאַמלען אין געוועזענעם „טויטן געטאָ" (אין קליינעם געטאָ). דאָרט האָט זיך צונויפגעזאַמלט קרוב 4.000 מאַן.

נאָכן 15 סעפּטעמבער — קודיש האָט ווידער איבערגענומען די לייטונג פון געטאָ. צו זיין הילף: פּנחס שיינקאַסטל און רעגאַל. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע פּאָליציי. אינעם נייעם געטאָ האָט מען ניט געטראָגן קיין לאַטעס. די ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיטן סאָרטירן די זאַכן פון די הרוגים.

די בעסערע מעבל פון די הרוגים איז איבערגעגעבן געוואָרן פאַר דייטשן, די ערגערע — פאַר פויערים פון דער נאָענטסטער סביבה. דער מאַגיסטראַט פון לודמיר האָט אָנגעהויבן צו פאַרקויפן יידישע הייזער פאַר ביליקע פרייזן צו פאָליאַקן.

22 סעפּטעמבער — יום הכיפורים.

13 נאָוועמבער — „צווייטער פּאָגראָם" פון לודמירער געטאָ אַדורכגעפירט דורך דייטשן און אוקריינישע פּאָליציי. ליקווידירט דעם געטאָ פון די פּאַכלאָזע.

פרייטיק („צווייטער פּאָגראָם") — 2 יונגע לייט ווילן זיך דורכרייסן מיט רעוואָלווערן דורך די דראָטן, זיי ווערן דערשאָסן. ס'ווערן אויך דערשאָסן אַלע אַנדערע, וואָס ווילן זיך דורכרייסן דורך די דראָטן.

דאָס מאָל האָט מען ניט געפירט צו דערשיסן די יידן וואָס האָבן געהאַט „פּאַכמענער־אויסווייזן" (בלויע שיינען). 15 מיידלעך מיט ייִנגלעך מיט עטלעכע ביקסן, באַהאַלטן זיך אין אַ בונקער לעבן דער „ציגעלניע". געשטאַפּאָ האָט זיי אַרומגערינגלט און באַוואָרפן מיט גראַנאַטן. 13 זענען אומגעקומען. צוויי האָבן זיך צופעליק געראַטעוועט: יוסף פּילץ, פּועטיע גיטמאַן. (יוסף פּילץ איז אויף מאָרגן געפונען געוואָרן טויט אין שטאָט, ביי דער טורמע).

דער פּאָגראָם האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. דערמאָרדעט זענען געוואָרן אַן ערך 4.000 מאַן.

נאָכן צווייטן פּאָגראָם — די זאַכן פון די אַרויסגעפירטע האָט מען צונויפגעזאַמלט אין דער „רויטער שולע"; די בעסערע זאַכן האָט מען אָפּגעגעבן די דייטשן, די ערגערע — פאַר דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אין „פּאַכגעטאָ" איז איבערגעבליבן אָפיציעל אַן ערך 1500 יידן. ביי די קריסטן און אין די פעלדער זענען געווען באַהאַלטן נאָך אַ 500 יידן.

דער געטאָ איז באַשטאַנען פון 17 געביידעס. אין זיי: שוסטערס, שניידערס, היטלמאַכערס, סטאָלערס, מולערס, פאָטאָגראַפן; אַ בעקעריי, אַ בראָנפן פאַבריקל, אַ וועשעריי. אַ בערשטל־פאַבריקל, קאָפּערטן־מאַכער, שילדן־מאַלער, פאַבריקל פון בערשטלעך צו שיך.

ווינטער 1942 — אין די וועלדער שאַפן זיך פוילישע און אוקריינישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וועלכע באַקעמפן זיך קעגנזייטיק; די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען די געגנטן פון קאָוועל, זייער צענטער איז געווען ביעלון; די אוקראַינער האָבן פאַרנומען אוסטילער געגנט און זאַריצע; עטלעכע פּרוון פון לודמירער געטאָ־יוגנט צו פאַרבינדן זיך מיט די פוילישע פּאַרטיזאַנער געלינגען ניט; מען דערציילט אין געטאָ, אַז די אוקריינישע פּאַרטיזאַנער פון די פּאָלעסיער וועלדער שניידן אויס די ציג־גער ביי יידן וואָס זיי כאַפּן.

4 דעצעמבער, פרייטיק — דייטשן, אונטער דער אָנפירונג פון קראַוזע, פירן אויס אַ זוכונג פון די „אומלעגאַלע" אין געטאָ. אַרויסגעפירט פון געטאָ אין תפיסה אַן ערך 40 „אומלעגאַלע".

5 דעצעמבער — חנוכה. די 40 לייט ווערן דערשאָסן.

15 דעצעמבער — ווידער אַ זוכונג פון אומלעגאַלע; קראַוזע דערשיסט 50 יידן.

25 דעצעמבער — געכאַפּט אַ פוילישן בחור וואָס איז אַריין אין געטאָ; אין זיין קעשענע געפונען אַ רעוואָלווער. די דייטשן זוכן יידישע פּאַרטיזאַנער. געפונען אַ רעוואָלווער ביי לייבל קוציובעס. ער ווערט דערשאָסן.

די דייטשן געפונען אַ 100 אומלעגאַלע, וועלכע ווערן אַרויסגעפירט צו דער תפיסה ווו זיי ווערן דערשאָסן.

דעצעמבער — אַ גרופּע פון 15 מאַן אין געטאָ גרייט זיך אויפצושטעלן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און הויבט אָן זיך צו באַוואָפענען.

## 1943

1 יאַנואַר — אין געטאָ געפינען זיך קרוב 500 מאַן.

עס ווערט דערלויבט די עטלעכע צענדליק „אומלעגאַלע" צו לעבן פריי אין געטאָ. (דערמיט ווערט אָפיציעל פאַרענדיקט דער פּאָגראָם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 13 נאָוועמבער 1942).

פורים — אַרויסגעשיקט 100 מאַן אויף די קברים אין פּעטידין, בכדי צו פאַרשיטן די אָפענע קברים. מען האָט געזאָגט קדיש, אל מלא רחמים. אַ סך האָבן דערקענט פּאַספּאָרטן פון זייערע עלטערן.

אַפּריל — ידיעות וועגן גרויסע דייטשע מפלות.

אוקריינער פאַרלאָזן די פּאָליציי, לויפן אין די וועלדער, ווו זיי שאַפן אוקריינישע פּאַרטיזאַנער גרופּעס, וועלכע קעמפן סיי קעגן די דייטשן און סיי קעגן די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. די דייטשן ווערבירן אַ פוילישע פּאָליציי.

שאַרפע אַנטאַגאָניזמען צווישן אוקריינער און פּאָליאַקן.

20 אַפּריל — פּסח.

אַפּריל — אַרויסגעשיקט אַ גרופּע יוגנטלעכע צו זוכן פּאַרטיזאַנער אין די פּאָלעסיער וועלדער. זיי זענען דערשאָסן געוואָרן. געבליבן ביים לעבן איז נאָר איינער פון זיי, וואַגמאַן, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט אין געטאָ.

7 מאַי — אַרומגערינגלט דעם געטאָ דורך פוילישער פּאָליציי. אַ פּאַניק אין געטאָ. קראַוזע דערקלערט: מען כאַפּט פּאָליאַקן בכדי צו שיקן זיי אויף צוואַנגס־אַרבעט אין דייטשלאַנד. פאַרהיט מען אַז זיי זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן אין געטאָ. אין געטאָ מיינט מען אַז ס'איז געווען אַ פּרוּוו מצד די דייטשן זיך צו איבערצייגן צי די יידן באַזיצן ניט קיין געווער און צי זיי וועלן ניט עפענען קיין פייער, זעענדיק, אַז זיי זענען אַרומגערינגלט.

י"ט אלול, 19 סעפּטעמבער — ערשטער יאָרצייט נאָך די קדושים. תפילות. אזכרות.

13 יוני — עטלעכע צענדליק יידן זענען זיך מתנדב צו מטפל זיין מיט די פּיעטידינער גריבער, ווו די ערד איז אונטערגעזונקען און זעען זיך אַרויס די קערפּער פון די הרוגים.

שמחת־תורה — קודיש פייערט זיין גאָלדענע חתונה.

אָקטאָבער — די דייטשן גראָבן שוץ־גריבער אין לודמיר.

ווינטער חדשים 1943 — דער געביטס־קאָמיסאַר וועסטער־היידע האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן פּאָליאַקן אויף אַרבעט

קיין דייטשלאַנד. ער האָט געצוואונגען יידן, צו גיין צוזאַמען מיט די ס.ס־לייט כאַפּן פּאָליאַקן. דער־מיט איז אים געלונגען צו פאַרשאַרפן די אַזוי אויך גרויסע שנאה פון די פּאָליאַקן צו די יידן.

די פּאָליאַקן האָבן, אַלס נקמה, אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן יידן פון די בונקערס.

8 דעצעמבער — —דער דייטשער מיליטערישער שטאַב פאַר־אָרדנט, אַז אַלע געטאָ־איינוואוינער זאָלן זיך רעגיסטרירן אין מיליטערישן שטאַב. עס וועלן אַרויסגעגעבן ווערן נייע דאָקומענטן פאַר די געטאָ־איינוואוינער.

12 דעצעמבער — עס ווערט געמאָלדן אַז מאָרגן איז דער לעצטער טאָג צו פאַרשרייבן זיך אויף די לעבנס־שיינען.

13 דעצעמבער — ליקווידאַציע פּאָגראָם פון לודמירער יידנ־טום. אין דער ליקווידאַציע־אַרבעט באַטייליקן זיך דייטשן מיט רוסן (וולאַסאָוועצעס).

צווישן די אַרויסגעפירטע אויף דער געטאָ־אָנפירער קודיש מען פירט ניט די יידן קיין פּיעטידין, נאָר אויפן וועג לודמיר־כוואַליעניעץ. דאָרט ווערן די יידן פאַרברענט. אַ פּאָר צענדליק יידן געלינגט אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער אַקציע און זיי וואַנדערן אין דער אַרומיקער אומגעגנט. די דייטשע פּאָליציי דערשיסט יעדן געכאַפּטן ייד.

מערץ — יידישע פאַרטיזאַנער פון לודמיר און אומגעגנט גע־פינען זיך צווישן די אָפּטיילונגען פון דער פוילישער פאַרטיזאַנקע.

די פוילישע פאַרטיזאַנקע גיט ארויס אַ באַפעל, אַז ביזן 24־טן מערץ זאָלן אַלע יידן פאַרלאָזן דעם שטח פון דער פוילישער פאַרטיזאַנקע און לודמירער געגנט (ביעלין). די יידן דאַרפן זיך קאָנצענטרירן אין וואָר־טשין. ווער עס בלייבט נאָך דעם טערמין, וועט דער־שאָסן ווערן.

24 מערץ — די פּאָליאַקן באַזעצן די 120 געראַטעוועטע יידן אין געטאָ וואַרטשין.

ביינאַכט האָבן די פּאָליאַקן אויסגעשאָסן די יידן פון וואַרטשין.

15 אַפּריל — רוסן ביי קאָוועל.

16 אַפּריל — דייטשע פאַרשטאַרקונגען קומען אָן קיין לוד־מיר. די רוס קערן זיך צוריק צו זייערע פּאָזיציעס. די פוי־לישע פאַרטיזאַנער פון ביעלין ווילן מיט זיי מיטגיין. די רוסן נעמען זיי נישט מיט.

די רוסן ביים פריפּיעט פאַרניכטן די פוילישע פאַרטי־זאַנקע פון ביעלין.

22 יולי — לודמיר ווערט באַפרייט דורך די רוסן.

איבערגעבליבן ביים לעבן עטלעכע צענדליק יידן.



ארון־הקודש בבית־הכנסת הגדול
דער ארון־קודש אין דער גרויסער שול

מ. שמוקלער

# אן איבערבליק איבער די געשיכטלעכע אנטוויקלונגס־פאזן פון לודמיר

שוין אין די פאַרהיסטאָרישע צייט האָט עקזיסטירט אַ ישוב אויפן אָרט פון היינטיקן לודמיר. וועגן דעם זאָגן עדות אַ סך קעגנשטאַנדן פון דער שטיינערנער תקופה, וועלכע זענען געפונען געוואָרן אין לודמיר און אין דער אומגעגנט, בשעת די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, ווי אויך אַ שייטערהויפן מיט קוילן און חיה׳שע ביינער, וואָס שטאַמען וואַרשיינלעך פון דער צייט פון געצנדינעריי, ווען מ׳האָט מקריב געווען קרבנות צו די געטער.

די ערשטע לעגענדאַרע ידיעות וועגן דער שטאָט, געפינען מיר אין אַ אונגאַרישער כראָניק, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 13־טן יאָרהונדערט, דורך דעם אונגאַרישן כראָניקער פון קעניג בעלא נאָטאַריוש. לויט דער לעגענדע האָט לודמיר שוין עקזיסטירט אין יאָר 884 אונטער דער אונגאַרישער הערשאַפט אַלס אַ רייכע שטאָט מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג אונטערן נאָמען לאדאמירא. פון דאַנען, מער ווי וואַרשיינלעך, שטאַמט דער יידישער נאָמען: „לודמיר".

דער רוסישער כראָניקער נעסטאָר לייקנט אָפּ די לעגענדע און זאָגט, אַז די שטאָט איז בכלל נישט געווען אונטער דער אונגאַרישער הערשאַפט, נאָר אין יאָר 883 איז זי צוזאַמען מיט אַנדערע סלאַווישע שטעט איינגענומען געוואָרן דורכן רוסישן פירשט אָליעג. די ערשטע היסטאָרישע ידיעות וועגן דער שטאָט באַציען זיך צום יאָר 988. אין דעם יאָר נעמלעך באַפעלט דער גרויסער קיעווער פירשט וולאַדימיר סוויאַטאָסלאַוויטש צו פאַרפעסטיקן די שטאָט לודמיר, וואָס ליגט אין צענטער פון וואָלינער בוי־געגנט, און גיט איר אָן דעם נאָמען „וולאַדימיר". אָט די נייע שטאָט האָט געדאַרפט דינען פאַרן לאַנד, ווי אַ פעסטונג קעגן די שכנות׳דיקע שונאים. אין אַזאַ מצב שענקט ער אַוועק די שטאָט זיין פינפטן זון ווסיעוואָלאָדן, וועלכער באַקומט איבער איר די הערשאַפט. פון דער צייט אָן מאַכט לודמיר דורך פאַרשיידענע גלגולים: פאַראַן צייטן, ווען די שטאָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איר אַנטוויקלונג, אָבער אויך אַזעלכע — ווען זי ווערט אין גאַנצן פאַרניכטעט און כמעט ווי אָפּגעווישט פון דער ערד.

אין יאָר 1017 ווערט די שטאָט פאַרנומען דורכן פּוילישן קעניג באָלעסלאַוו כראָברי. נאָך 13 יאָר גייט זי ווידער איבער אין די הענט פון רוסישן פירשט יאַראָסלאַוו וולאַדימיראָוויטש (מודרי). נאָכן טויט פון יאַראָסלאַוו אין יאָר 1054, באַקומט די הערשאַפט איבער דער שטאָט, צוזאַמען מיט גאַנץ וואָלין, זיין פינפטער זון איגאָר יאַראָסלאַוויטש. און פון יענער צייט אָן ווערט לודמיר די הויפּט פעאָדאַל־שטאָט אויף וואָלין. לודמיר ווערט אַ באַזונדער פּאָליטישער און גייסטיקער צענטער פון דרום־מערב אוקריינע — און ווערט די רעזידענץ פונעם פירשט און פונעם בישאָף.

דער שטח פון דער שטאָט האָט זיך ווייט געצויגן. דער דאָרף זימנע, וואָס געפינט זיך איצט 6 קלמ. פון דער שטאָט און דער דאָרף קאַהילנע, וואָס איז 12 קלמ. פון דער שטאָט, זענען אין דעם עלפטן יאָרהונדערט געווען פאָרשטעט. בכדי צו באַשווערן דעם פרייעם צוטריט פאַר די אָנפאַלער, איז די שטאָט געוואָרן שטאַרק באַפעסטיקט, אַז די איינוווינער זאָלן געפינען שוץ בשעת אַ סכנה און זיי זאָלן זיין געזיכערט מיטן לעבן און פאַרמעגן. די באַפעסטיקונג איז באַשטאַנען פון דריי רייען הויכע ערד־וואַלן מיט הויכע הילצערנע ווענט. די וואַלן זענען געווען אַרומגערינגלט מיט טיפע ראָוון. אין די ווענט זענען געווען עטלעכע טויערן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין מזרח־טייל פון דער שטאָט. נאָך די וואַלן, ווייט אַרויף, האָבן זיך געצויגן די לודמירער פאָרשטעט, נאַפּאַטניצע, זאוואלע, פּראוואלע, זאַלוזשע, זאַריטשע. א.א. (עס זענען נאָך פאַרבליבן שפּורן פון איין אינערלעכן וואַל. דער אויסערלעכער איז געוואָרן אינגאַנצן צעבראָכן. אין 16־טן יאָרהונדערט זענען די ראָוון געוואָרן פאַרשאָטן און דאָס אָרט איז פאַרבויט געוואָרן).

די באַפעסטיקונגען זענען געווען זייער גרויסע און שטאַרקע. אַזוי, אַז אין יאָר 1261, ווען דער רוסישער פירשט וואסילקאָ ראָמאַנאָוויטש האָט אויף דער אויפאָדערונג פון דעם טאַטערישן פירער בוראנדאי באַדאַרפט זיי צענעמען. איז דאָס געווען אומעגלעך, און מען האָט זיי געמוזט פאַרברענען.

די שטאָט איז אויך געווען באַשאָנקען מיט נאַטירלעכע פאַרצוימונגען. פון דרום איז זי געווען באַשיצט דורך דעם טייך לוג מיט זיינע אַרומיקע בלאָטעס און נאַסע לאָנקעס. פון מזרח — מיט די צופלוסן פון דעם לוג: רילאָוויצע און סמאָטש מיט די אַרומיקע בלאָטעס און זומפּן. די קינסטלעכע באַפעסטיקונגען זענען אָנגערופן געוואָרן שלאָס.

שוין אָנהויבנדיק פון דעם עלפטן יאָרהונדערט שטייגט די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט פון יאָר צו יאָר.

אין אָנהויב פון 13־טן יאָרהונדערט דערגרייכט לודמיר דעם קולמינאַטיוון פונקט פון איר אַנטוויקלונג און צעבליאונג. ווען דער אונגאַרישער קעניג אַנדריי באַזוכט לודמיר אין יאָר 1231 איז ער ממש איבערראַשט פון דער רייכקייט און גרויסקייט פון דער שטאָט מיט איר אַרכיטעקטור. ער זאָל אפילו האָבן דערקלערט, אַז אַזאַ שטאָט האָט ער אפילו נישט געזען אויף דער דייטשער טעריטאָריע. די דאָזיקע בלי־עפּאָכע האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט.

דער פעאָדאַלער הערשאַפט־סיסטעם, וואָס איז איינגע־
פירט געוואָרן דורך די רוסישע פירשטן האָט נישט לאַנג
געלאָזט וואַרטן אויף זיינע פאַטאַלע פאָלגן. דאָס לאַנד ווערט
צעברעקלט. די פירשטן ווערן צעפרעסן פון הערשזוכט און
קעגנזייטיקער קנאה. ס'קומט צו ברודער־קאַמפן, וואָס
שוואַכן אָפּ די ווידערשטאַנדספעאיקייטן פון דער מלוכה. די
מאָנגאָלישע האָרדעס נוצן אויס די געלעגנהייט און זיי
באַפאַלן דאָס אָפּגעשוואַכטע לאַנד, וועלכע איז אויסגעמאַ־
טערט פון אינערלעכע רייבונגען און קריגערייען. אויפן וועג
פון זייער זיגרייכן מאַרש, זייען די מאָנגאָלן חורבן און
פאַרניכטונג.

ווען די טאַטאַרן באַפאַלן וואָלין אין יאָר 1240 אונטער
דער אָנפירונג פון באַטיאַ, ווערט אויך לודמיר אינגאַנצן
חרוב; ווען דער דאַמאָלסדיקער לודמירער פירשט דאַניעל
קערט זיך אום קיין לודמיר, געפינט ער דאָ בלויז פוילנדיקע
מענטשלעכע און חיישע פגרים. דער געשטאַנק איז געווען
אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט דאָ
באַזעצן. דאַניעל באַשליסט דאַן פאַר יעדן פרייז צו באַ־
פרייען זיך פון מאָנגאָלישן יאָך און הויבט ווידער אָן צו
באַפעסטיקן די פאַרניכטעטע שטעט, צווישן זיי אויך לודמיר.

די באַפעסטיקונגען לאָזן נאָך מער אָן די מאָנגאָלן.
אין יאָר 1261 באַפאַלן זיי ווידער וואָלין אונטער דער אָנ־
פירונג פון דעם גרויזאַמען בוראַנדאַי, און לודמיר ווערט
אינגאַנצן אָפּגעווישט פון דער ערד, ווייל די טאַטאַרן צע־
אַקערן די שטאָט.

אין יאָר 1316 גייט לודמיר איבער אונטער דער הער־
שאַפט פונעם ליטווישן פירשט געדימין. אין יאָר 1340 באַ־
הערשט דער פוילישער קעניג קאַזימיר־דער־גרויסער גאַנץ
גאַליציע און אויך די מערב־טיילן פון וואָלין, צוזאַמען מיט
לודמיר.

אויפן סמך פון שלום־אָפּמאַך אין יאָר 1366, ווערט
לודמיר אָנערקענט אַלס אַ טייל פון פוילישן קעניגרייך.
נאָכן טויט פון קעניג קאַזימיר־דעם־גרויסן, פאַלט לודמיר
ווידער אַרונטער אין יאָר 1370 אונטער דער רוסישער הער־
שאַפט. אָנהויבנדיק פון יאָר 1386 ווערט לודמיר אויס רע־
זידענץ פון די פירשטן און איר אָרט פאַרנעמט לוצק. לוד־
מיר פאַרלירט איר פריערדיקן אויסזען און איינפלוס. די
אָפטע אָנפאַלן רופן זיך פאַטאַל אָפ אויף דער אַנטוויקלונג
פון דער שטאָט, וועלכע מוז זיך וואָס אַמאָל אויפסניי פו־
נאַנדעבויען.

בכדי צו הויבן דעם מצב פון דער שטאָט, גיט קאַזי־
מיר דער יאַגעלאָנער אין יאָר 1431 דער שטאָט די א. ג.
מאַגדענבורגער רעכט, וואָס ס'ברענגט אַריין אין לודמיר אַ
געוויסע אויפלעבונג.

אין יאָר 1452 ווערט וואָלין פאַרייניקט מיטן ליט־
ווישן פירשטנטום, מיט דער הויפּטשטאָט ווילנע. לודמיר
ווערט אויס צענטער, און ווערט רעדוצירט צו דער מדרגה
פון אַ פּראָווינץ־שטאָט. אין יאָר 1491 ווערט לודמיר ווידער
באַפאַלן דורך די טאַטאַרן. די שטאָט ווערט חרוב און אַ סך
מענטשן אויסגעהרגעט. אין יאָר 1500 רייסן זיך אַריין די זין
פון קרימער כאַן מענגלי גיריא קיין וואָלין און פאַדאָליע
מיט 15.000 רייטער. צווישן אַנדערע שטעט גייט אויך לוד־
מיר אַוועק מיט רויך. אין יאָר 1552 ווערט לודמיר אינגאַנצן
איבערגעבויט און פאַרמאָגט שוין 698 הייזער. דער אָפּ־
געברענטער שלאָס ווערט ווידער באַנייט מיט 5 טורעמס און
אַ בריק.

נאָכן אַנטשטיין פון דער לובלינער אוניע אין יאָר
1569, ווערט לודמיר דערקלערט אַלס קרייז־שטאָט און ווערט
די אַמווייטסטן אַרויסגערוקטע שטאָט אויפן מערב, וואָס
שפילט אַ וויכטיקע פּאָלאָניזירנדיקע ראָלע. די שטאָט איז
נאָך נישט אויפגעבויט געוואָרן נאָך די ווילדע אָנפאַלן,
ווען אין יאָר 1657 פאַרברענען די קאָזאַקן און די אונגאַרן
אויפסניי אַ טייל פון איר און באַרויבן זי. פון דעמאָלט
אָן אַנטוויקלט זיך לודמיר זייער שוואַך און לעבט איבער
כסדרדיקע ירידות. אַלס אַן אָרעמע, קליינע און ווייניק
באַוווינטע שטאָט, ווערט זי ווידער אָקופּירט דורך די רוסן
אין יאָר 1795 נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן.

אין יאָר 1859 ברעכט אויס אין לודמיר אַ גרויסע
שרפה. נישט קוקנדיק אויף די שווערע פאָלגן, וואָס די
שרפה ברענגט מיט זיך, באַווייזט דאָך די באַפעלקערונג
אויפצובויען די חורבות, און אין צוויי יאָר אַרום, אין 1861,
ציילט שוין לודמיר 8.636 איינוווינער ביז 9.885.

דאָס יאָר 1906 דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַ איבער־
ברוכס־דאַטע אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אין
דעם יאָר ווערט דורכגעפירט די ערשטע באַן־ליניע, וואָס
פאַראייניקט לודמיר מיט קאָוועל. דער פאַקט האָט אַ דעצי־
דירנדיקע באַדייטונג אויפן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער
שטאָט, וואָס איז ביז דעמאָלסט געווען אָפּהענגיק פון די
שלעכטע קאָמוניקאַציע־מיטלען.

דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914
ברענגט צו אַ באַדייטנדיקע פאַרקלענערונג פון דער באַ־
פעלקערונג, וועלכע וואַנדערט אויס אין די ווייטע רוסישע
געגנטן. די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט ווערט אָפּגעשטעלט.

זומער 1915 ווערן די רוסישע חיילות געצוווּנגען צו
פאַרלאָזן די שטאָט. די רעשטלעך פון די קאָזאַקישע אַפּטיי־
לונגען צינדן אונטער די יידישע בנינים אין דעם צענטער
שטאָט, פאַרניכטנדיק די שענסטע געביידעס.

די אָקופּאַציע־צייט 1915—1918 ברענגט די שטאָט באַ־
דינגונגען פון אַ מיליטערישן רעזשים. אַלע געביטן פון גע־
זעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און וויסנשאַפטלעכן לעבן ווערן
אָפּגעשטאַרבן.

די אָקופּאַנטן פירן דורך די עלעקטריפיקאַציע פון דער
שטאָט, וואָס האָט צעשטרייט די געדיכטע פינצטערניש, אין
וועלכער לודמיר איז שטענדיק געווען פאַרזונקען. נישט ווי־
ניק וויכטיק איז אויך פאַר דער שטאָט דאָס דורכפירן די
באַן־ליניע, וועלכע פאַראייניקט לודמיר מיט הרוביעשאָוו.

נאָכן אויסברוך פון דער עסטרייכישער רעוואָלוציע
אין אָקטאָבער 1918 לעבט די שטאָט אונטערן טעראָר פון
די אָפט זיך בייטנדיקע מיליטערישע מאַכטן. מיטן ווידער־
געבורט פון דער פוילישער מלוכה טרעט אַריין לודמיר אין
אַ פאַזע פון פּראָגרעסיוון אויפשטייג. די אַלץ וואַקסנדיקע
באַפעלקערונג ברענגט אַ פונאַנדערבוי פון דער שטאָט אין
פאַרשיידענע ריכטונגען. אפילו די יעניקע טיילן פון דער
שטאָט, וועלכע זענען געלעגן אין זומפּיקע געגנטן, און גע־

ווען די פֿאַרשפּרייטער פון מאַלאַריע, וועלן אין פֿאַרלויף פון אייניקע יאָר נאָכן אַנטשטיין פון פּוילן, פֿאַרוואַנדלט אין פֿיין פֿאַרבויטע גאַסן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט גייט דער וווּקס פון דער באַפֿעלקערונג ראַשיק פֿאָרויס.

אין יאָר 1931, לויט דער אַלגעמיינער פֿאָלקסציילונג פֿאַרמאָגט לודמיר 24.591 איינוווינער, און אין פֿאַרלויף פון פֿאָלגנדיקע פיר יאָר, אין יאָר 1934, ציילט זי שוין 27.117 איינוווינער. די צאָל הייזער דערגרייכט שוין דאַן די ציפער 2.887.

פֿאַרעפֿנטלעכט אין נומער 2(22) פון „לאַנדקענטעניש", ידיעות פון יי. ג. פ. ל. דאָס יידישע „טאָגצעטל" אין וואַרשע, רעדאַגירט דורך ד"ר ע. רינגלבלום, וואַרשע, דעצעמבער 1936. צייטשריפֿט פֿאַר פֿראַגן פון לאַנדקענטעניש, טוריסטיק, פֿאָלקלאָר, עטנאָגראַ־פֿיע און געשיכטע פון יידישע ישובים.

מענדל ליפּסקער

# צו דער געשיכטע פון לודמיר

לודמיר איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין פּוילן. שפּורן פון יידישן ישוב געפֿינען מיר שוין אין דער צייט ווען אין פּוילן זענען נאָך כמעט קיין קהילות נישט געווען.

ליידער באַזיצן מיר נישט קיין דאָקומענטן און געשיכטלעכן מאַטעריאַל, וועלכע זאָלן אונז געבן די מעגלעכקייט פֿעסטצושטעלן ווען ס'איז דער יידישער ישוב אין לודמיר געגרינדעט געוואָרן.

דאָס ביסל מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן, איז צעזייט אין פֿאַרשידענע אַרכיוון, און וואַרט אויף דעם היסטאָריקער, וועלכער זאָל דאָס צונויפֿזאַמלען, און אָנשרייבן די געשיכטע פון לודמיר.

מיר ווייסן, אַז אין דער צייט ווען דער גרעסטער טייל יידן האָט זיך קאָנצענטרירט אין מערב־אייראָפּע, און קיין פּוילן זענען געקומען בלויז יחידים צוליב זייערע האַנדלס־באַציאונגען מיט די קיסרים און מאַגנאַטן, האָט אין לודמיר שוין עקזיסטירט אַ יידישע קהילה.

שוין דער פֿאַקט, אַז לודמיר האָט זיך געפֿונען אויף דער גרענעץ פון פּוילן און ליטע, האָט צוגעגעבן דער שטאָט אַן אומגעהויערע וויכטיקייט און זי פֿאַרוואַנדלט אין אַ האַנדלס־צענטער. ווו יידן האָבן געפֿונען פֿאַר זיך אַ גינסטיקן באָדן.

לודמיר איז געווען די ערשטע קהילה אין וואָלין, און האָט געהאַט אַ פֿאַרשטייער אין ועד ארבע ארצות. די יידן האָבן אַנטוויקלט אין לודמיר אַ ברייט פֿאַרצווייגטן האַנדל נישט נאָר מיט אַזוינע האַנדלס־צענטערן ווי פּויזן, קראָקע, לעמבערג, נאָר אויך אויסער די גרענעצן פון פּוילן און ליטע האָבן יידישע סוחרים פון לודמיר פֿאַרצווייגט זייערע אונטערנעמונגען, און אַזוי אַרום געשאַפֿן אַ ענגן קאָנטאַקט צווישן פּוילן און אַנדערע לענדער.

דער לודמירער בית עולם איז שוין זייער אַלט. דאָרט געפֿינען זיך מצבות וואָס ציילן שוין פֿינף, זעקס הונדערט יאָר. אַ טייל מצבות פֿאַרגראָבענע אין דער ערד, וואָלטן אונז פֿיל וויכטיקעס געקענט דערציילן וועגן דער געשיכטע פון לודמיר.

דער שרייבער אנסקי האָט אין 1912 באַזוכט לודמיר אין נאָמען פון דער יידישער עטנאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט אין פּעטערבורג. ער האָט פֿאָטאָגראַפֿירט אַלע מצבות, גע־זאַמלט לעגענדעס און אַנדערן געשיכטלעכן מאַטעריאַל. צו ליב דער ערשטער וועלט מלחמה איז דער מאַטעריאַל נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן.

אויפֿן לודמירער בית עולם האָט מען צופֿעליק אַנט־דעקט אַ מצבה אויף וועלכער עס איז געווען קאָנטיק אַ פֿאַמיליע־הערב און אַ פּוילישער אָדלער. די מצבה זאָל זיין פון אַ באַוווּסטער יידישער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט פֿאַר־נומען אַ וויכטיקן אָרט אין פּוילן. אַלס אָנערקענונג פֿאַר די גרויסע פֿאַרדינסטן איז דער פֿאַרשטאָרבענער צוגע־רעכנט געוואָרן צום פּוילישן אַדל, הגם ער איז געבליבן אַ ייד.

פּראָפֿ. גרעץ דערציילט, אַז דער ליטווישער פּרינץ וויטאָלד, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע סימ־פּאַטיע צו יידן און געבראַכט די קאַראַאימער קיין לוצק, האָט אָוועקגעשענקט אַ רייכן יידן פון לודמיר אַ דאָרף אין דער אומגעגנט פון שטאָט אַלס אָנערקענונג פֿאַר זיינע גרויסע פֿאַרדינסטן לטובת דעם ליטווישן פּירשטנטום.

דעם כסא הרבנות אין לודמיר האָבן פֿאַרנומען די גרעסטע גאונים פון פּוילן.

אין „סדר הדורות" פון ר' יחיאל האַלפּערן געפֿינען מיר, אַז אין דער צייט פון באַוווּסטן גאון ר' שלמה לוריא (רש"ל) (ר"ע — ל"ד) איז אין שפּיץ פון דער דאַמאָלסטיקער ישיבה אין לודמיר געשטאַנען דער גאון ר' יצחק בר' בצלאל. אין דער צייט פון ר' יואל סירקיש (השכ"ח — שצ"ח) באַקאַנט אונטערן נאָמען ב"ח („בית חדש" — אַ נאָמען פון זיינס אַ באַוווּסט ספר אויף די ד' טורים) האָט זיך געפֿונען אין לודמיר דער גאון מוה"ר ליב וועלכן דער ב"ח דערמאָנט אין זיינע תשובות און רימט אים זייער.

דער מחבר פון „חנוכת התורה", ר' הערשל דערציילט אַז ר' דוד הלוי בעל הט"ז, מחבר פון באַרימטן ספר „טור זהב", רב אין קראָקע און אַנדערע גרויסע שטעט אין פּוילן, איז געבוירן אין לודמיר.

אין יאָר 1590 האָט געוווינט אין לודמיר אַ יידישער אַפּטייקער ר' אברהם אשכנזי, וועלכער האָט אָנגעשריבן אַ מוסר־ספר „סם חיים".

גענוג צו דערציילן, אַז לודמירער קהילה האָט געהאַט אַן אַמביציע צו פֿאַרמעסטן זיך מיט פּראָג, ווין, קראָקע און איינלאַדן אַלס רב אַזאַ באַרימטע פּערזענלעכקייט, ווי ר' יום טוב ליפּמאַן העלער, דער תוספות יו"ט.

ר' יום טוב ליפמאַן העלער איז געווען רב אין פּראַג, ווין און ניקעלסבערג.

אַ גרופּע פּראַגער יידן האָבן דערלאַנגט אַ מסירה צום קייזער פערדינאַנד אין ווין, אַז אין די ספרים פון תוספות יו"ט געפינען זיך באַליידיקונגען קעגן דער קריסטלעכער אמונה. געשמידט אין קייטן האָט מען אים געבראַכט קיין ווין, און נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר, וועמענס קינדער עס האָט געראַטעוועט פון טויט ר' שמואל, דער זון פון תוספות יו"ט, איז ר' יום טוב ליפמאַן העלער באַגנעדיקט געוואָרן, נאָכדעם, ווי מ'האָט אים שוין געהאַט פאַראורטיילט צום טויט.

פון פּראַג איז דער תוספות יו"ט געקומען קיין פּוילן. די נעמיראָווער קהילה האָט אים פריער איינגעלאַדן פאַר אַ רב און פון דאָרט איז ער געקומען קיין לודמיר.

דער תוספות יו"ט דערציילט אין „מגילת איבה", אַז פאַרשטייער פון דער לודמירער קהילה, די ערשטע פון די פיר קהלות פון וואָלין, זענען געקומען צו אים קיין דראסק אין יאָר שצ"ד (1634) און פאַרגעלייגט דעם כסא הרבנות אין לודמיר.

די דאַמאַלסטיקע תקיפים האָבן מיט אים געפירט אַ מחלוקות און ער האָט טאַקע אַמאָל געמוזט, צוליב אַ מסירה, אַנטלויפן קיין טריסק. דערפון נעמט זיך אַפּנים די לעגענדע, אַז דער תוספות יו"ט איז אַוועק פון לודמיר פרייטיק פאַרנאַכט און האָט פאַרשאָלטן די שטאָט, אַז קיין רב זאָל דאָרט נישט זיין.

וועגן תוספות יו"ט אין לודמיר ווייסן מיר מער נישט ווי דאָס ביסל, וואָס געפינט זיך אין מגילת איבה.

די לודמירער שול איז געווען איינע פון די עלטסטע שולן אין פּוילן. אין דער אַלטער שול האָבן זיך אַמאָל גע־פונען אויפן דאַך צוויי לעכער, ווו ס'זענען אַוועקגעשטעלט געווען האַרמאַטן, און זי האָט געדינט אַלס אַבסערוואַציע פונקט.

משה מרגלית רמת השרון

# מתולדות לודמיר

## מהמאה 9—8

### 1) מקומה הגיאוגרפי של העיר לודמיר

במזרח אירופה, מזרחה מהנהר בוג המזרים את מימיו לויסלה, משתרע גליל והלין. בצפון גובל גליל זה את פולסיה ומכוסה בבצות ויערות, ובמרכז ובדרום משתרעים שטחי מי־שור וגבנונים רחבי־ידיים עם אדמות פוריות המניבות תבואות ופירות בשפע. במערבו של חבל ארץ זה, 12 קל"מ מזרחה מהבוג, על הגדה הימנית של הנהר לוג משתרעת העיר לוד־מיר.

זירכים סלולות ומסילות ברזל מקשרים את העיר עם יתר ערי הסביבה במזרח עם לוצק המרוחקת כ־70 קל"מ, בצפון־מזרח עם העיר קובל הנמצאת במרחק של 54 קל"מ ובמערב עם ערי פולין שמעבר לבוג. מסילת הברזל מובילה בצפון לקובל ובדרום לסוקל־לבוב.

### 2) העיר בהתחלת האלף השני לספה"נ

בשעה שיורשי מוחמד הלכו והרחיבו שלטונם על חופי הים־התיכון, ומצפון להרי־קוקז על גדות הדון והוולגה, התרחב שלטון ממלכת הכוזרים — היו סביבות לודמיר מיושבים ע"י השבט הסלאבו — ווליניאנים.

בהתחלת המאה ה־10 הצליח נסיך קיוב בכוח הזרוע, להקים את הנסיכות הקיובית, ועד מהרה להשתלט בכוח הנשק על ממלכת הכוזרים בדרום, ועל שבט הוולינאים במערב.

עם השתלטות נסיך־קיוב על חבל ארץ זו, שממנו מו־בילה דרך עתיקה ממערב־אירופה לקיוב וקונסטנטינופול, מניח סביאַטוסלב, נסיך־קיוב, את יסודות העיר וולודימיר המכונה על שם אחד מבניו (בפי היהודים נשתבש שם זה לודמיר).

בידיעות כרונולוגיות מהנסיכות הקיובית נזכרת לודמיר בפעם הראשונה בשנת 988 כעיר בעלת מבצר ענקי. בניני העיר הוקפו בתל מלאכותי שנתנוסס בגובה רב ושימש להג־נתה מפני הממלכה הפולנית שהלכה והתבצרה במערב.

### 3) העיר עד כיבוש הטטרים

בשנת 1054 מתעוררת הנסיכות הקיובית ובשטח של ווהלין קמה נסיכות נפרדת הנקראת הנסיכות הווהלינאית עם העיר לודמיר כמרכז.

במאה ה־12 העיר מתרחבת וגדלה, ונהפכת למרכז מס־חרי בין המזרח והמערב. סוחרים בני לאומים שונים נפגשים מכל קצוות אירופה. מוקמים בה בניני פאר וכנסיות. בעלי מלאכה מוזמנים מכל ערי הסביבה. שריד מתקופה זו היא הכנסיה האוספנסקית שהוקמה בשנים 1147—1161 ע"י הנסיך מיציסלב איזיסלביץ (ונקראת הקתדרה) ונשתמרה בצורתה עד ימינו.

באותה תקופה, לרגל מסעי־הצלב ופרעות ביהודי מערב־אירופה, באים גלי היהודים הראשונים מזרחה, ומחמת היותו העיר לודמיר מקום מסחרי חשוב, מתיישבת בה קבוצת־יהודים ראשונה (ואולי נמצאו כבר בעיר סוחרים יהודים מקיוב ומקומות אחרים?). הידיעה הראשונה המעידה על קיום ישוב יהודי בלודמיר מתיחסת לשנת 1171 ומוסרת על סוחר יהודי מלודמיר בנימין הנדיס (מקור המלה הנדיס, יש לחפש לדעתי במלה הסלוית הנדלז', שפירושה סוחר).

עם השתלטות של הנסיך הלודמיראי על הנסיכות הגליציאית (בשנת 1199) עולה חשיבותה של העיר. היא מקיימת קשרים כלכליים עם מערב־אירופה ועם ביזנטיה ונהפכת למרכז הכלכלי והתרבותי החזק ביותר של כל ערי הנסיכיות הרוסיות.

בשנת 1240 כובשים הטטרים את לודמיר ומחריבים את העיר. רוב בניניה נהרסו. ויש לשער שרוב יהודי לודמיר ברחו לפולין.

## 4) העיר מהמאה ה־14 ואילך (עד סוף המאה ה־18)

עם התפוררות שלטון הטטרים והתגברות הרדיפות במערב־אירופה שוב מתיישבים יהודים בעיר. במאה ה־14 ישנן ידיעות על קיומו של ישוב יהודי גדול בלודמיר ובלוצק. לודמיר נמצאת באותו זמן תחת שלטונם של הליטאים. בשנת 1569 עם התימת ההסכם בלובלין בין פולין וליטא, נכלל גליל וואלין בגבולותיה של ממלכת פולין. לודמיר המונחת על יד עורק בינלאומי חשוב מגיעה שוב לשיא פריחתה. לרגל השתלטותם של הערבים על דרכי־ התחבורה הימית וסיכונם של קשרי המסחר בין גינואה ווינציה שבאיטליה, לבין מושבותיה המפוזרות על גדות הים השחור, עולה חשיבותה של הדרך המובילה דרך לודמיר למזרח. העיר המתה מסוחרים יהודיים שהובילו סחורותיה משלזיה למזרח הרחוק וחזרה. עוד באמצע המאה ה־15 אפשר היה לפגוש בשווקי העיר יהודים מטורקיה ואיטליה, וכן סוחרים מקיוב. עם נפילתה של קושטה (14"3) גובר ערכה הכלכלי של לודמיר וסוחריה היהודיים קונים סחורות הנוצרים ומובילים אותם למזרח ולטורקיה ומביאים משם משי, תבלין ונשק.

מהמאה ה־14 נשתמר שמו של הסוחר היהודי יצחק מלודמיר. כן עוסקים היהודים באותה תקופה בסחר בהמות ובמיוחד בסוסים, אשר מביאים אותם מהונגריה ומוכרים אותם לצבא הפולני. עם התהוותו של ישוב יהודי גדול בעיר מתיישבים בה גם בעלי־מלאכה ובמיוחד במקצועות יהודיים כגון קצבים, נחתומים, וחייטים.

עם חתימת „האוניה הלובלינית" בין פולין וליטא משתפר גם מצבם המשפטי של יהודי העיר, בעוד שקודם הם נתונים לחסדי הסטרוסטה (ראש העיר), הרי בימי המלך זיגמונד אבגוסטוס (1548—1572) עוברים יהודי לודמיר ככל יהודי וואלין וכל קהילות ליטא לרשות המלך, ובזה הם משתווים מבחינה משפטית ליהודי פולין.

בהתחלת המאה ה־17, גדלה ומתרחבת קהילת לודמיר, והחל משנת 1460 מהווה הקהילה היהודית גוף עצמאי, ואינה כפופה במישרין לגליל וואלין. כמו כן יש לציין שר׳ יום טוב ליפמן הלר מבאואריה, ששימש בשנותיו האחרונות ברבנות, עמד בראש קהילת לודמיר במשך זמן קצר. רב זה נתפרסם במיוחד הודות לחיבורו „תוספת יום טוב", שהוא פרוש למשנה.

באותה התקופה מתפשט בין יהודי וואלין מקצוע החכרנות. חלק גדול מיהודי לודמיר עוסקים בחכירה, בחכרם את בתי־המזיגה והטחנות, בריכות הדגים וגני־הפירות, (ולפעמים גם כפרים שלמים). רוב היהודים נשארו במקצועו־תיהם הישנים — במסחר ובמלאכה.

עם פרוץ מרד הקוזקים באוקרינה חלה ירידה בתולדות קהילת לודמיר, עם התקרב צבאות המילניצקי לגליל וואלין, בשנת 1648, מתרוקנת העיר מתושביה היהודיים והפולניים.

עם דיכוי המרד שוב משתקעים יהודים בעיר, אך זוהי תקופה של דלות. רוב היהודים שרויים בדחקות ועוני. חלק גדול התפזר בכפרי הסביבה בחפשם אחר מקומות מחיה.

בשנת 1764 פוקדת הממשלה הפולנית את האוכלוסיה היהודית במדינתה, וזו הפעם הראשונה שיש לנו ידיעות על מספרם של יהודי לודמיר. לפי הספירה היו בעיר לודמיר 1327 מבוגרים ו־ת7 ילדים, ביחד 1401 נפש. הישוב היהודי היה באותו זמן השני בגדלו בכל וואלין (לאחר לוצק). לאחר שהספירה בוצעה לצורך סחיטת מסים העלימו בודאי היהודים את מספרם המדויק ויש לשער שהגיע ליותר מזה.

משנת 1782 יש לנו ידיעות על יהודים מלודמיר, שעסקו בסחר סוסים ומכרום לצבא הפולני או לצבאות המדינות השכנות, וכן על הקמת מפעלים יהודיים המייצרים מוצרים לצבא.

משנת 1795, עם חלוקתה השלישית של פולין וחיסול עצמאותה, נמצאים יהודי לודמיר תחת שלטונם של הרוסים. ככל יהודי אוקרינה ורוסיה הם נתונים תחת חוקי „תחום המושב". עול כבד של מסים מעיק עליהם והם מדוכאים ע"י השלטונות הצאר.



רחוב פארנא — פּאַרנאַ גאַס

מועדון הציונים הכלליים ומוסדות הקרנות הלאומיות בקומה ג׳

קלוב פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און אַנשטאַלטן פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן אויפן 3־טן שטאָק

מנדל בביודה

# לודמיר נאָך די יאָרן 1880

נאָך די אַכציקער יאָרן ווען ס'איז פאָרגעקומען די באָד־שריפה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין טבילת־נשים־באָד, וואָס איז געווען צוזאַמען מיטן גרויסן בית־המדרש און די גאַנצע יידישע שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן. עס זענען נאָר פאַרבליבן די בלאָטע־וועגן פון שטאָט, ווייל פון קיין שאָסיי האָט מען דעמאָלסט נאָך ניט געוווּסט, נאָר אין די זייטן פון די וועגן פלעגן זיין געגראָבן ראָוועס, די וואַסערן פון די וועגן זאָלן האָבן דורך וואַנעט אָפּצולויפן פון שטאָט. אויף די ראָוועס פלעגט מען מאַכן אַ דעק פון האָלץ, אַ מין בריקל. די פערד און וואָגענער, וואָס האָבן געדאַרפט דורכפאָרן, פלעגן מיטשלעפן די בריקלעך. אויף די הויפּט שטאַרק באַוועגטע וועגן זענען געווען „שפּרינגערס". אויף לוצקער גאַס איז שטענדיק געווען די גרעסטע באַוועגונג פון שטאָט אין דאָרף, זענען דאָרט געווען אַ 30 שפּרינגקלעצער און מענטשן פלעגן אַריבערשפּרינגען דעם וועג פון איין זייט צו דער צווייטער.

צוליב דעם שטאַרקן פאָרן זענען שטענדיק געווען אויף לוצקער וועג בלאָטעס, וואָס מיט וויפל פערד מען זאָל ניט שלעפּן די וועגענער, זענען שטענדיק וואָגנס געבליבן שטעקן אין בלאָטע, ביז ר"ח תמוז, ווען אַלע בלאָטעס זענען טרוקן געוואָרן, דאַן ערשט פלעגט מען קענען אויסגראָבן די וואָגענער פון דער בלאָטע.

## ר' שמואל דער געלער

אין צווייטן ווינקל פון קליין קאָוולער גאַס האָט געהאָט אַ דירה דער לודמירער בעל־הבית, שמואל דער געלער, אַ חשוב ביי די גויים און פּריצים. דער שטאָט־ראָט, איז דאַן באַשטאַנען פון 5 פּערזאָן; 2 „גלאַסנעס", וואָס פלעגן זיין די אויספירער־אָרגאַנען פונעם שטאָט־ראַט, פלעגן שטענדיק זיצן אין שטאָט־ראַט. ביי דער הויפּט־טיר פון שטאָט־ראַט איז שטענדיק געשטאַנען ר' שמואל דער געלער, און ווער פון די גלאַסנעס האָט געוואָלט טאַבאַק צו שמעקן אָדער צום רייכערן, פלעגט ער בעטן אַז ר' שמואל זאָל זיי דאָס באַזאָרגן. עס פאַרשטייט זיך, אַז ר' שמואל איז געווען דער פאַרטרויליכער מענטש פון שטאָט־ראָט, און ווער עס האָט עפּעס באַדאַרפט דערליידיקן אין שטאָט־ראַט, איז דאָס געווען דורך ר' שמואלן.

נאָך דער גרויסער באָד־שרפה, האָבן זיך צום קאַזיאַנעם מאַרק אָנגעהויבן אויפשטעלן בודקעלעך, פון אַ פאָר קוואַדראַט אַרשין אַ בודקע. דאָס איז געוואָרן אַ שטאָט־מאַרק צום פאַרקויפן זאַלץ און סמאָלע, סמאַראָווידלע, בייטשן פאַר די פערד, האָבער. נאָר בייטאָג האָט מען געקענט אַזאַ בודקע באַזוכן, און זי איז געווען אָפן נאָר כל זמן עס איז געווען טאָג. ביינאַכט איז דאָס געשטערט געווען פון די ווינטער־פינצטערנישן. בכדי די שטאָט זאָל זיך אַנטוויקלען, באַשליסט דער שטאָט־ראָט, אויפצושטעלן פיר גלעזערנע לאַמטערנעס, אַזוי אַז מען זאָל קענען אויפזוכן, וווּ עס געפינט זיך אַ בודקע עפּעס צו קויפן.

ר' שמואל דער געלער דערטאַפּט דאָ אַ פּרנסה־געשעפטל פאַר זיך מיט זיינע דריי זין (איינער — אַ בית־המדרש'ניק, דער צווייטער — אַ קעכער פאַר ר' שמואלס משפחה (קיין פרוי האָט ער שוין ניט געהאַט) און דער דריטער — אַ ישיבה־יינגל). און ר' שמואל נעמט אָן דורך זיינע ראַט־פּריצים דעם פּאָסטן פון די לאָמפּן: זיי צוצוגרייטן און זיי צינדן טאָג־טעגלעך; עס פאַרשטייט זיך אויך אויסווישן די לאָמפּן־גלעזלעך און די לאַמטערנעס יעדן טאָג. דאָס איז אַן אַרבעט פאַרן זון, דעם קוכער, און אויך פאַר דער איבעריקער משפחה. דאָס מאַכט נאָך מער פּאָפּולער שמואלן אַלס לודמירער בעל־הבית, וואָס באַלויכט די פינצטערניש פון שטאָט.

מיט דער צייט אַנטוויקלט זיך די שטאָט, און מען בויט אויס געוועלבלעך מיט פענצטער און לאָדן, מען ברענגט צו סחורה, מערסטנס זאַלץ מיט סמאַראָווידלע. די זאַלץ וואָס מען ברענגט איז אין גרודעס פון די שטעט וואָס האָבן אַ באַנען־פאַרקער, ווי קאָוועל, לובילע א. א. וו. און די בודקעס וואָס ווערן ביסלעכווייז קראָמען, האָבן לאָדנס; און דער לאָדן עפנט זיך אַרויס אין גאָס אַריין, און אויף דעם לאָדן באַווייזן זיך אַלע סחורות, וואָס זענען דאָ אין קראָם צום פאַרקויף. מען מאַכט צוויי קיילעכדיקע שטיינער, יעדער צו האַלב אַרשין; און איין שטיין רייבט זיך אָן אַנדערן, און צווישן זיי שיט זיך אַריין דער גרודקע־זאַלץ, וואָס ווערט פריער צעקלאַפּט פון די גרויסע גרודעס, און עס מאָלט זיך איבער אויף דין — ביז עס גייט דורך די שטיינער. פאַר דעם צעריבענעם זאַלץ לייזט מען 3 גראָשן אַ קוואַרטל פון אַ ליטער. ביי דעם געשעפט באַשעפטיקט מען זיך אַ גאַנצן טאָג און מען פאַרקויפט אויס די סחורה און זי שפּייזט די גאַנצע שטוב. די שווערסטע צייט איז בעת די בלאָטעס, קענען די פויערים ניט אַריינפאָרן אין שטאָט, איבערהויפּט פון דער בריק פון לוצקער גאָס ביז ניסן שמעלקעס. נאָך אַלע שוועריקייטן בויט זיך די שטאָט און מען זוכט אַ מיטל ווי אַזוי פטור צו ווערן פון די שווערע בלאָטעס. פון קיין שאָסיי רעדט מען נישט. נאָר אַזוי ווי עס זענען דאָ אַרום דער שטאָט אַ סך וועלדער, באַקלערט מען צו מאַכן אַ הילצערן גראָב בריקל פון דער ריליוויצער בריק ביז ניסן שמעלקעס. דער פּראָיעקט ווערט באַשטעטיקט. עס שטערט נאָר די מורא פאַר אָפטע שרפות צוליב דער הילצערנער בריק.

אין משך פון צוויי יאָר ווערט די בריק געבויט און די באַוועגונג ווערט געלייזט פון רויסטאַטשער שטוב ביז צו די שמולעקס. מען קלערט נאָר וואָס קען געשען חו"ש, אַז אַ שטאָט־שרפה זאָל ניט אָנצינדן די גרויסע הילצערנע בריק. טאָמער דאָס זאָל געשען ווי וועט מען קענען ראַטעווען די הייזער, וועלכע זענען אַלע געבויט פון האָלץ?

קיין ברונעמס זענען ניט געווען, נאָר קעסלען און פעסלעך וואָסער האָט מען געהאַלטן בכדי צו לעשן אַ שרפה. ס'איז אין שטאָט געווען נאָר איין ברונעם מיט פּאָמפּעס, און נאָר פאַר די קאָזאַקן מיט זייערע פערד; נאָר זיי האָבן געהאָט דעם זכות זיך צו באַנוצן מיט דעם ברונעם. עס ווערט דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אַ פּאָמפּע־ברונעם ביים גרויסן בית־המדרש אין סאַמע צענטער שטאָט, מיט אַן אויסגעמויערטע פּאָס אַרום דעם ברונעם, אַז 20 מענטשן זאָלן קענען אים אַרומרינגלען אויף צו שעפּן וואַסער צום לעשן אַ שרפה.

אַ דאַנק דעם פּאָמפּע־ברונעם לעבט אויף און וואַקסט די שטאָט. עס קומט באַלד זומער און עס געשעט אַ שרפה ביי יענקל אחדעס אכסניה. דער עולם באַמיט זיך איינצולעשן, עס גיט זיך איין אַ דאַנק דעם נייעם ברונעם.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ברעכט אויס ווידער אַ שרפה אין מיטן דער נאַכט (אַ לעגענדע איז געגאַנגען, אַז די בעלי מלאכות צינדן אונטער בכדי צו שאַפן פאַר זיך אַרבעט), עס ברעכט אויס די שרפה ביי חיים שמואל רייצעס, און עס צינדט זיך אָן מיט דער שכנותדיקער „שול", וועלכע איז געשטאַנען מיט דער גאַנצער רושטעוואַניע, וואָס איז געווען געמאַכט פון סלופּעס 30—28 מעטער הויך. די שול איז אַזוי געשטאַנען פון די 80־קער יאָרן אָן. דאָס פייער פאַרנעמט מיט שנעלקייט פון אַ ווינט די גאַנצע העלפט שטאָט וואָס ליגט אין מאַרק־זייט. די גאַנצע הילצערנע בריק איז פאַרברענט געוואָרן אין משך פון צוויי שעה. אַ ריינער פּלאַץ איז געבליבן אויף דעם אָרט פון דער בריק און די שטאָט טרעט צו איבערבויען די בריק אויף אַ נייעם סיסטעם און די הייזער פון ציגל מיט שינדל־דעכער.

די שטאָט באַמיט זיך, אַז מען זאָל מאַכן אַ שאָסיי און די מאַכט טרעט צו ברוקירן די שטאָט־טיילן ביז 3 קילאָמעטער שטח. עס בלייבן נאָך, ניט קיין ברוקירטע גאַסן, ווי אין קליין קאָוולער גאַס, אָבער די גרויסע בלאָטעס זעט מען שוין ניט מער.

דער קהל זאָרגט פאַר אַ מרחץ מיט אַ מקווה פאַר פרויען. און די שטאָט וואַקסט מיט פאַרשטעט אין אַלע זייטן.

ביים זייט שטאָט פליסט אַ קליין טייכל וועלכעס הייסט „סמאַטש". ווען לודמיר איז געווען אַ שטאָט פונעם ועד ארבע הארצות, פלעגט מען שרייבן אין די גטין: „על נהר סמאַטש".

צו יענער צייט ווערט לודמיר געשפּייזט מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט פון דער נאָענטסטער שטאָט קאָוועל, 50 קילאָמעטער פון לודמיר וואָס האָט שוין אַ באַן־קאָמוניקאַציע מיט גאַנץ רוסלאַנד. אין שטאָט ווערן געשאַפן געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי צום ביישפּיל:

אַ פאָלקס־באַנק, אַ מושב־זקנים מיט אַ שפּיטאָל און אַ פאָלקס־קיך. אין שאַפן פון די אינסטיטוציעס נעמט אַנטייל די יוגנט.

די פאָלקס־באַנק באַשטייט פון 300 סוחרים־מיטגלידער. קומט אַ פרעמדער יונגער מאַן מיטן נאָמען לעוויטאַן, און ווערט דירעקטאָר פון באַנק. די שטאָטישע מיינען, אַז אַ יונגער קען די באַנק ניט פירן. דער לעוויטאַן ווערט אַ פאַנטאַזיאָר און הערשט ווי אַ דעספּאָט אין שטאָט. שטאָפּט אָן מיט קרעדיט עטלעכע גבירים מיט עטלעכע קריסטן, און די באַנק ווערט אַזוי ווי זיינס אַן אייגנטום. עס געפינט זיך צווישן דער מיטגלידערשאַפט אַ מערהייט וואָס וויל, אַז די באַנק זאָל שטיין צום דינסט פון אַלע מיטגלידער. אָבער זיי ווערן ניט צוגעלאָזן צו קיין שום דעה. עס הויבט זיך אָן אויסצובילדן ביסלעכווייז אַ גרויסע געגנערשאַפט קעגן די „דעספּאָטן". — ביז דער פינאַנץ־מיניסטער מוז זיך אַריינמישן און ענטפערן אויף אַן אָנקלאַגע מיט אַ ספּעציעלער דעפּעשע, אַז מען זאָל באַלד רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער מיט גלייכע רעכט פאַר אַלע.

ווען די שטאָט ווערט שוין צוגעגליכן צו אַנדערע שטעט מיט געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דערמאָנען זיך יידן, אַז מען דאַרף האָבן אַ רב, אַ לערער, וואָס פאַרשטייט זיך אויך אין וועלט־זאַכן. באַשליסט מען צו נעמען אַ רב וואָס זאָל קענען זיין דער נאָכפאָלגער פון תוספות יום טוב. ביז מען זוכט אויס אַזאַ יונגן מאַן מיט אַלע מעלות. *) ער פירט איין קודם מיט דער הסכמה פון דער מאַכט, אַז קיין בהמות טאָרן ניט געשאָכטן ווערן נאָר לויט די יידישע דינים פון כשרות, און די בהמה מוז קאָנטראָלירט ווערן דורך אַ ד"ר וועטערינאַר. און מען באַשטימט צוזאַמען מיטן שטאָט־ראַט פאַרן דאָקטאָר 1 רובל פון אַ בהמה.

נאָכדעם נעמט זיך דער רב צו סאָציאַלער הילף, ער שאַפט „חברות", ד. ה. קאָאָפּעראַטיוון פון אַלע אַרבעטער אין יעדן אַרבעטצווייג. און די חברות הויבן אָן צו ווערן גלייך מיט אונטערנעמערס פון אַלץ וואָס די שטאָטישע באַפעלקערונג פאַרברויכט. מען פאַרשפּאַרט קויפן פון דער פרעמד אַלע באַדערפענישן פון דער שטאָט, וואָס ווערן איצט דורך די בעלי מלאכות אַליין פּראָדוצירט. דאַקעגן שאַפט גלייכצייטיק זיך אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט פון די סוחרים, וואָס פלעגן אַריינברענגען פאַרטיקע סחורות פון אַלע גרעסערע שטעט. זיי קענען אָבער ניט ביישטיין די קאָנקורענץ פון די אייגענע קאָאָפּעראַטיוון, דעם רבס קאָאָפּעראַטיוון.

מען נעמט זיך צו דעם רב, ער זאָל ליקווידירן די „שותפותן".

דער רב איז געווען אַ „פרעמדער בירגער". אָבער אין דער מלוכה האָט ער געקראָגן, געהיים, אַ „געמאַכטן פּאַס" מיט שטאָט־בירגערשאַפט דורך בערך 60 עדות, וועלכע האָבן געגעבן אַ שבועה, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין לודמיר און וווינט די גאַנצע צייט אין לודמיר. דעם רב דינגט מען אָפּ די שענסטע מויער אין שטאָט און דער רב הויבט אָן צו ווייזן זיינע שיינע פעאיקייטן אין אַלע געביטן. אָבער מען הויבט אָבער אָן אונטערגראָבן זיין פּרעסטיזש ביי די יידישע לומדים, און ביי קריסטלעכע איינוווינער. ער אַליין האַלט שבת דרשות און וויל אַריינפירן די בעלי בתים אין גלייכן וועג אַריין מיט כוח פון זיינע קענטנישן וואָס ער שעפּט אין די יידישע תורה געביטן.

אָבער לסוף שווערן אָציינד קאַפּויער די זעלבע 60 בתי אב. וואָס האָבן געשווירן אַז דער רב איז אַן איינגעבאָרענער,

---

*) הרב יעקב בן יצחק שור (יעקב בן ר' יואל ראפופורט 1886)

די מאַכט נעמט דעם רב און שפּאַרט אים אַריין אין דער קאָוולער תּפיסה, און עס פאַרפירט זיך אַ גרויסער אמתער פּראָצעס. אויף דער באַשולדיקונגס באַנק זיצן 3 הונדערט משפּחות מיט די פרויען און קינדער. אויף צו פּאַרטיידיקן דעם עולם שטעלן זיך אַרויס אַלע רוסישע גרעסערע אַדוואָקאַטן מיט קאָפּערניקאָוויטש אין דער שפּיץ. דער פּראָצעס ווערט געפירט ביי פאַרמאַכטע טירן, לויטן רוסישן געזעץ פון יענער צייט, דורך 12 געשווירענע און אַ פּראָקוראָר. און 3 מעת לעת זיצט דער עולם אויף די בענק ביז זונטיק. פרייטיק גיט מען אַרויס דעם אורטייל: פריי־הייט פאַר דער גאַנצער באַשולדיקטער באַפעלקערונג און דער רב באַקומט אַן אַרויסשיקונגס פּסק־דין פון עטלעכע גובערניעס. שבת האָבן וועגן דעם די יידן פון די שטיבלעך און בתי־מדרשים שטאַרק דיסקוטירט. עס איז צווישן זיי כּמעט דערגאַנגען ביז מלחמה.

מ. ראזענפעלד

# אין די טעג פון דער רוסיש־יאפּאנישער מלחמה

דאָס איז געווען אין סאַמע ברען פון דער רוס׳ש־יאַפּאַנישער מלחמה. די ידיעות פון די שלאַכטפעלדער זענען געווען זייער שלעכטע, די רוסישע אַרמייען האָבן זיך געהאַלטן אין איין צוריקציען.

אין איינעם פון יענע טעג זענען אויסגעהאָנגען געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט מודעות, אַז אַלע מענער, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער, און וואָס זענען נאָך נישט אַלט קיין פערציק יאָר, זאָלן זיך מעלדן צו אַ קערפּערלעכער אונטערזוכונג, ערגעץ אויסער דער שטאָט, נעבן די קאַזאַרמעס. די וועלכע וועלן איינגעפונען ווערן אַלס פיזיש געזונט, וועלן צוגענומען ווערן אין „זאַפּאַס״ (רעזערוו־אַרמיי).

די דאָזיקע מודעות האָבן פאַרשאַפט אַ זייער געדריקטע שטימונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין איין הויז, אין וועלכן ס׳זאָלן זיך נישט געפינען איינער, אָדער עטלעכע, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט מעלדן צו דער מאָביליזאַציע. און אַלע זענען זיי געווען מענטשן מיט משפּחות, מיט ווייבער און קינדער.

אַ שרעק איז באַפאַלן לודמיר. דער קישענעווער פּאָגראָם איז נאָך געווען פריש אין זכרון. און דאָ וועלן אָנקומען אין שטאָט אַזויפיל פויערים. אמת, מ׳איז אין לודמיר געוווינט געווען צו זען מאַסן פויערים; דאָס פלעגט פאָרקומען יעדן צוואנציקסטן פון חודש, אויף די ירידים. די שטאָט, קאָן מען זאָגן, האָט בכלל געלעבט פון די אַרומיקע פויערים. מ׳האָט אָבער פאַר דעם פויער מורא געהאַט. ס׳איז געווען געוווינט, אַז אַ פויער זאָל זיך אָנשכורן און אָנהויבן שרייען: „זשידי ניעכרישטשאָנע״, אַז די קרעמער זאָלן אָנהויבן פאַרמאַכן די קלייטן... האָט מען זיך גערעכנט, אַז דאָס גאַנצע ביטערניש, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביי די מענטשן, וואָס מ׳רייסט זיי אַוועק פון זייער ערד און פון זייערע פאַמיליעס, וועט אויסגיין צו יידישע קעפּ...

אַ מרה־שחורה האָט אַלעמען אַרומגענומען. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער צאַריזם, וואָס איז שוין געווען ווייט פאַרקראָכן אין בלאָטע, איז כלל נישט געווען פאַראינטערעסירט אין נייע יידישע פּאָגראָמען, וואָס וואָלטן געווען, ווי אייל אויפן פייער. די פּאָליציי האָט געקראָגן אַ ווונק, אַז מ׳וועט איר האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדע אומאָרדנונג, וואָס וועט געשען.

די יידישע באַפעלקערונג פון לודמיר, האָט זיך אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף נסים, און מ׳האָט דעם איספּראַווניק (פּאָליציימייסטער) אונטערגעטראָגן אַ שיינע מתנת־יד. די פּאָליציי פון גאַנצן קרייז איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פיס.

דער טאָג פון דער מאָביליזאַציע איז געקומען. פויערישע פורן האָבן זיך געצויגן איבער אַלע וועגן, וואָס פירן צו דער שטאָט, אָבער זיי זענען באַגלייט פון ביידע זייטן דורך רייטער־פּאָליציי. מ׳האָט זיי נישט דערלויבט אָפּצושטעלן זיך אין שטאָט; פאַר זיי איז באַשטימט געוואָרן אַ פּלאַץ אויסער דער שטאָט, ווייט פון די יידישער הייזער.

מען האָט דאַן אַרויסבאַגלייט מענער, טאַטעס און סתם קרובים. די געוויינערייען און די יללות האָבן געשפּאָלטן הימלען. דאָס אַלץ איז אָבער געווען אַ פאָרשפּיל כלפּי דעם, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אויפן פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ. שווער צו באַשרייבן די האַרצרייסנדע סצענעס, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט. פרויען האָבן זיך געוואָרפן צו דער ערד, אַ סך האָבן געחלשט, קינדער האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין זייערע טאַטעס, און האָבן זיי נישט אָפּגעלאָזט. די קולות זענען געגאַנגען עד לב השמים.

שפּעט אין אָוונט, ווען די מאָביליזאַציע איז שוין געווען פאַרענדיקט, איז געקומען דער „וואָאינסקי נאַטשאַלניק״ (מיליטער־פאַרוואַלטער) און האָט הויך אויפן קול פאָרגעלעזן פאַר דעם גאַנצן עולם אַ דעקרעט פון צאַר, אַז די אַלע, וועלכע מ׳האָט היינט דאָ מאָביליזירט, וועלן נישט געשיקט ווערן אויפן פראָנט; זיי וועלן בלייבן אין לאַנד אָפּצוהיטן די אָרדנונג.

אַ שווערער שטיין איז אַראָפּ ביי אַלעמען פון האַרצן. דער עולם איז זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען, יעדער צו זיך אַהיים.

## וואַלן צו דער „גאָסודאַרסטווענער דומע״

דאָס איז געשען אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט, נאָך קבלת־שבת אין סטעפּינער שטיבל.

אויף דער בימה זענען געשטאַנען דריי סטודענטן, מיט מעשענע קנעפּ. איינער פון די סטודענטן האָט אָנגע־

הויבן צו רעדן אין אַ קלינגענדיקן רוסיש. גענוי וואָס ער האָט גערעדט, האָבן ניט אַלע גוט פאַרשטאַנען. אַ פּאָר ווערטער זענען אָבער פון עולם אויפגעכאַפּט געוואָרן. דאָס זענען געווען: „קאָנסטיטוציע" און „גאָסודאַרסטווענע דומע". דער מיין פון די ווערטער איז אָבער נישט געווען גאַנץ קלאָר.

ערשט מיט אַ וואָך שפּעטער איז אָנגעקומען אין דעם זעלבן סטעפּינער שטיבל אַן עקסטרע שליח פון פּעטער־בורג. ער איז אַרויף אויף דער בימה און האָט געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע אין יידיש. דער תמצית פון דער רעדע איז געווען: „די סאַמאָדערזשאַוויע (זעלבסטהערשאַפט) אין רוס־לאַנד איז אָפּגעשאַפן. אָנשטאָט דעם וועט איצט דאָס פאָלק אַליין מאַכן די געזעצן און אָנפירן מיטן לאַנד דורך זיינע פאַרטרעטער. צו דעם צוועק רופט מען צונויף אַ „גאָסו־דאַרסטווענע דומע". אַלע בירגער פון רוסלאַנד וועלן האָבן רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן און אויסוויילן וועמען זיי ווילן. ס'איז דער חוב פון די בירגער צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן און דערמיט באַווייזן, אַז מיר זענען דער־וואַקסן פאַר פאָלקס־הערשאַפט, ספּעציעל מיר, יידן, וואָס האָבן ביז איצט שטאַרק געליטן פון דער זעלבסט־הערשאַפט, ליגט דעריבער אויף אונז אַ חוב צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן און אויסוויילן אייגענע אָדער יידן־פריינטלעכע פאַרטרעטער, וואָס זאָלן קעמפן פאַר אונזערע אינטערעסן".

ס'איז אויך דערציילט געוואָרן, אַז די שונאי־ישראל זוכן מיט אַלע מעגלעכקייטן, אַז יידן זאָלן נישט קענען שיקן קיין אייגענע פאַרטרעטער. די וואַל־ראַיאָנען זענען אַזוי צעשניטן געוואָרן, אַז יידן זאָלן אומעטום מאַיאָריזירט ווערן.

אַזעלכע רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן אין אַלע אַנדערע שטיבלעך און בתי־מדרשים. די שטאָט האָט אויפ־גענומען די נייעס גאַנץ ערנסט; ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט. די ערשטע אַרבעט פון דעם קאָמיטעט איז געווען צו נאָמינירן צוויי קאַנדידאַטן. ס'זענען נאָמינירט גע־וואָרן בנימין וואַסערמאַן און אליעזר פויזנער.

ס'זענען אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן שליחים אין אַלע שטעט־לעך פון לודמירער ראַיאָן. זיי האָבן אַגיטירט, אַז אַלע וואַלבאַרעכטיקטע יידן זאָלן אין טאָג פון די וואַלן קומען קיין לודמיר — און אַלע זאָלן וויילן די זעלבע קאַנדי־דאַטן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פון דעם לודמירער קאָמיטעט.

אַ טאָג ערב די וואַלן האָבן שוין מאַסן יידן אָנגעהויבן צו שטראָמען קיין לודמיר. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם: וואָס טוט מען מיט אַזויפיל מענטשן? די אכסניות זענען געווען געפּאַקט. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן מען זאָל די אָנגעפאָרענע יידן איינקוואַרטירן אין די שטיבלעך. מ'האָט באַלד אָנגעברענגט אין די שטיבלעך ברויט, פּוטער, האָניק, צוקער, און סאַמאָוואַרן אויף צו מאַכן טיי. די שטיבל־יינגלעך זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קעלנערס. מ'האָט צוגעגרייט פאַר די געסט אַ גאַנץ פיינע וועטשערע, אַ ביסל בראָנפן האָט אויך נישט געפעלט. מ'האָט זיך גאַנץ גוט משמח געווען און זיך צוגעווונטשן יידן זאָלן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג און אויסגעלייזט ווערן פון גלות. פאַר נאַכטלעגער האָט מען געבראַכט סנאָפּעס שטרוי. מ'האָט די שטרוי אויסגעשפּרייט אויף דער ערד און אַזוי איז מען איבערגעשלאָפן די נאַכט.

אויף מאָרגן האָבן אַלע וואַלבאַרעכטיקטע געדאַרפט אויספילן זייערע וואַל־צעטלעך, ברענגען זיי אין מאַגיס־טראַט און אַריינוואַרפן אין וואַל־קעסטל. אַלע יידן האָבן אַריינגעשריבן די זעלבע נעמען: בנימין וואַסערמאַן און אליעזר פויזנער.

אויפן צווייטן טאָג, ווען מ'האָט אין מאַגיסטראַט אי־בערגעציילט די שטימען, זענען אַלע באַאַמטע געווען איבער־ראַשט, וואָס אַלע יידן האָבן געשטימט פאַר די זעלבע צוויי קאַנדידאַטן. פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג זענען אַ סך אינגאַנצן ניט געקומען, און די וואָס זענען שוין יאָ געקומען, האָט איינער געשטימט פאַרן שכן, איינער פאַרן גלח, איינער פאַרן לערער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די צוויי יידישע קאַנדידאַטן זענען דורכגעגאַנגען.

דאָס איז געווען די ערשטע לעקציע פון דעמאָקראַטיע אין לודמיר.

## דער „נס" פון דער קאַטעדראַלע

אין לודמיר איז געווען אַן אַלטע פאַרלאָזטע קאַ־טעדראַלע. קיין גאָטעס־דינסטן פלעגט מען דאָרט נישט אָפּ־ריכטן. קיינער האָט נישט געדענקט ווי לאַנג דער אַלטער קלויסטער שטייט אַזוי פאַרלאָזן. און ווייל קיינער פלעגט אַהין נישט קומען, איז דער גרויסער הויף, וואָס האָט אַרומ־גערינגלט דעם קלויסטער, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַץ ווו די שטאָטישע באַפעלקערונג פלעגט קומען טאָן זייערע מענטשלעכע הצטרכותן.

מיט אַמאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אַז מ'האָט דאָרט, אין אַ גע־וויסער נאַכט באַמערקט אַ שיין פון ליכט; אַ סימן, אַז גאָט האָט זיך דאָרט באַוויזן...

דער קלאַנג האָט אַזוי אויפגערודערט די קריסטלעכע באַפעלקערונג, אַז זי האָט זיך נישט באַרויקט ביז די אָנ־פירער פון דער שטאָט האָבן אָוועקגעשריבן וועגן דעם צום סינאָד אין פּעטערבורג. ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און דער סינאָד האָט באַוויליקט אַ גרויסע סומע געלט בכדי איבערצובויען די אַלטע קאַטעדראַלע.

אין אַ שיינעם טאָג איז אַראָפּגעקומען קיין לודמיר אַ גרופּע אַרכיטעקטן. מ'האָט געמאָסטן און געצייכנט און די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן. ס'איז אָנגעקומען קיין לוד־מיר אַ צאָל בעלי־מלאכות (קאַצאַפּעס). קודם כל האָט מען אָנגעהויבן אַרונטעררייסן די אַלטע געביידעס, דאָס האָט גענומען אַ היפּשע צייט. נאָכדעם איז מען צוגעטראָטן צו דער הויפּט־אַרבעט, פּאַמעלעך, נישט געאיילט זיך, ווי אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן אין אַלטן רוסלאַנד.

די אַרבעט איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ שיינע פּאָר יאָר, ביז דער בנין איז ענדלעך פאַרטיק געוואָרן און מען האָט זיך גענומען גרייטן צום חנוכת־הבית. ס'זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז ס'קלייבן זיך קומען צום חנוכת־הבית אַ דעלע־גאַציע פון דעם הייליקן סינאָד, דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, און על כולם, וועט מען ברענגען די היי־

ליקסטע איקאָנע פון דער פּעטשאַרעווער לאַוורע,* דער לודמירער איספּראַווניק (פּאָליציימייסטער) און דער „גאָלאָוואַ”.

אַז מען האָט זיך דערוווּסט וואָס פאַראַ געסט ס'קלייבן זיך קומען אין שטאָט, האָט מען זיך קודם כל אַ נעם געטאָן צו דער יידישער באַפעלקערונג. יעדער, וואָס האָט געהאַט אַ הויז, האָט געמוזט דאָס הויז קאַלכן און פאַרריכטן דעם דאַך. פאַר ניט אויספירן שנעל דעם באַפעל האָט מען געגעבן געלט־שטראָף, אָדער געזעצט אין טורמע. די שטאָט אַליין האָט זיך גענומען פוצן, מ'האָט פאַרריכט די וועגן: אויפן קאָוולער וועג האָט מען אויפגעשטעלט אַ טריאומף־טויער. די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען כאָדאָראָם.

נאַטירלעך, איז דאָס ניט געגאַנגען אָן שרעק, כאָטש די קרעמער האָבן זיך גערעכנט צו לייזן, האָט זיך אָבער די יידישע באַפעלקערונג געשראָקן. ווער ווייסט וואָס ס'קען חלילה פּאַסירן, אַז עשו צעהוליעט זיך. קען דאָס נאָך חלילה אויסגיין צו יידישע קעפּ...

ווייזט אויס, אַז אויך די פּאָליציי האָט געוואָלט זיין זיכער, אַז דער יום־טוב וועט נישט געשטערט ווערן. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז די גאַנצע צייט, וואָס די פייערונגען וועלן דויערן, זאָלן אַלע מאָנאָפּאָלן, וואָס פאַרקויפן בראָנפן, זיין פאַרמאַכט.

דער באַשטימטער טאָג איז אָנגעקומען. דאָס איז געווען אַ פרייטיק, ווען ס'זענען אָנגעקומען אַלע דערוואַרטעטע געסט; און פרייטיק־צו־נאַכט איז מיט גרויס פּאַראַד, מיט מוזיק און געזאַנג אָנגעקומען די „פּעטשאַרעווער מומע”. מאַסן פויערים און פויערטעס זענען עולה רגל געווען פון פּעטשאַרעוו ביז לודמיר. דער יום־טוב האָט געדויערט עטלעכע טעג.

ביסלעכווייז זענען די געסט זיך צעפאָרן. די שרעק פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אָן אומזיסטע. ס'האָט זיך אויסגעלאָזן בלויז צו אַ ביסל איבעריקע הוצאות אָדער צו עטלעכע טעג אַרעסט. ביסלעכווייז האָבן זיך אַלע באַרויקט און די שטאָט האָט זיך צוריקגעקערט צו איר נאָרמאַלן צושטאַנד.

## פאַרשטערט געוואָרן די מנוחה פון שבת

אין לודמיר איז געווען אַ דאָמיניקאַנער טורעם, אַ „זוואָניצע”, ווי מ'פלעגט עס אין לודמיר רופן. דאָס איז געווען אַ געביידע פון אַ פיר אָדער פינף שטאָק, די העכסטע אין שטאָט. אויפן שפּיץ פון דער געביידע איז געווען אַ גאַלעריע, און אין מיטן איז געווען אַ בודקע, וווּ ס'איז אַלעמאָל געשטאַנען אַ גאָראָדאָוואָי (אַ פּאָליציי־מאַן). ער האָט געהיט די שטאָט פון אַ פייער: טאָמער האָט ער ערגעץ וווּ באַמערקט אַ פייער, פלעגט ער אָנהויבן „טרובן”. דאָס האָט געדינט ווי אַ סיגנאַל פאַר דער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע” (פייערלעשער). די פייערלעשער פלעגן גלייך אַרויספאָרן מיט זייערע מכשירים צום אָרט פון דער שריפה, און נאָך זיי פלעגט נאָכלויפן כמעט אַ האַלבע שטאָט. ס'זענען געווען אַזעלכע מענטשן, פאַר וועמען ס'האָט ניט געהאָלפן קיין געוויין און געבעט פון זייערע משפחה־לייט; ווי נאָר ס'פלעגט אויסברעכן אַ שריפה, פלעגן זיי גלייך לויפן צום פלאַץ פון דער שריפה. אין לודמיר איז בכלל געווען אַ מאָדנע באַציאונג צו שריפות: פון איין זייט פלעגט מען פאַר אַ שריפה שטאַרק מורא האָבן, פון דער אַנדערער זייט האָט עפּעס אַהין געצויגן, ווי אַ מאַגנעט.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן שבת־ביי־טאָג, נאָכן שלאָפן, די מנוחה פון שבת איז געווען אויסגעגאָסן איבער דער גאַנצער שטאָט, אַלע קראָמען זענען פאַרמאַכט, פון די אָפענע פענצטער פון די חסידים־שטיבלעך און בתי־מדרשים הערט זיך דער קול תורה, ווער ס'לערנט אַ בלאַט גמרא, ווער אַ פּרק משניות, ווער אַ קאַפּיטל תהלים; די אַלטע ווייבער לייענען דעם טייטש־חומש. פאַר די הייזער אויף די פריזבעס זענען אויסגעזעצט ווייבער און מ'רעדט אַ ביסל רכילות... און אין צענטער שטאָט, אויף נעווסקי גאַס האָט שוין דער שבת אַ ביסל אַן אַנדער פּנים. אויסגעפּוצטע יונגע־לייט און מיידלעך שפּאַצירן צוזאַמען; פון די אָפּגעהאַקטע געשפּרעכן קען מען אויפכאַפּן די ווערטער „אַרציבאַשעוו, סאַנין, רעוואָלוציע, סאָציאַליזם”.

פּלוצעם הערט מען: מ'טרובעט. דאָס האָט געווירקט ווי אַ דונער פון לויטערן הימל. די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע איז אַרויס מיט אירע מכשירים, דורכגעפאָרן דורך דער זוואָניצע און דער פּאָליסמאַן פון אויבן האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער אוסטילער זייט. די פייערלעשער האָבן זיך גענומען יאָגן אויף דער אוסטילער זייט און די גאַנצע שטאָט נאָך זיי. אין איין מינוט איז נעווסקי געוואָרן ליידיק, אין די שטיבלעך און די בתי־מדרשים זענען געבליבן אָפענע גמרות, אָפענע משניותן און תהלימס, אַלע זענען אַוועק צו דער שריפה. אַזוי זענען זיי געלאָפן ביז צו די קאַזאַרמעס, די פייערלעשער פאָרויס און די גאַנצע שטאָט נאָך זיי. צוקומענדיק צו די קאַזאַרמעס האָט זיך דער גאַנצער עולם אָפּגעשטעלט. קיינער ווייס ניט וווּ ס'ברענט. שטייענדיק אַ ווײַלע, האָט זיך דער גאַנצער עולם צוריקגעקערט אין שטאָט. ערשט דאַן האָט זיך דאָס רעטעניש אויפגעקלערט.

דער לודמירער פריץ האָט געקויפט אין וואַרשע אַ נייעם אויטאָמאָביל. אַריינקומענדיק אין שטאָט האָט דער שאָפער אָנגעהויבן צו טרובען, בכדי מ'זאָל אָפּטרעטן דעם וועג. ווען דער מאַן אויף דעם טורעם האָט עס דערהערט האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן, ס'האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס איז ער נישט געווען דער ערשטער, וואָס האָט געטרובעט. ער האָט זיך מודה געווען שפּעטער, ווען מ'האָט אים גענומען אויפן צימבל, אַז ווען מ'האָט אים געפרעגט וווּ עס ברענט, האָט ער פאַר שרעק אָנגעוויזן אויף דער אוסטילער זייט...

אַזוי איז צוליב דעם ערשטן אויטאָמאָביל אין לודמיר פאַרשטערט געוואָרן די מנוחה פון אַ שבת.

## א יריד אין לודמיר

גאַנץ פרי, ס'איז נאָך גוט פינצטער, גייען שוין אַ סך יידן אין די שטיבלעך און בתי־מדרשים; ס'גייען תבואה־הענדלער, קרעמער, טאַנדעטניקעס און אויפקויפער. דאָס

---

* געמיינט די פּטשייעווער לאַוורע.

איילן זיי זיך אַזוי אָפּצודאַוונען פרי צוליב דעם היינטיקן יריד. און טאַקע באַלד, ווי ס׳ווערט נאָך אַ ביסל בלאָ אין מזרח, לייגט מען טלית און תפילין, און מ׳שטעלט זיך דאַווענען. אָפּגעדאַוונט, גייען אייניקע אַ היים עפּעס „טועם״ זיין. אַנדערע לאָזן איבער טלית און תפילין ביי דעם שמש און מ׳אַנטלויפט יעדער צו זיין געשעפט.

וואָס ווייטער מ׳קומט אַרויס פון דער שטאָט, אַלץ שענער ווערט גאַטס וועלט. פון ביידע זייטן וועג ציען זיך, אויף ווי ווייט דאָס אויג קען פאַרכאַפּן, אומענדלעכע פּריש אָפּגעשניטענע פעלדער און לאָנקעס. אויף אייניקע פעלדער שטייען נאָך אויסגעשטעלט סנאָפּעס, אַזוי ווי סאָלדאַטן. רעכטס שוואַרצט זיך אַ סאָסנאָווער וועלדל, און אין אַ ווינקל אין מזרח גייט אויף די זון. אַ פּויער מיט אַ פולן וואָגן זעק קומט אָן, און לעבן אים שפּאַצירט שוין אַ ייד מיט אַ געל בערדל, איין האַנט האַלט ער אויף דער דראַ־

רחוב קתדרלנה / קאַטעדראַלנע גאַס



מצד ימין הגן העירוני / פון רעכטס דער שטאָט־פּאַרק

בינע, דאָס איז אַ צייכן, אַז קיין אַנדערער זאָל נישט צו־קומען און קאַליע מאַכן דעם מסחר.

— גוט מאָרגן, בעל־הבית, וואָס האָסטו צו פאַרקויפן — פרעגט דער ייד.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, כ׳האָב גאָרנישט וואָס צו פאַרקויפן! ענטפערט דער פּויער. דער ייד פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ, און הויבט אָן צו רעדן גיך, גיך: — דער פּרייז פאַר קאָרן איז שטאַרק אַרונטער, שוין געוועזן אַזוי הויך, ווי אַכציק קאָפּיקעס אַ פּוד. אַצינד צאָלט מען שוין נישט מער ווי 71—72, העכסטנס 73 ק. — וואָס פאַראַ קאָרן, וואָס דרייסטו אַ מוח? — שלאָגט אים איבער דער פּויער — כ׳האָב ווייץ. — זיכער ווייץ. מאַכט זיך דער ייד ניט וויסנ־דיק, וואָס זשע דאַרפסטו זיך אַרומשלעפּן איבער דער שטאָט מען זאָל דיר אָפּנאַרן; ווייץ איז 95 קאָפּיקעס, כ׳וועל דיר געבן 97—98, אַ רובל. וואָס? דו ווילסט קיין רובל אויך נישט? פאַר זשע שוין אין שטאָט אַריין! אָפּגעזאָגט

און אַוועק. אַז דער פּויער האָט געזען, אַז דער ייד איז אַוועק, רופט ער אים צוריק: „היי, קופּיעץ״. אַ סימן, אַז דער מסחר איז געשלאָסן. דער פּויער מיטן יידן פאַרנעמען זיך אין שטאָט, און מיר מיט זיי.

דעם ערשטן וויזיט מאַכן מיר אויפן „קאַזיאָנעם״ מאַרק. דער גאַנצער מאַרק, און אויך די אַרומיקע גאַסן, ווו נאָר ס׳איז דאָ אַ שטיקל ליידיק פּלאַץ, זענען פול געפּאַקט מיט פערד און וועגענער און פּויערים. און צווישן זיי דרייען זיך אַרום יידישע אויפקויפער, און קויפן אויף אייער, היגער, פלאַקס, חזיר־האָר. דערביי קומט פאָר אַ דינגעניש, מ׳קריגט זיך און מ׳בעט זיך איבער. ס׳איז אַ טומל, אַ געשריי. מ׳שטויסט זיך פון אַלע זייטן.

און אַזוי שטויסנדיק, בלייבן מיר שטיין ביי אַ שטעל פון היטלען. דער קירזשנער רופט אויס אויפן קול: „היטע־לעך, היטעלעך, פאַר קליין און גרויס״!. דערביי כאַפּט ער

אַ היטל און דרייט אויפן פינגער אַזוי קונציק, גיך, גיך. ס׳קומט צו אַ פּויער מיט צוויי קליינע שקצימלעך. דער קירזשנער הויבט אָן זיי צו מעסטן פאַרשידענע היטלען ביז ענדלעך, ער געפינט פאַר זיי צוויי היטעלעך, וואָס דער־גרייכן זיי ביז איבער די אויערן. ס׳הויבט זיך אָן אַ דינ־געניש. דאָס געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, ביז ענדלעך מ׳גלייכט זיך אויס, און דער מסחר איז געשלאָסן.

מיט אַמאָל, אַ טומל און אַגעשריי: „כאַפּט אים, פאַר־שטעלט אים דעם וועג!״. דאָס האָט אַ חזיר, וואָס איז גע־לייגן אַ געבונדענער אויף אַ וואָגן, זיך אָפּגעריסן און גענומען לויפן. אַזוי לויפנדיק האָט ער איבערגעקערט צוויי שטעלן מיט אויבס. דער טומל ווערט נאָך גרעסער, מ׳שטעלט זיך און מ׳זידלט זיך. קוים מיט צרות האָבן מיר זיך אַרויס־געריסן פון דאָרטן, און מיר זענען צוגעקומען צו דעם שמאָלן געסל. אָן ענגשאַפט און אַ געדראַנג, זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

מיט אַמאָל אַ געשריי און אַ געוויין: מיין געלט. מיין אָרעם געלט. וואָס איז ר׳ ייד? לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז אַ דאַרפס־ייד געקומען אַנקויפן אויפן יריד, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז מ׳האָט אים אַרויסגעגנבעט פון קעשענע אַ טייס־טערל מיט געלט, אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אַ פּאָר מענטשן האָבן זיך גלייך אַוועקגעלאָזט צווישן די קראָמען און מ׳האָט פאַר דעם יידן צונויפגעזאַמלט אַ פּאָר רובל. דער ייד האָט צוגענומען דאָס געלט, באַדאַנקט און איז אַוועקגעגאַנגען. פון דער שמאָלער „אוליצע" הויבן מיר אָן צו מאַכן אונזער לעצטן שפּאַציר צום „טאַרגעוויקס".

דער ריזיקער פּלאַץ איז פול געפּאַקט. דאָ קויפט מען און מ׳פאַרקויפט פערד, בהמות, שעפּסן און חזירים. צו די געשרייען און ליאַרעמס קומען נאָך צו דאָס מעקן פון בהמות און דאָס הירזשען פון די פערד; און מ׳פּאַטשט זיך אין די הענט, און מ׳דינגט זיך.

און ווען דער מסחר ווערט געשלאָסן, לאָזט מען זיך אַוועק צו דעם דערבייאיקן מאַנאָפּאָל; דאָרט זענען פאַר־זאַמלט אַ סך פּויערים; מ׳קלאַפּט די פלעשלעך אויף די דלאָניעס, די קאָרקעס פליען אַרויס מיט אַ קנאַק, און מען מאַכט אַ לחיים. איינער האַלט זיך קוים אויף די פיס, איינער הויבט פּלוצעם אָן צו שפּילן אויף אַ גאַרמאָשקע, אַ פּאָר פּויערים לאָזן זיך גלייך אַוועק אין אַ פריילעכן טאַנץ. ס׳איז חי געלעבט.

נאָכן יריד. ס׳איז פאַרנאַכט. עטלעכע צענדליק אָרעס־טאַנטן מיט גרויסע בעזימער רייניקן אויס די שמוץ פון די הויפּט גאַסן. די פּויערים זענען זיך שוין צעפאָרן. די יידן לאָזן זיך גיין אין די שטיבלעך צו דאַווענען מנחה־מעריב. צווישן מנחה און מעריב גיט מען זיך איבער די איינדרוקן פון טאָג. געלויבט דער אויבערשטער, געמאַכט אַ פּאָר רובל — זאָגט איינער. דאַקעגן, באַקלאָגט זיך אַ צווייטער, אַלץ איז ביי אים היינט געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. אַזוי רעדנדיק, גיט אימיצער אַ קלאַפּ אין טיש און הויבט אָן: והוא רחום יכפר עון ולא ישחית...

## פאר דער ערשטער וועלט מלחמה

לודמיר איז געווען אַ טיפּיש יידישע שטאָט, גלייך מיט אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. חיונה האָט מען געצויגן פונעם קלייטל, אָדער מ׳האָט זיך אַזוי געדרייט אַרום דעם פּויער, וואָס פלעגט קומען אין שטאָט איינקויפן זיינע הצטרכותן. גרויס שפע האָבן צוגעגעבן דער שטאָט די ירידים, וואָס פלעגן פאָרקומען דעם צוואַנ־ציקסטן פון יעדן חודש. אויך דאָס מיליטער, וואָס איז גע־שטאַנען אין לודמיר, האָט צוגעהאָלפן צו דער פרנסה.

ס׳זענען אויך געווען עטלעכע גרעסערע געשעפטן, ווי מאַנופאַקטור־קראָמען, צעלנ׳יק־קראָמען, א. א. וו. געווען אויך עטלעכע מילן אין לודמיר, ווי אויך וואַלד־סוחרים, געהילץ־סוחרים.

ס׳איז אויך געווען אַ שיכט בעלי־מלאכות, ווי סטאָליאַ־רעס, סטעלמאַכערס, שוסטערס, שניידערס, קירזשנערס, בלע־כער; אַ באַזונדערן אָרט האָבן פאַרנומען די טאַנדעטניקעס. דאָס זענען געווען בעלי־מלאַכות, וואָס פלעגן צוגרייטן פאַר־טיקע קליידער פאַרן מאַרק. געווען אויך צוויי דרוקערייען אין לודמיר, וועלכע האָבן באַזאָרגט דער שטאָט מיט דרוק־מאַטעריאַל.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך מערסטנס קאָנ־צענטרירט אַרום די שטיבלעך און בתי־מדרשים. זיי זענען געווען אַ חוץ בתי־תפילות, אויך זאַמלפּונקטן פאַר גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט און מחלוקות. די מחלוקות זענען מערסטנס אַרויסגעקומען צוליב רבנים, דיינים, שוחטים, א. ד. ג.

געווען אויך אין לודמיר אַ גמילות־חסדים־קאַסע, ווו קליינע קרעמער, בעלי־מלאכות, און סתם אָרעמע־לייט, האָבן באַקומען קליינע הלוואות אָן פּראָצענט. געווען אויך אין שטאָט זייער אַ שיינער יידישער שפּיטאָל, ווו נישט־פאַר־מעגלעכע האָבן באַקומען מעדיצינישע באַהאַנדלונג אומזיסט.

די רוסלענדישע באַפרייאונגס־באַוועגונג האָט אויך גע־האַט אַן אָפּקלאַנג אין לודמיר. ס׳זענען אַנטשטאַנען אָפּטיי־לונגען פון די פּאַרטייען „בונד" און „ס־ס". צוליב דער נאָענטקייט פון דער גאַליצישער גרענעץ פלעגן פון צייט צו צייט, אַראָפּקומען קיין לודמיר פּאָליטישע פירער, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד. דערוויל, איידער מ׳איז אַריבער די גרענעץ, האָט מען אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן, דיסקוסיעס. אַ סך פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען דורך דער לודמירער טורמע אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די מערהייט פון דער לודמירער יוגנט, איז געזעסן אין די שטיבלעך און געלערנט. געווען אויך אַ ישיבה פאַר היימישע בחורים און פאַר אַנגעפאַרענע. אַ קליינע צאָל יינגלעך זענען געגאַנגען אין דער יידישער שול, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַלס פּועל־יוצא פון דער השכלה־באַוועגונג, בכדי צו בילדן די יידישע באַפעלקערונג, און איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער צאַרישער רעגירונג, דורך יידישע געלט, נאַטירלעך.

די מער אויפגעקלערטע צווישן דער יוגנט האָבן גע־מאַכט אַ פאַרזוך צו שאַפן אַ ביבליאָטעק. אָט דער פאַרזוך האָט זיך אַנגעשטויסן אויף אַ געגנערשאַפט סיי מצד דער שטאַטישער פּאָליציי, סיי מצד די חסידים, וועלכע האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַן אפיקורסות.

דערמיט שעפּן זיך אויס מיינע זכרונות פון לודמיר ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די יאָרן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט מלחמה, אונטער דער פּוילישער ממשלה, זענען געווען יאָרן, ווען דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך מיט דער הילף פון אַ מערדערלעכן באָיקאָט, פאַרנומען צו צושטערן דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג, דורך צונעמען פון זיי דעם ביסן פון מויל.

דאָס זענען אָבער אויך געווען יאָרן פון אויפשטייג אין געביט פון געזעלשאַפטלעכקייט און קולטור. גאַנץ פּוילן איז געוואָרן דער קוואַל פון יידישן אידעאַליזם, יידישער קולטור און יידישער עקשנות. און אונזער לודמיר איז חלילה ניט אָפּגעשטאַנען פון אַלע אַנדערע גרויסע שטעט אין פּוילן. מיר מעגן זאָגן, אַז ביים אויסברוך פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה, איז לודמיר געווען אַ עיר ואם בישראל.

בנימין זינגר

# לודמיר בימי מלחמת העולם הראשונה

המלחמה פרצה בערב תשעה באב. לא היה כמעט בית שלא יגוייס מישהו מאנשיו. ואם בשנים כתקונן, נחשב הגיוס לצבא כאסון משפחתי, על אחת כמה וכמה בימי מלחמה. אבל כמעט כללי הקיף את הישוב בלודמיר. הפרידה מהצעיר שהלך לצבא, התקיימה בקולות בכי ונהי. לא פלא הדבר: שום רגש־לחובה אזרחית לא היה. הן לא עברו ימים מרובים מ„משפט־ביליס" המפורסם, וה„גזרות" נגד היהודים דיו תכופות משום כך ניסו בימים ההם בכל מיני דרכים להחמק מהשרות בצבא על ידי „סדור" מומים מיוחדים או ע"י נתינת שוחד.

ימים אחדים אחרי הכרזת המלחמה הותקפה עירנו על ידי האוסטרים ופגזים נפלו לתוך העיר.

הצבא הרוסי התחיל להתקדם לגליציה, נצחונות הרוסים דכאו רוח היהודים, ששאפו מאוד למפלת רוסיה. מצב היהודים הלך והוחמר. יהודים נאשמו בקשרים עם האויב, ואם נותקו טלפונים, הואשמו בזה היהודים, והוטל על התושבים לצאת בלילות לשמירה של הטלפונים. ברור שזה גרם ליהודים כל מיני נגישות והתנפלויות. בו בזמן התחילו לבוא פליטים יהודים בהמונים מחמת גרוש מגליציה שבוצע ע"י הצבא הרוסי. כל אלו אוכלסו בכל מיני מקומות ציבוריים, נוצרו וועדים לסיוע ולטיפול בפליטים אלו, אלפי אנשים, נשים וטף. תנאי חייהם של הפליטים היו קשים מאוד. למרות העזרה הרבה שניתנה להם ע"י יהודי העיר. (טיפול זה בפליטים זכה לציון בכתבי ש. אנ־סקי שהיה ראש עסקני רוסיה).

התנאים הסאניטארים הגרועים של מקומות הדיור לפליטים היוו גורם למחלות. בעירנו שאבו מים בימים ההם מכמה בארות, וגם מהנחל, ללא כל פיקוח על טיבם. בתי־שימוש היו בצורה הפרימיטיבית ביותר. פיקוח רפואי כמעט לא היה בכלל, היה דבר יקר ערך (גם זה פרק לעצמו).

אז פרצה מחלת החולירע, שפגעה בהרבה תושבים. הטיפול בפליטים עבר למוסדות מרכזיים יותר שהתחילו בפיזור הפליטים. החיים בדרך כלל היו אז קשים מאוד, אבל עוד יותר החמירו בעקבות הנסיגה הרוסית הגדולה מאוסטריה. שוב התחיל לזרום הרבה צבא רוסי לעירנו. באווירה שרר פחד מפני פוגרומים.

בהתקרב הצבא האוסטרי־גרמני קווינו עוד מעט ונושע. אולם כשהזב הצבא הרוסי את העיר, נשארו בה כאן ושם קוזקים בודדים. אלפי אוקראינים באו העירה עם שקים לשדוד. החנויות היו סגורות, קוזקים שיכורים למחצה שוטטו כל הזמן על סוסיהן, ולפניהם המון פותח בכוח חנויות, שודד אותם ומצית. יהודי אחד נורה ע"י החילים. כמה ימים עברו בשוד והצתה. היהודים פחדו להיראות בחוץ ולכבות את השריפות. היריות ברחוב נמשכו ללא הרף. והנה פתאום: טרטור אופנועים, ופטרולים גרמניים הופיעו, והם התחילו לקלוע בקוזקים, ובהצלחה. כעבור שעות מספר הופיע צבא רוכבים, יפה מסודר וחנה באמצע העיר. כל הרחובות נתמלאו יהודים.

תיכף ניתנה פקודה לפתוח את החנויות, והכל נמכר בכל מחיר.

הכיבוש הגרמני התקיים ביום הרביעי, וביום הששי נפוצו שמועות כי הרוסים מתקיפים את העיר חזרה, והנם כבר מחוץ לעיר. בערב שבת כרגיל הלכו כולם להתפלל והיה מורגש כי הענינים „לא בסדר". עגלות חיל האספקה חוזרות בכיוון לאוסטילה. באופק מסביב ללודמיר אש. יריות רובים נשמעו בעיר. היהודים חזרו במתי־הכנסת. בכל הבתים לא אכלו את סעודת־הערב, ארזו כל מיני חפצים ואוכל. חלק גדול מאוד מהתושבים יצא וחבילות על הגב אלפים, אלפים הלכו. ונשמעו בכל פעם צעקות וקריאת שמות, זה נאבדה לו חבילה, זה נתפרקה לו החבילה, וזה לא יכול היה לסחוב. הרעש והצעקות נמשכו בלי הרף. ההרגשה היתה בלב כל היהודים כי ביום שיחזרו הרוסים: מחכה שחיטה לכל יהודי לודמיר.

כל הזמן הלכו ליד חיל האספקה של החיילים הגרמנים הנסוגים. עד שהגענו לשדה בכפר. הרבה מבתי הכפר היו עזובים מתושביהם שברחו עם הרוסים. מפקד הצבא הנסוג אמר לנו כי כאן כדאי לנו לנוח. גם השיירה שלהם נחה כאן. נחנו כל הלילה בשדה בחסדם ובטעיפולם של אנשי הצבא. לפנות בוקר העירונו והודיעו לנו כי ההתקפה נהדפה, וכי אפשר לחזור העירה. אין לתאר את שמחתנו על אף העייפות והסבל.

הרוסים נהדפו רחוק מהעיר. ושלטון הכיבוש עבר לאוסטרים. הוכנס המשטר של חרום, והכל נעשה לפי פקודה. כל החיים היו תלויים בחסדו של המושל. מהמושלים שהאריך בשלטון היה אחד ששמו מוזר, אדם מוזר מאוד, בעל מרץ ותקיף. שום דבר לא ידעו עליו. אבל לרצונו היה החוק. בימים ההם הופיעו שתדלנים לכל דבר, אבל תועלתם הציבורית היתה מועטה מאוד. ברור כי שום ארגונים צבורים לא היו, חוץ מגבאי ונכבדי בתי־הכנסת. וכמה מוסדות של צדקה. המצב הכלכלי הורע מיום ליום. מעט המזון שהיה נשלח לגרמניה. שום מסחר בין־עירוני לא היה. דרוש היה רשיון מיוחד לנסוע מעיר לעיר, וזה נותן בקושי רב, ובדרך של המלצות מאת אנשים (ונשים במיוחד). די להוסיף כי לכל רשיון היה צריך לשלם מטבעות זהב. מזון נותן בחלוקה מצומצמת, ולא היה ממה להתקיים. אז נפתחו מוסדות לעזרה. בעיקר יש לציין את המטבח העממי שזכה לטיפול מייחד ולסיוע מצד השלטון. בגלל התזונה הלקויה והמצב הסאניטרי הלקוי, פרצו מחלות שונות. ומוזר המושל העמיד למטרה לטהר את העיר וללחום במחלות. סודרו בתי־מרחץ והוכנסו כרטיסי רחיצה מחייבים לביקור שבועי בבתי המרחץ.

ובמקרה של מחלה, סדרו הסגר וחטוי מיוחד. לאט לאט התרגלו בצורך הנקיון גם בכבישים וברחובות. הוטלו קנסות. ויש להודות כי זה עזר למניעת מחלות.

ככה נמשכו החיים היום־יומיים. החזית רחוקה מאתנו. הקיום — קשה, פרט לבעלי ה„קונצסיות", שנצלו זה יפה מאוד לתועלתם. המטבח העממי הפך למרכז החיים הציבוריים של העסקנים הצעירים, שרצו במה שהוא לעזור ולפעול.

## משה שיינבוים

# דאס יידישע לעבן אין לודמיר

## בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

### די מלחמה ברעכט אויס

דעם 28־טן יוני 1914 זענען דערמארדעט געווארן אין סאראיעווע, (סערביע), דער עסטרייכישער ערץ־הערצאג פראנץ פערדינאנד און זיין פרוי. דער שרעקלעכער מארד האט ווי א דונער אפגעהילכט אין גאנץ איירעפע. די עסטרייכישע רעגירונג האט געשיקט א שטרענגן אולטימאטום צו סערביע מיט שווערע באדינגונגען און עס האט געהאלטן ביי א קריג צווישן סערביע און עסטרייך מיט אירע פארבינדעטע: דייטשלאנד און איטאליע.

יעדער האט אבער געוווסט, אז הינטער דער קליינער סערביע שטייט די גרויסע רוסלאנד מיט אירע פארבינדעטע פראנקרייך — און דאס באדייט אן איירעפעאישע מלחמה.

עטלעכע וואכן נאכאנאנד האבן הונדערטער מיליאנען מענטשן געפיבערט צווישן מלחמה און שלום. מיינונגען פון דער וועלט־פרעסע זענען געווען צעטיילט: ווען אייניקע האבן געשריבן, אז א מלחמה איז אומפארמיידלעך, האבן אנדערע געזאגט, אז די שווערע וואלקנס וועלן זיך צעשטרייען און ס׳וועט קיין זאך ניט פארקומען.

מיין פרוי און קינד זענען דעמאלט געווען אויף א זומער־וווינונג דרוסקעניק, און איך האב באשלאסן זיי נעמען אהיים. ווען איך בין מיט זיי צוריקגעפארן צו דער לודמירער באן־סטאנציע, האב איך באמערקט אויפן פעראן גרויסע גרופן אפיצירן מיט זייערע פרויען און קינדער, פון וועלכע אייניקע האבן אין דער שטיל געוויינט. א ביסל אן א זייט איז געשטאנען דער פולקאווניק פון דראגאנען־פאלק מיט זיין פרוי. זי איז געלעגן אויף זיין פלייצע און האט יאמערלעך געוויינט. עס האבן זיך דערהערט דריי קלונגען, אלע זענען אריין אין די וואגאנעס און דער צוג האט זיך גענומען רירן. פלוצלינג איז ארויס פון וואגאן פון ערשטן קלאס דעם פולקאווניקס פרוי, צוגעלאפן צו איר מאן, וועלכער האט נאך ניט געהאט פארלאזן דעם פעראן. ארומכאפנדיק זיין קאפ מיטביידע הענט האט זי היסטעריש וויינענדיק געשריען: איך וועל ניט פארן, איך וויל זיין מיט דיר צוזאמען. דער באן־מייסטער האט באפוילן אפצושטעלן דעם צוג און צוזאמען מיט נאך א פאר אפיצירן האט ער אנגעהויבן צו טרייסטן די אומגליקלעכע פרוי, אז זי קען פארן, און אז אין עטלעכע טעג ארום וועט זי געוויס קענען צוריקקומען. אבער די פרוי האט זיך אלץ ניט געקענט בארויקן. דער פאלקאווניק, א טויט בלייכער, האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויפן רעוואלווער, וואס ער האט געהאט ביי דער זייט און עפעס אריינגעזאגט דער פרוי אין אויער. א פארגאפטע מיט טרערן, ווי א געליימטע, אנשפארנדיק זיך אויפן מאנס אקסל, איז זי צוריק אריין אין וואגאן, און דער צוג האט זיך גענומען רירן.

די דאזיקע סצענע האט געמאכט א שרעקלעכן איינדרוק אויף די אלע, וואס האבן זיך דאן געפונען אויפן פעראן. אלע האבן מיר פארשטאנען, אז די מלחמה קומט טאקע אן.

און אין דעם זעלבן טאג איז די מלחמה טאקע אויסגעבראכן.

ווען איך בין געגאנגען פארנאכט אין שול זאגן „קינות״, האב איך באמערקט פון ווייטנס: יידן שטייען מיט די קינות אין די הענט, אנגעטאן אין אלטע געלאטעטע מלבושים, מיט זאקן, ווי דער דין, נעבן א פארקן און לייענען עפעס פון א גרויסן רויטן פלאקאט. ווען כ׳האב געפרעגט ביים ערשטן יידן: וואס לייענט מען? האט ער מיר געענטפערט: „גיי וועסטו אליין זען״. כ׳האב אבער באמערקט אין זיין בלאסן געזיכט, אז עפעס שרעקלעכעס האט פאסירט. עטלעכע מינוטן שפעטער האב איך אליין געלייענט די גרויסע „קידוש־לבנה״ אותיות: „מיר אלעקסאנדער דער צווייטער, צאר פון רוסלאנד, קעניג פון פוילן, א. א. וו. דערקלערן קריג, פון היינט אן, דער עסטרייכער רעגירונג, און רופן אן אלגעמיינע מאביליזאציע אין גאנצן לאנד״.

די בשורה פון א נייעם חורבן איז געקומען דאן, ווען יידן זענען געגאנגען צו קינות. און ווי יעדן יאר, געזעסן אויף איבערגעקערטע שטענדערס מיט חלבנע ליכטלעך אין די הענט און געזאגט: „איכה ישבה״. נאר דאס מאל האט עפעס דער טרויעריקער תשעה־באב־ניגון שטארקער גערעדט צו יעדן הארץ, און פון „עזרת נשים״ האט זיך אין בית־מדרש אונטן אריינגעריסן א יאמערלעכער געוויין.

### א קאמף מיט אן עסטרייכישער אויסשפירער־גרופע

עטלעכע טעג שפעטער האבן די איינוווינער פון דער לוצקער גאס זיך אויפגעכאפט אין מיטן דער נאכט פון א שיסעריי און פון הימל־רייסנדיקע הילפס־רופן. אן אויסשפירער־גרופע פון עסטרייכישע הוסארן איז אריין אין שטאט, וועלכע האט זיך געפונען 25—20 קילאמעטער פון דער עסטרייכישער גרענעץ. די אויסשפירער זענען צוגעלאפן אויף די פערד ביז צו שולמאנס מיל און דארטן האבן זיי אנגעטראפן אויף א שטארקן כוח פון די רוסישע סאלדאטן. נאך א קורצער שלאכט זענען געבליבן ליגן אויפן שאסיי געהרגעטע עסטרייכישע הוסארן; ס׳זענען גענומען געווארן 12 געפאנגענע עסטרייכער. די רוסישע אבידות האבן מיר ניט געציילט. אין זעלבן טאג האט מען די געפאלענע פיינדלעכע סאלדאטן געמאכט א פאראדנע לוויה, מיט מוזיק פון א מיליטערישן ארקעסטער, און מיט דער באגלייטונג פון א באטאליאן סאלדאטן אן געווער, און א גלח, בראש.

צווישן די געפאלענע עסטרייכער איז אויך געווען א ייד. זיין לוויה איז פארגעקומען באזונדער, אויך מיט מי־

ליטערישע מוזיק און מיליטער באַגלייטער, נאָר פאַרשטייט זיך מיט רבנים בראש. כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט אָנטייל גענומען אין דער לוויה; ער איז באַערדיקט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם. ווען די עסטרייכער האָבן איינגענומען לודמיר, זענען געקומען פון ווין דעם סאָלדאַטס עלטערן, אַ באַוווסטע רייכע משפחה פון ווין. זיי האָבן אים אַרויסגענומען פון לודמיר און איבערגעפירט דעם קערפער אין זייער שטאָט אַריין. דערביי האָבן זיי געגעבן גרעסערע נדבות פאַר די יידישע אַנשטאַלטן און פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

אַזוי אַרום האָט אונזער שטאָט געהאַט די „זכיה" אַריינצוזאַפּן אין איר ערד די ערשטע פאַרגאָסענע בלוט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און געבן אַן אייביקע רו אירע ערשטע קרבנות.

## רוסישע נצחונות אין מפלות

אַ קורצע צייט נאָך דעם ערשטן מלחמה־אינצידענט, איז לודמיר באַשטימט געוואָרן אַלס אָרט פאַרן הויפּט־שטאַב פון דער אַרמיי, וואָס האָט זיך געגרייט אַריינצודרינגען קיין גאַליציע. עס זענען אָנגעקומען פאָלקן פוסגייער, קאַוואַלעריע און אַרטילעריע. עס האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון די אינערלעכע רוסישע גובערניעס מחנות פון רעזערוו־סאָלדאַטן. אין דער צייט, וואָס די מיליטער־פאָלקן זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אין די נאָענטע דערפער: אָסטראָלוג, זאַרעציע און זימניע, זענען די רעזערוו־סאָלדאַטן געווען צעשפּרייט אין די פּאַלאַטקעס איבער יעדער ליידיקן פּלאַץ, וואָס איז געווען אין שטאָט. די קראָמען זענען געווען געפּאַקט מיט אַ נייעם סאָרט קונה: רוסישע קאַצאַפּן, וואָס האָבן זיך ניט געדונגען און געוואָרפן זיך מיט געלט. אַממייסטן זענען געווען די פּאַלאַטקעס צעשטעלט אויף אַ ליידיקן פּלאַץ אויףביידע זייטן שאָסיי, וואָס האָט געפירט דורך דער וואָקזאַלנע גאַס צו דער באַן־סטאַציע. די דאָזיקע פּלעצער זענען געווען גאַנץ נאָענט צו דער יידישער „קילשצינע", די אָרעמע געסלעך, וואָס זענען געווען ענג באַוווינט פון אומפאַרמעגלעכע און נויטליידנדיקע יידן. און אויך אָט דער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צו גענינסן פון „שפע" אין דער פּרנסה. יעדע שטוב איז געוואָרן אַ פאַבריק פון קוואַס און אַ בעקערייפון מאָן־שטרודל, און עפּל־פּאַלאַטשיקעס. צו דער דאָזיקער סחורה פון אייגענע אויסאַרבעטונג האָט מען צוגעקויפט אַ ביסל ביליקע צוקערקעס, און מיט די ביליקע זאַכן זענען די פרויען אַרומגעגאַנגען פאַרקויפן איבער די סאָלדאַטןפּאַלאַטקעס און פאַרדינט געלט.

ווען די קאַצאַפּעס זענען נאָך אַ קורצער אויסאיבונג געוואָרן סאָלדאַטן, זענען זיי אַוועק אויפן פראָנט. אין שטאָט איז געוואָרן שטיל, און דאָס לעבן איז אַריין אין זיין פריערדיקן נאָרמאַלן וועג.

די רוסישע אַרמיי האָט נאָך שווערע שלאַכטן פאַרנומען גרויסע שטחים אין גאַליציע מיט דער הויפּטשטאָט לעמבערג. די פעסטונג־שטאָט פּשעמישל אָבער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, און נאָך גרויסע שלאַכטן, וועלכע די רוסן האָבן פאַרלוירן העכער הונדערט טויזנט מאַן, האָט גענעראַל ברוסילאָוו איבערגעלאָזן אַ שטאַרקע באַלאַגערונגס־אַרמיי און אַוועק מאַרשירן ווייטער „קיין ווין".

אין איינעם אַ שיינעם ווינטערדיקן שבת פאַרנאַכט, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט ווי געוויינלעך געשפּאַצירט אויפן „נעווסקי פּראָספּעקט" (אַזוי האָבן מיר גערופן דעם שפּאַציר־אָרט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון שצוראָוווסקעס מויער ביז צו באיאַנערס הויז) — איז נעבן דעם פּוילישן קאָשטשאָל געשטאַנען דער אַלטער נאָטאַריוס דראַגאָן (אַ פּאָליאַק, אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט, וואָס האָט זיך צוליב קאַריערע געשמדט פאַר אַ פּראַוואָסלאַווניעם), און האָט מיט זיין שווערן שטעקן געשלאָגן יעדן דורכגייענדיקן יידן, זאָגנדיק אין אַ צעבראָכענעם יידיש: „אַ בראָך דיר, פּשעמיסל געשטאָרבן".

דער פּרעכער אָנפאַל אין מיטן דער הויפּטגאַס פון שטאָט, און די פּאַר יידן טרויעריקע בשורה, האָבן געמאַכט אויף אַלע שפּאַצירנדיקע אַ שווערן איינדרוק, און אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אַלע זיך צעלאָפן אַהיים אין אַ געדריקטער שטימונג.

די רוסישע נצחונות האָבן לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ווען זיי זענען געקומען 8 קילאָמעטער פאַר די טויערן פון קראָקע, און די לאַגע פון די עסטרייכער איז געוואָרן קריטיש, האָט גענעראַל לודענדאָרף, דער שעף פון דייטשן גענעראַל־שטאַב, באַשלאָסן איבערצופירן פון פראַנצויזישן פראָנט עטלעכע קאָרפּוסן פון דייטשן מיליטער, און נאָך שווערע קאַמפן, וואָס האָבן געדויערט 2 וואָכן נאָכאַנאַנד, איז אים געלונגען צו מאַכן ביי דעם שטעטל גאָרליצע אַ שטאַרקן דורכברוך פון רוסישן פראָנט אין אַ טיף פון העכער 20 קילאָמעטער.

די צעקלאַפּטע רוסישע פאָלקן האָבן אָנגעהויבן לויפן צוריק. די פאַרלוסטן זענען געווען שרעקלעכע. די איבערגעבליבענע, דערשלאָגן און מיד פון די לאַנגע צוריקמאַרשן, האָבן אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן אויף זייערע אָפיצירן און קריגס־פירער. די לעצטע, שרעקנדיק זיך פאַר אַ בונט, האָבן גענומען פאַרשפּרייטן ידיעות צווישן די סאָלדאַטן, אַז שולדיק אין דער מפּלה זענען די גאַליציאַנישע יידן, וועלכע האָבן שפּיאָנירט און מיטגעהאָלפן דעם שונא. די סאָלדאַטן וועלכע מען האָט לאַנגע יאָרן געלערנט, אַז אַ ייד איז אַ שונא פון רוסלאַנד, האָבן פאַרשטאַנען דעם ווונק און אָנגעהויבן צו ראַבעווען און הרגענען אין יעדע שטאָט און שטעטל, וואָס איז געלייגן אויפן וועג פון זייער צוריקגיין.

צו אונזער שטאָט, וועלכע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ נעענטער צום קריגס־פּלאַץ, זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אין גאַליציע קומט פאָר עפּעס שרעקלעכעס, נאָר קיין ריכטיקע ידיעות האָבן מיר ניט געקענט באַקומען. מיר האָבן מורא געהאַט צו פרעגן די קאָמאַנדע פון פראָנטאָפיצירן און סאָלדאַטן, ווייל עס איז אויף די רוסישע יידן אָנגעהויבן צו פאַלן אַ חשד. און ס'איז גענוג געווען די קלענסטע אינטערעסירונג מיט דעם וואָס קומט פאָר אויפן פראָנט, אַז מען זאָל דורכן זעלבן רוסישן סאָלדאַט אָדער אָפיציר אַרעסטירט ווערן אַלס שפּיאָן.

אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן שפּירן, אַז אויך אויף אונ־זערע קעפּ יאָגט זיך אָן אַ שוואַרצע כמאַרע, און מיר האָבן גע־לעבט אין שרעק פאַר דעם קומענדיקן טאָג.

## אַנסקים באַזוך אין לודמיר

אין איינעם פון אַזעלכע שווערע טעג, אין אַ פרימאָרגן, איז אַריינגעקומען צו מיר אין אַפּטייק־סקלאַד אַ הויכער־מאַגערער מאַן, געקליידט ווי אַ מיליטער־סאַניטאַר. איך בין גראַד געווען באַשעפטיקט און האָב אים געבעטן זיצן. אַז איך האָב זיך באַפרייט, איז ער אויפגעשטאַנען, דער־לאַנגט די האַנט, און געזאָגט אין אַ שיינעם יידיש: „איך בין אַנסקי, און איך וויל מיט אייך רעדן אונטער פיר אויגן.” איך האָב פאַרשלאָסן די טיר און פאַרבעטן אים אין מיין לאַבאָראַטאָריע, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג פון דעם פאַרקויף־צימער. אַז מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער געזאָגט:

— איך קום איצט פון רוסישן פראָנט וואָס איז ניט זייער ווייט פון אייער שטאָט. אָפיציעל אַרבעט איך אַלס עלטסטער סאַניטאַר אין דעם מיליטערישן באַוועגלעכן שפּי־טאָל, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דעם רוסישן זיעמסטוואָ־פאַרבאַנד. און אויף אַ אמת בין איך אַ פאָרשטייער פון דעם פּעטערסבורגער יידישן־הילפס־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע יידן. אין גיכן וועט די אָפּטרעטנדיקע רוסישע אַרמיי דורכגיין אייער שטאָט; — נאָך די פאַרפאַלן אין גאַליציע פירט מען זיי דורך ערטער, וועלכע זענען ניט באַוווינט דורך יידן. עס וועט אָבער ביי אייך זיין אַ קאָזאַקישע קאַוואַלעריע־אָפּטיילונג, פון וועלכער, ווער וויס, ס'קען זיין אַ סכנה פאַר אייער פאַרמעגן, און, חלילה, לעבן. העלפן קען נאָר כאַבאַר. מען דאַרף שאַפן אַ גרויסן געלט־פאָנד פון אייערע שטאָטישע פאַרמעגלעכע יידן. איך גיב אייך אין נאָמען פונעם פּעטערבורגער קאָמיטעט 1000 רובל — אַ גרויסע סומע אין יענער צייט — אַלס אָנפאַנג. איך בין געווען ביי אייער רב, האָט ער מיך געשיקט צו אייך. נעמט ביטע דאָס געלט און גיט מיר אַ קבלה, ואל שדי יתן לכם רחמים.”

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין נאָך אַ יונגער מאַן, און וויל זיך ניט פאַרנעמען מיט כלל־זאַכן, בפרט אין אַזאַ וויכטיקן ענין. און כ'האָב אים געבעטן זיך ווענדן וועגן דעם צו דעם גביר און טיכטיקן עוסק בצרכי צבור ר' משה שפּירא ז"ל, וועמען ווי איך האָב זיך דערנאָך דער־וווּסט, ער האָט טאַקע דאָס געלט איבערגעגעבן.

פאַרן אַוועקגיין זאָגט ער מיר:

— איך האָב צו אייך אַ ספּעציעלע ביטע: איך זאַמל מאַטעריאַל פון דעם „ועד ארבע הארצות”, וועלכער פלעגט אין געוויסע צייטן אָפּהאַלטן זיצונגען אויך אין אייער שטאָט, און כ'וואָלט וועלן זען אייער שטאָט־פּנקס. פיליכט זענען דאָרט דאָ ידיעות וועגן דעם. כ'וויל אויך זיין אויפן בית־עלמין אייערן, אַראָפּפאָטאָגראַפירן אייניקע אַלטע מצבות, און איבערהויפּט די מצבה פון דער „לודמירער מויד”, וועל־כע פלעגט, ווי מען דערציילט, לייגן תפילין, און געהאַט זייער אַ סך חסידים. גיט מיר ביטע אַן אַדרעס פון אַ מענטש, וועלכער זאָל מיר קענען בייהעלפן דערצו.

איך האָב אים געגעבן אַ בריוועלע צו דעם חברה־קדישה־מאַן יאָסעלע דרעהער. ער האָט מיר געדאַנקט און זיך אויפגעהויבן אַוועקגיין.

דאַן האָב איך אים געזאָגט:

— זיצט נאָך אַ ווײַלע. איך האָב אויך אַ ביטע צו אייך. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָבן געמאַכט די רוסישע סאָלדאַטן אין די יידישע שטעט אין גאַליציע?

ער איז בלאַס געוואָרן, שווער זיך אַנידערגעזעצט, און מיט אַ שטילער שטימע מיר געענטפערט:

— רעדט נישט מיט מיר וועגן דעם. איך בין געווען אין קישעניעוו עטלעכע שעה נאָך דעם פּאָגראָם. עס זענען דאָרט פאָרגעקומען שוידערלעכע זאַכן. נאָר דאָס וואָס איך האָב אין די לעצטע וואָכן געזען, וועט מיר שטיין פאַר די אויגן ביז צום לעצטן אָטעם.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט קעגנאיבער, ווי ער וואָלט דורך איר ווידער געזען ווייט, גאַנץ ווייט, די מוראַדיקע שרעקלעכע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט ניט געקענט רעדן. זיינע איידעלע געזיכטס־צוגן האָבן זיך פאַר־קרימט און ער האָט אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעכן גע־וויין.

איך בין געזעסן טיף גערירט און געטראַכט: ניין פאַר מיר וויינט ניט אַנסקי, דער אַלטער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין שטענדיקן קאַמף מיט די רוסישע פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרמען, און וועלכער האָט אין די ערגסטע רוסישע טורמעס געזען ניט ווייניק נויט און מענטשלעכע יסורים. דאָ זיצט און וויינט רבי שלמה זאַנוויל ראַפּאַפּאָרט (זיין יידישער נאָמען), וואָס איז גע־בוירן געוואָרן אין יידישן וויטעבסק, געלערנט אין בית־מדרש און געשריבן דעם הימן פאַרן יידישן „בונד” — „די שבועה” און די האַרציקע מענטשלעכע ליד „סלושאַי”, וועל־כע מיר פלעגן אין די אומעטיקע ווינטערדיקע שבת־פאַר־נאַכטן זינגען ווי אַ הייליק געבעט מיט אַזוי פיל ברען און געפיל. דאָס האָבן די שוידערלעכע פּאָגראָמען אין גאַליציע צעבלאָזן דאָס פייער פון ליבע צו זיינע אָרעמע ברידער, אַזוי וויינט נאָר אַ זון, וואָס האָט נאָך לאַנגע יאָרן וואַנדערן אין דער פרעמד, ווידער זיך דערמאָנט אָן זיין אַלטער מאַמען, און געקומען העלפן און טרייסטן איר אין איר שווערער נויט.

נאָר וואָס פאַר אַ שרעק האָבן דאָס געזען די דאָזיקע שיינע יידישע אויגן, וואָס זיין פּערלדיקע מויל קען ניט איבערגעבן אין ווערטער?

אין אַ צייט אַרום ווען איך האָב געלעזן זיין בוך אין דריי טיילן „חורבן גאַליציע און בוקאָווינע”, האָב איך זיך דער־מאָנט אָן יענעם פרימאָרגן ביי מיר אין לאַבאָראַטאָריע, און זיין דעמאָלסט ביטער געוויין איז מיר פאַרשטענדלעך געוואָרן.

## די רוסן פאַרלאָזן לודמיר

צומאָרגנס, נאָך אַנסקיס אַוועקפאָר, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער פון דער שטאָט און די דער־פער אַרום מוזן אין פאַרלויף פון פינף טעג פאַרלאָזן זייערע וווינונגס־פּלעצער און פאָרן אין דער געגנט אַרום פּינסק. די שטאָטישע מענטשן וועלן איבערגעפירט ווערן אין לאַסט־וואַגאָנעס און אין אָפענע פּלאַטפאָרמעס, און מער ווי 50

קילאָ באַגאַזש טאָר קיין משפחה ניט נעמען. די דאָרפישע איינוווינער דאַרפן פאָרן מיט אייגענע פערד און וואָגן.

מען האָט פאַרשטאַנען אַז מען גייט זיך שלאָגן איבער אונזער שטאָט, און ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכע בהלה. אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, די פאַרמעגלעכע, האָבן פאַרשלאָסן די הייזער, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער טיר און פענצטער און זענען אַוועק. די אומפאַרמעגלעכע, „עמך״ זענען פאַרבליבן און געוואַרט אויף אַ נס. ס׳האָבן אָנגעהויבן פאָרן דאָרפישע וועגענער מיט לאַנגע לייטערס אין וועלכע ס׳איז אונטן געלייגן תבואה, אויבן — גרויסע פּעק בעטגעוואַנט, מלבושים און שטוב־זאַכן, און אין סאַמע אויבן איז געזעסן די גראָבע פּויערטע מיט די קליינע קינדערלעך, און נאָך די וועגענער האָבן די קינדער געטריבן סטאַדעס בהמות, און חזירים מיט דעם הונט ביי דער זייט. די אַלע גאַסן וואָס גייען צו קאָוולער וועג, זענען געוואָרן איבערפילט מיט געשרייען און קולות פון די פּויערים מיטן מעקען פון די בהמות, קוויטשן פון די חזירים און געוויין פון די קינדער.

מיין פאַמיליע האָב איך אַוועקגעשיקט, און איך בין געבליבן פאָרן מיטן לעצטן צוג, וועלכער האָט געדאַרפט אַרויספירן די לודמירער נאַטשאַלסטווע. דער סטאַציע פאַרוואַלטער, מיינער אַ באַקאַנטער, האָט מיר צוגעזאָגט דאָרט אַן אָרט, און האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל הערן אַ שטאַרקן פייפן פון לאָקאָמאָטיוו, זאָל איך תיכף לויפן צום וואָקזאַל. אַ נאַכט פאַרן לעצטן טאָג פון אַרויספאָר־טערמין, בין איך געווען זייער באַשעפטיקט, און זייענדיק מיד בין איך שווער איינגעשלאָפן. שטאַרקע אויפרייסן האָבן מיך אויפגעוועקט. איך בין אַרויס אַ דערשראָקענער אויפן גאַס, און האָב געזען, אַז די לודמירער באַן־סטאַציע שטייט אין פלאַמען און רויך. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז כ׳האָב פאַרשלאָפן, און וועל שוין מוזן בלייבן מיטן „שונא״.

כ׳בין אַוועק אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך ביי מיין אַפּטייק־סקלאַד, וואָס איז געווען ביי באַסיע טעפּער אין מויער. אויף דער גאַס איז געווען זייער שטיל. די פענצטער און טירן פאַרמאַכט. ס׳האָט אָנגעהויבן בלויען דער טאָג. ווען איך בין געשטאַנען לעבן מיין געשעפט, האָב איך באַמערקט ווי ביים אָנהויב פון די שטאָטישע געשעפטן, ביי יאַנקל רויטערס סאָדע־קראָם, איז געשטאַנען שלמה האָניק, וועלכן די יידן האָבן גערופן צוליב זיין שטאַרקער גבורה און אַטלעטישן קערפּער־בוי: „שלמה קאַצאַפּ״. ער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ קאָזאַק (ווו האָט ער דאָס גענומען?) מיט אַ נאַגאַיקע אין האַנט און געשריען, אָנווייזנדיק אויף דער וואָקזאַלנער גאַס: די גאַס ניט רירן!

כ׳האָב געזען ווי קריסטן וואָס זענען געלאָפן נעבן אים מיט זעק, האָבן זיך דערשראָקן, און אַוועק ווייטער אויף פאָרנע גאַס. פאַר דעם דאָזיקן העלדישן טאַט האָט ער נעבעך שווער באַצאָלט: דער ערשטער עסטרייכישער אויס־שפּירונגס־פּאַטרול האָט אים אַרעסטירט אַלס אַ קאָזאַק און ניט קוקנדיק אויף אַלע אויפווייזונגען, אַז דער קאָזאַק איז געווען אַ געמאַכטער, האָט מען אים פאַרשיקט קיין אונגאַרן, ווו ער איז געווען ביזן סוף פון דער מלחמה. ער האָט אָבער דעמאָלסט אָפּגעראַטעוועט פון ברענען און ראַבירן די גאַנצע וואָקזאַלנע גאַס, און דעריבער זאָל זיין נאָמען דערמאָנט ווערן אויך היינט צום גוטן.

אויף דער גאַס איז געוואָרן ליכטיק. און איך האָב באַשלאָסן גיין צום רב זען וואָס ער רעכנט מאַכן מיט דעם בריוו וואָס אנסקי האָט אים געגעבן פאַרן אָפּפאָר, צו דעם קאָזאַקן־פּאָלקאָווניק, וואָס זיינע סאָלדאַטן דאַרפן פאַרלאָזן לודמיר די לעצטע.

פון אַ באַהעלטעניש האָב איך געזען ווי די קריסטן ברעכן מיט אייזערנע לאַמען די יידישע לעדער־און שטיוול געשעפטן. אַנטקעגנאיבער, ביי די נאַפט און סמאָלע־קראָמען האָבן קאָזאַקן אַרויסגענומען פעסער מיט נאַפט, געלייגט אויף אַ פור און אַריינשטעקנדיק אין די פעסער האַנט־פּאָמפּעס, געפירט די נאַפט און געשפּריצט אויף די טירן און ווענט פון די קראָמען, און אַ קאָזאַק מיט אַ שטורקאַץ האָט זיי אונטערגעצונדן.

איך האָב געוואַרט ביז זיי זענען אַוועק ווייטער, בין איך געגאַנגען דורך די ברענענדיקע קראָמען פון דער וואַרשעווער גאַס אַ קוק צו טאָן אויף מיין צווייטן אַפּטייק־געשעפט, וואָס איך האָב געהאַט אין פעסיע פרידעליכעס צווייי־שטאָקיקן הויז. דאָס הויז איז געשטאַנען גאַנץ. איך האָב געוואָלט אַרויסנעמען פון מיין געשעפט אַ ביסל זייער טייערע סחורה, נאָר אין דער מינוט האָט מען אָנגעהויבן שיסן פון דער לוצקער גאַס און איך בין אַריין אין שלמה ראַסעטס הויף און אַרויס פון דאָרטן אויף דער קליינער טורמע־גאַס. שפּעטער האָב איך געהערט נאָענטע אויפרייסן און האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס ברענען שוין ביי מיר אין קעלער די באַלאָנעס בענזין און עטער און אַז מיין געשעפט גייט אַוועק אין פלאַמען.

איך בין אַרויס ווייטער צו דער טורמע. די טויערן פון טורמע הויף, ביי וועלכן ס׳איז געשטאַנען שטענדיק אַ באַוואָפנטער וועכטער, זענען געווען אָפן, און כ׳האָב געוואָלט אַריינגיין אַ קוק טאָן אין די טורמע־קאַמערן. פון דעם טורמע באַרג האָט מען אָנגעהויבן שיסן און איך בין אַוועק דורך אַ הינטער געסל צו דער קאַטעדראַלנע גאַס. איך האָב באַמערקט אַז די שטוב פון מיין חבר משה שטערן הי״ד ברענט, כ׳האָב געוואָלט גיין העלפן ראַטעווען, נאָר פּלוצלינג איז אַרויס פון קאַטעדראַלנע קלויסטער־הויף אַ סאָלדאַט — משונה׳דיק אָנגעטאָן — מיט אַ ביקס אויסגעשטרעקט פאַר זיך, אויפן שפּיץ פון וועלכן איז געזעסן אַ ברייט שאַרף מעסער, און געשריען צו מיר: „האַלט, האַלט!״.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט און גענומען דערשראָקן לויפן. ער האָט אויסגעשאָסן אין דער הויך און איך בין געבליבן שטיין.

— וואָ איז היר איין פאַרער? געבן זי מיר איין פאַרער! האָט ער געשריען. איך האָב געמיינט, אַז ער וויל האָבן אַ „איזוואָשטשיק״, האָב איך אים אַוועגעפירט צו נטע לישנער, וועלכער האָט געוווינט ניט ווייט. אַז נטע לישנער האָט גענומען אַרויספירן די פערד, האָט ער רויט פון כעס ווידער אָנגעהויבן שרייען: דאָנער וועטער! איך ברויך דאָך אַ פאַרער, גיבן זי מיר אַ פאַרער!

דערהערט די געשרייען איז אַרויס אַ דייטשיש מיידל, וואָס איז געווען אַ דינסט ביי אַ שכן. זי האָט מיט אים

גערעדט און אונז געזאָגט: „ער דאַרף אַ גלח, אַ רוסישן גלח, אויף דייטש הייסט דאָס פפאַרער. אַ עסטרייכישער זעלנער, אַ אוקריינער, טויטלעך פאַרוואונדעט וויל זיך מתוודה זיין פאַר אַ גלח, איידער ער שטאַרבט".

לישנער האָט טאַקע די פערד איינגעשפאַנט און מיר זענען אַוועק זוכן אַ גלח אין דעם גרויסן פראַוואָסלאַוונעם קלויסטער. עס איז דאָרט קיין לעבעדיקער נפש ניט געווען. דאַן זענען מיר אַוועק אין דעם קליינעם קלויסטערל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ געסל קעגנאיבער דער לוצקער גאַס לעבן טייך, וווּ מיר פלעגן גיין זיך באָדן. דאָרט האָבן מיר אויסגעפונען אַן אַלטן דיאַקאָן, וואָס מען האָט צוליב שוואַכקייט ניט געקענט מיטנעמען. מיר האָבן אים מיט שוועריקייט אַריינגעזעצט אין פאַעטאָן אַריין און מיר זענען אַוועק.

דער עסטרייכישער זעלנער — כ'האָב שוין געוווּסט אַז דאָס איז מיין „שונא" — האָט געקלאַפּט לישנערן מיטן ביקס ער זאָל וואָס גיכער פאָרן און איז די גאַנצע צייט געווען שטאַרק אויפגערעגט. מיר זענען געפלויגן מיטן אַלטן דיאַקאָן, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט קרעכצן ווי צו די רוחות. אַז מיר זענען דערפאָרן, האָב איך דערזען אויפן ברעג פון טייך, נאָענט צום דערפל זאַרעטשע, ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט, אַ שווער פאַרוואונדעטן זעלנער. זיין לעצטער פאַרלאַנג איז ניט דערפילט געוואָרן; ער איז געווען טויט.

דער עסטרייכישער זעלנער איז ערגעץ־ווו אַוועק און דער אַלטער דיאַקאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, צוקאָפּנס דעם טויטן און האָט געזונגען מיט אַ קלאָגעדיקן מאָנאָטאָנעם ניגון אַ תפילה נאָך אַ תפילה, און דערביי אָפּט געצלמט דעם טויטן. אַז ער האָט געענדיקט האָט ער מיר געפרעגט, ווער עס וועט אים באַצאָלן. איך האָב אים אָנגעוויזן אויפן הימל און געזאָגט: גאָט! אַ ברוגזדיקן האָבן מיר אים אַריינגעזעצט אין דער דראָשקע און געפירט אַהיים.

## מען צינדט אונטער די יידישע הייזער

פאָרנדיק צוריק האָב איך דערהערט פון אַ געסל אַ יאָמערלעך פרויען־געוויין. איך בין צוגעגאַנגען און געזען ווי לעבן אַ שטיבל וואָס האָט אָנגעהויבן ברענען, שטייען אַ פּאָר מענער און ראַנגלען זיך מיט אַ פרוי, וועלכע רייסט זיך פון זייערע הענט, וויינט און שרייט: „איך האָב פאַרגעסן מיין קליין קינד אין שטוב. לאָזט מיך אַריין און עס אַרויסראַטעווען". די שטוב איז געשטאַנען אין רויך און אין פלאַמען, און מען האָט שוין גערעכנט אַז דאָס קינד איז פאַרברענט, און מען האָט נישט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל גיין אויף אַ זיכערן טויט. פּלוצלינג האָט מען דערזען ווי ס'איז אַריין אין די פלאַמען אַ מענטש, אַרומגעוויקלט מיט נאַסע שמאַטעס און אַ זאַק אויפן קאָפּ, פון וועלכן עס האָט גערונען וואַסער. אַלע זענען געבליבן שטיין מיט פאַרגלאָצטע אויגן פון שרעק. אויך די אומגליקלעכע מוטער איז אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, וועלכע זענען געווען ווי אַן אייביקייט, און דער מענטש איז ניט אַרויס. ווען אַלע האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר פאַרלוירן, איז ער אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער,



געפאַלן אויף דער ערד. די שמאַטעס אַרום אים האָבן זיך גערויכערט און געברענט. מען האָט אים שנעל באַגאָסן מיט עטלעכע עמערס וואַסער, און ווען ער איז געקומען צו זיך האָט ער אַרויסגענומען אַ פּיצעלע פון 2—3 מאָנאַטן, אַרומגעוויקלט אין אַ נאַסער שמאַטע, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט צוויי שיינע בלויע זאָרגלאָזע אייגעלעך, און אַוועקגעבן עס דער מוטער, אַ דערשטוינטע פון פרייד.

דער מענטש איז געווען וואָוסיע (וואָלף) טרעגער.

נאָכדעם, ווי די זאַך איז געוואָרן באַוווּסט דער עסטרייכישער קרייז־קאָמענדאַנטור, האָט וואָוסיע באַקומען צוגעשיקט דורך דער יידישע קולטוס־געמיינדע פון ווין, אַ זילבערנעם מעדאַל. ער האָט אָבער דעם מעדאַל ניט געקענט טראָגן, ווייל אויף דער אַנדער זייט איז געווען אַ צלם. וואָוסיע איז אַוועק צום גאָלדשמיד, און יענער האָט אַראָפּגענומען די צוויי עקן פון צלם, און פון דעמאָלט אָן פלעגט ער שבת און יום טוב נאָכן שלאָף אַרומשפּאַצירן מיט דעם גרויסן זילבערנעם מעדאַל אויף דער ברייטער טרעגערישער ברוסט, און שטאַרק שטאָלצירן.

ווען איך בין פון דאָרט אַוועק איבער די פאַרברענטע גאַסן, האָב איך געזען ווי עסטרייכישע פייערלעשער קאָמאַנדע מיט וואַסער־פּאָמפּעס און לאַנגע גומענע רערן, וועלכע זענען געקומען גלייך נאָך די ערשטע מיליטערישע פאָרפאָסטנס, לעשן און לאָקאַליזירן דעם פייער. אַ דאַנק זיי איז טאַקע געלונגען אָפּצוראַטעווען די איבעריקע גאָסן פון פאַרניכטונג.

אין דער פּאַניק פון דער שריפה און דער בהלה איז דער טאָג גיך אַריבער און עס האָט אָנגעהויבן טונקלען. די נשרפים, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי געשלאָפן אויף אייגענע געלייגערס און היינט זענען זיי געבליבן דאַכלאָז, מיד, דערשעפּט און צעבראָכן פון דעם גרויסן אומגליק, האָבן אָנגעהויבן זיך צעגיין, ווער צו אַ קרוב און ווער צו אַ פריינט. פאַר די, וואָס האָבן ניט געהאַט וווהין צו גיין, האָט די פייערלעשער־קאָמאַנדע געשטעלט פּאַלאַטקעס, געטיילט ברויט מיט פּאָווידלע און גלעזער־קאַפע, ווי אויך עטלעכע קאָלדרעס פאַר פרויען און קינדער.

צומאָרגנס, פרייטיק אין דער פרי, בין איך אַוועק אין מיין צווייטן אַפּטייק־געשעפט, וואָס איז געווען אין פּעסיע פרידלעכעס צוויי־שטאָקיקן מויער, וועלכער איז נעכטן פאַרברענט געוואָרן. איך האָב אין די טיפע, גרויסע קעלערס פון דעם הויז תמיד געהאַלטן אַ גרויסן טייל פון מיין סחורה, און איך האָב גערעכנט, אַז איך וועל אפשר קענען צוקומען צום קעלער, וועלכער איז געוויס פאַרבליבן גאַנץ. דורכגייענדיק האָב איך ערשט דערזען דעם גרויסן חורבן, וואָס די שריפה האָט אָנגעמאַכט. פון די שענסטע גאָסן איז פאַרבליבן אַלס אַ זכר בערג אַש מיט שוואַרצע פאַרברענטע ציגל, און נאָר די לאַנגע קוימענס וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרצט פון אונטער די חורבות האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ האָבן אַמאָל געוווינט מענטשן.

אַרום יעדן בערגל זענען געשטאַנען טאַטעס, מאַמעס און קינדער און האָבן מיט לאַנגע שטעקנס געשאַרט דעם אַש און געזוכט עפּעס אַן אָנדענק פון זייער אומגעקומענעם פאַרמעגן. און די גליקלעכע האָבן טאַקע געפונען: ווער

אַ מעשענעם שבת־לייכטער, ווער אַ קופּערנעם פּענדזל, און ווער אפילו אַ גרויסן צעקוועטשטן מעשענעם סאַמאָוואַר.

ווען איך בין געקומען צו דעם אָרט, וווּ עס איז מיט צוויי טעג צוריק געווען מיין געשעפט, האָב איך געזען אַז דער איבערשטער גאָרן איז אין גאַנצן איינגעבראָכן, און אונטן האָט אַ הויכער באַרג פון ציגל און פאַרברענטע אייזנס פאַרמאַכט דעם אַריינגאַנג צום קעלער. צי האָבן דאָרט די סקלעפּאַניעס אויסגעהאַלטן? (אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך געזען, אַז נישט). מיט אַ שווערן געמיט בין איך אַוועק צוריק אַהיים.

## די עסטרייכער פאַרנעמען לודמיר

גייענדיק מיט דער הויפּטגאַס (פאַרנע) האָב איך געזען אָנקומען פון דער אוסטילער גאַס, רייטנדיק אויף גרויסע שטאַרקע פערד, אַ גרופּע פון 60—50 קאַוואַלעריסטן, הויכע און שלאַנקע בחורים, אָנגעטאָן אין קורצע געפּאַסטע מונדירן, גרויסע לעדערנע שטיוול, וועלכע האָבן געהאַלטן אין האַנט אַ גרויסע לאַנגע פּיקע, אין שפּיץ פון וועלכער עס איז געווען אַ קאָלירט פענדל. די קאַוואַלעריסטן זענען צוגעפאָרן צום דענקמאָל, וואָס די שטאָט האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אויפגעשטעלט לכבוד דעם 300־יאָריקן יובל פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע (פאַמיליע פון געוועזענעם רוסישן צאַר); זיי זענען אַרונטער פון די פערד.

די „חברה״ יידישע קינדערלעך האָבן זיי גלייך אַרומגערינגלט, און זיך אַרומגעדרייט צווישן די סאָלדאַטן און די פערד אָן וועלכער עס איז מורא.

דער אָנפירער פון דער אָפיצירן־גרופּע איז געגאַנגען צווישן די קינדער און געטיילט שאָקאָלאַד און ביסקוויט, און זייער שמחה איז געווען גרויס.

ווען איך, ווי אויך אַנדערע דורכגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן, איז דער אָפיציר צוגעגאַנגען צו אונז און געפרעגט אויב מיר פאַרשטייען דייטש. יאָ! האָבן אַלע געענטפערט (וועלכער ייד קען ניט קיין דייטש?!) דאַן האָט ער געבעטן מיר זאָלן אים זאָגן וויפל קאָזאַקן זענען געווען דאָ פאַר זייער פאַרלאָזן די שטאָט און אין וועלכער ריכטונג זענען זיי געפאָרן. אַז מיר האָבן אים דערציילט אויף „דייטש״ אַלץ וואָס מיר האָבן געוווּסט, האָט ער אונז זייער האַרציק געדאַנקט, אַרויסגענומען אַ זילבערנע פּאַפּיראָסניצע און יעדן מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס, וועלכע ער אַליין האָט אָנגעצונדן מיט אַ פייער־מאַשינקע.

ווי נאָריש און שלעכט — האָט ער געזאָגט — איז די רוסישע רעגירונג, ווען זי באַפעלט אירע קאָזאַקן צו ברענען און פאַרניכטן דאָס פאַרמעגן וואָס אירע אייגענע בירגער האָבן דערוואָרבן נאָך שווערע אַרבעט און מי. די רוסן האָבן דעם קריג פאַרשפּילט, הייסט האָבן מיר באַפרייט אייער שטאָט פון דעם שווערן רוסישן רעזשים, מאָרגן גייען מיר באַפרייען אַנדערע שטעט. אין 2—3 מאָנאַטן איז רוסלאַנד קאַפּוט, און די מלחמה איז געענדיקט. מיר ווילן האָפן, אַז איר יידן וועט אונז מיט אַלץ מיטהעלפן, און מיר וועלן בלייבן אייערע שטענדיקע פריינט. דאַנקענדיק נאָכאַמאָל, האָט ער אַלע אָנווּנזנדיקע געדריקט די הענט, און איז אַוועק צו זיינע קאַוואַלעריסטן. אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָבן זיי שוין אַלע געריטן אין אַ לייכטן גאַלאָפּ, אויפן וועג וואָס גייט צו קאָוועל.

די אוקריינישע „מיעשטשאַנעס״, ווי אויך די פּוילישע איינוווינער, זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן באַלד ווי די קאָזאַקן זענען אַוועק, און עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע עסטרייכישע פּאַטרולן. זייערע הייזער, וועלכע זענען געווען אין די שטאָט־עקן, זענען געווען אויסער דער סכנה פון אַ שריפה. גיין העלפן ראַטעווען יידיש פאַרמעגן, האָבן זיי נישט געוואָלט, ראַבעווען האָבן זיי מורא געהאַט פאַר די עסטרייכישע זעלנער, זענען זיי געזעסן אין די שטיבער און געהאַט אויף בעסערע צייטן. נאָר פרייטיק בייטאָג האָבן זיך פּלוצלינג באַוויזן צוויי אוסטראָוואָקער קריסטן (דער נאָענטסטער דאָרף פון שטאָט), וואָס זענען געגאַנגען אין יידישן שענק. אַז זיי האָבן געמאַכט יענע כוסה, און זענען געוואָרן שיכור, האָבן זיי דערציילט, אַז די קאָזאַקן זענען דאָ אין די וועלדער אַרום דער שטאָט, און היינט ביינאַכט וועלן זיי זיין דאָ און אויסשעכטן אַלע יידן דערפאַר וואָס זיי חברן זיך מיטן שונא. דער שענקער האָט ניט גענומען אין אַכט זייערע דראָאונגען, מילא וואָס אַ שיכור רעדט!

## אַ נאַכט פון שרעק

פאַרנאַכט, נאָך ליכט־בענטשן, ווען די יידן האָבן זיך געקליבן צו גיין דאַווענען, האָבן זיי געזען לעבן דער יידישער שול אַ עסטרייכישן רייטער, שטייט און קלאַפּט אויף אַ באַראַבאַן. אַז עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסער עולם, האָט ער אויסגערופן אויף יידיש (אַ יידישער זעלנער געווען): אין נאָמען פון דער מיליטער קאָמאַנדע מעלדע איך, אַז מיר מוזן אַרויס פון דער שטאָט אויף איין טאָג. יעדער איינער וואָס וויל — קען מיטגיין מיט אונז מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ער טאָר ניט נעמען מיט זיך מער ווי אַ קילאָ עסנוואַרג און ער דאַרף אין פאַרלויף פון צוויי שעה זיין אויפן יריד־פּלאַץ. פאַר פרויען און קינדער וועלן זיין צוגעגרייט פורן. אָפּגעזאָגט, און געפאָרן ווייטער.

די ערשטע עטלעכע מינוט זענען די מענטשן ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון שרעק, דערנאָך האָבן זיי אַלע גענומען לויפן ווי משוגע אַהיים.

הערנדיק די בשורה, האָבן די ווייבער פאַרבראָכן די הענט און אָנגעהויבן היסטעריש צו שרייען ניט רירנדיק זיך פון אָרט. די מענער האָבן באַלד אַרויסגענומען אַלע קינדער־מלבושים און אָנגעטאָן די קינדער, איין מלבוש אויפן צווייטן, וויפל נאָר זיי האָבן געקענט אָנטאָן אויף זיך. דאָס זעלבע האָבן געטאָן זיי אַליין און די פרויען. יעדער האָט גענומען אין די קעשענעס דאָס ביסל זילבערנע אָדער גאָלדענע צירונג, אָדער וועקסלען און מזומן געלט. אַז אַלץ איז געווען פאַרטיק, האָט דער טאַטע פאַרמאַכט די לאָדנס, פאַרשלאָסן די טיר, גענומען אַ פּעקעלע עסן אין איין האַנט (פרומע יידן האָבן גענומען טלית און תפילין), און אין דער צווייטער האַנט דאָס יינגסטע קינד; די מאַמע האָט גענומען דער טאָכטער מיט נאָך אַ פּעקעלע, און מען איז אַוועק צום יריד־פּלאַץ.

מיר איז געווען גוט. איך בין געווען אַליין. (מיין פרוי און קינד זענען פריער אָפּגעפאָרן אין אַ קליין שטעטל אין פינסקער געגנט, וואָס איז לויט אונזער מיינונג געווען דאָס זיכערסטע אָרט. צום סוף איז מען אויך דאָרטן קוים לעבן געבליבן).

איך בין אויך אַוועק צום יריד־פּלאַץ. איך האָב געזען פון ביידע זייטן פון וועג שטייען קריסטן מיט לאַנגע פורן און גרויסע דראָבענס, און אַרום זענען געריטן עסטרייכישע רייטער מיט די רעוואָלווערן אין די הענט. דאָס זענען געווען די קריסטן פון די נאָענטסטע דערפער, וואָס מען האָט אַרויסגעטריבן פון דער היים, בכדי צו פירן די יידישע פרויען און קינדער.

דער וועג צום פּלאַץ איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ענגער. די מענטשן האָבן זיך געיאָגט, מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן, און איינער האָט געשטופּט דעם צווייטן.

אַז מיר איז געלונגען זיך אַרויפצודרייען אויפן פּלאַץ, ער איז געווען פיל העכער פון טראָטואַר, האָב איך דערזען ביים שיין פון דער לבנה אַ שרעקלעך בילד.

דער גרויסער פּלאַץ — צוויי קוואַדראַט קילאָמעטער — איז געווען אין גאַנצן באַדעקט מיט צעשראָקענע און אויפגערעגטע מענטשן מיט אָפענע מיילער און פויסטן. די קליינע קינדער, בכדי ניט דערשטיקט צו ווערן, זענען געזעסן אויף די אַקסלען פון די טאַטעס, מאַמעס און עלטערע ברידער און שוועסטער. דאָ און דאָרט האָבן זיך אַרויסגעוויזן צוויי הענט וואָס האָבן הויך איבער די קעפּ געהאַלטן אַ קליינטשיק קינד. אַ מאַמע וואָס האָט אין שטופּעניש פאַרלוירן אַ קינד, איז געלאָפן ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, מיט גרויסע אויגן, דאָס בלוטיקע פּנים איז געווען אַן אויסדרוק פון שרעק און יסורים, און מיט די הענט האָט זי זיך געשטופּט, זיך געוואָרפן און געשלאָגן ווי אַ משוגענע און שרעקלעך געשריען. עס האָט אויסגעוויזן ווי די אַלע לודמירער יידן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן, אונטער דער סכנה פון אַ זיכערן יסורים־טויט פון די קאָזאַקישע הענט, אין אַ ווילדע צעבושעוועטע סטאַדע פון בהמות, ווען זיי דערפילן דעם ריח פון בלוט.

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ ייד מיט אַ יינגעלע פון אַ פאָר יאָר אויף די אַקסלען. דאָס יינגעלע, פילנדיק אינסטינקטיוו עפּעס אַ שרעקלעכע סכנה, האָט מיט ציטערנדיקע הענטלעך אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס קאָפּ. ווי יעדער קינד האָט ער געגלויבט, אַז זיין טאַטע איז דער גרעסטער גיבור, און ער האָט זיך געלאַשטשעט צו אים בעטנדיק שטום הילף און באַשיצונג פון פאָטער. דער פאָטער פאַרביטערט און פאַרזאָרגט, האָט צו אים געשריען: לאָז מיך אָפּ, וואָס האָסטו זיך אַזוי צוגעטשעפּעט צו מיר? דאָס יינגעלע האָט דערשראָקן אַראָפּגעכאַפּט די הענטלעך און איינגעבויגן דאָס קעפּעלע אַ קוק טאָן אויפן טאַטן. דאַן האָט דער טאַטע, פאַרשעמט פאַר זיין עלנד און הילפלאָזיקייט צו באַשיצן זיין אייגן קינד, אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ טיף אויפן ברוסט. דאָס יינגעלע האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען.

וואָס פאַר אַ געדאַנק איז דאַמאָלסט דורכגעלאָפן דורך דעם יידישן קעפּעלע פונעם קליינעם יינגעלע? פאַרוואָס האָט ער געוויינט?

פערציק יאָר זענען שוין אַריבער זייט דעם דאָזיקן גרויזאַמען פרייטיק צו־נאַכט. איך אַליין האָב אין דער צייט פיל איבערגעלעבט, און געזען פאַר זיך בילדער פון מענטשלעכער נויט און יסורים, אָבער יענעם אָוונט ווער איך ניט פאַרגעסן ביז מיינע לעצטע מינוטן.

צוויי אַ זייגער ביינאַכט, ווען פיל האָבן שוין מיד און דערשעפּט געדרעמלט אויף די אַקסלען פון זייערע שכנים, האָט זיך ווידער דערהערט אַ באַראַבאַן, און דער זעלבער זעלנער האָט אויסגעשריען:

— עס איז אונז געלונגען צו פאַריאָגן די רוסן פון די אַרומיקע וועלדער און מיר גייען פאָרווערטס. אייער שטאָט וועלן מיר ניט אָפּגעבן. איר קענט אַלע גיין אַהיים!

עס האָבן זיך ווידער דערהערט געשרייען, אָבער דאָס מאָל איז דאָס געווען אַ קול ששון וקול שמחה.

קומענדיק אַהיים האָב איך צוליב די איבערלעבענישן ניט געקענט איינשלאָפן. ווען איך בין פאַרטאָג איינגעדרעמלט האָב איך דערהערט ווי אין אַ חלום אַ הערלעך הימליש געזאַנג פון דרויסן. איך בין אַרויס און געזען אויפן שאָסיי, וואָס איז געווען לעבן מיין וווינונג, אין דער דירה פון אלתר **סימערון ז״ל** מאַרשירט אַן אונגאַרישער רעגימענט, וועלכער האָט גייענדיק זייער מעלאָדיש געזינגען אַן אַלט אונגאַריש פאָלקסליד. די מעלאָדיע האָב איך זיך שפּעטער אויסגעלערנט. און לאַנגע יאָרן, ווען אַלע מלחמות זענען שוין פאַרביי, פלעג איך איר זינגען אין די שטילע פרילינגס־אָוונטן.

צומאָרגנס, זונטיק פרי, האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז די דייטשן זענען אַריין אין טוריסק. די לודמירער יידן האָבן זיך איינגאַנצן באַרויִקט.

יעדער איינער האָט גערעכנט, אַז אַ גרינגער לעבן וואַרט אויף אים אין דער צוקונפט.

## אונטער דער הערשאַפט פון די עסטרייכער

צוויי טעג און נעכט האָבן זיך אָן אויפהער געצויגן לאַנגע רייען מיליטער: פוסגייער, אַרטילעריע און קאַוואַלעריע. דאַן זענען געקומען צו אונז די עסטרייכישע קריגס און ציווילע אַדמיניסטראַציע. גיך האָבן מיר געהאַט די ערשטע אַנטוישונג.

אויף צו מאָרגנס נאָך זייער אָנקומען האָבן זיך באַוויזן אונגאַרישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געלאָפן אויף די גאַסן מיט ביקסן אין די הענט, אין שפּיץ פון וועלכע עס זענען געווען ברייטע, געשאַרפטע מעסערס, און געכאַפּט אויף אַרבעט. אין די גאַסן איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, און יעדער איינער איז געלאָפן ערגעץ ווו זיך באַהאַלטן. די יעניקע וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַנציע. מען האָט זיי געהייסן אויסלאָדן וואַגאָנעס, זעק און קאַסטנס, און זיי אַרויסטראָגן צו די ניט יידישע און יידישע פורן, וועלכע זיי האָבן צו דעם זעלבן צוועק אויך געכאַפּט.

## די דעלעגאַציע צום קאָמענדאַנט מאַזער

אַזוי ווי אויפן צווייטן טאָג זענען די גאַסן געווען ליידיק, זענען די סאָלדאַטן אַריין אין די שטיבער און גע־שלעפט די מענטשן פון די בוידעמער און קעלערס. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַנישע לאַגע, און די שטאָט איז געוואָרן ווי אויסגעשטאָרבן. דאַן האָבן מיר, עטלעכע געזעלשאַפטלע־כע טוערס, באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער נייער רעגירונג מיט אַן אָנקלאַגע. אַ דעלעגאַציע וועלכע איז באַשטאַנען פון דעם רב משה שפירא, ליב לאַקס, דודי רוטענשטיין. הערשל לעוו און איך, זענען אַוועק צו דעם אָרטס־קאָמענדאַנט, וועל־כער איז איינגעשטאַנען אין ד״ר ראַפשטעוועסקעס וווינונג.

ווען מיר זענען אַריינגעקומען, איז צו אונז אַנטקעגן געגאַנגען אַ יונגער עלעגאַנטער סאָלדאַט, און האָט אונז געפרעגט אין יידיש (דערנאָך האָבן מיר דערפאַרן, אַז דאָס איז געווען מאַזערס אַדיוטאַנט, אַ ווינער בחור מיטן נאָמען שפינדל, וועלכער האָט אונז אַ סך טובות געטאָן), אויב מיר ווילן זען דעם אָבערלויטענאַנט מאַזער. אַז מיר האָבן געזאָגט יאָ, איז ער אַריין אין דעם צימער ווו עס איז גע־ווען דעם דאָקטאָרס קאַבינעט, און נאָך אַ קורצער ווילע האָט ער אונז געבעטן אַריינגיין.

אויפן דאָקטאָרס וויכן פאָטעל, לעבן זיין גרויסן טיש, וואָס איז איצט געווען אָנגעלייגט מיט פאַרשידענע גאַזעטן און פאַפירן, צווישן וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט אַ גרוי־סע רוסישע נאַגאַיקע, איז געזעסן דער מענטש, וועמענס נאָמען יעדער איינוווינער האָט דערמאָנט שפעטער מיט אַ ציטער: אָבערלויטענאַנט מאַזער.

אַ מיאוס געשניצטער קאָפ. אַ רויטע נאָז מיט אַ פאָר אָנגעבלאָזענע געשוואָלענע באַקן, פול מיט שטופלען; אויף איין באַק אַ סימן פון אַ לאַנג פאַרהיילטן טיפן און גרויסן שניט, דער מויל עטוואָס אויסגעקרומט, די אויגן, „מאַזערס אויגן" זענען נישט גלייך געשניטן, ווען איינס האָט געקוקט אַרויף, האָט די צווייטע געקוקט אַרונטער, די אויגן זענען געווען פאַרלאָפן מיט רויטע בלוט־אָדערלעך, ווי ביי אַ בלוטדורשטיקער חיה. דאָס איז געווען דער פרצוף פון דעם מענטשן, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געהאַט אין זיינע הענט דעם גורל פון טויזנטער יידן און ניט־יידן.

ער האָט אונז ניט געבעטן זיצן, און מיט אַראָפגע־לאָזענע אויגן געפרעגט וואָס מיר פאַרלאַנגען. אַז מיר האָבן אים אַלץ דערציילט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אונז און געפרעגט צו מיר זענען פאָרשטייערס פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, און צו מיר נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט צוצושטעלן טעגלעך די צאָל אַרבעטער. וואָס ער וועט פון אונז פאַרלאַנגען. אַז מיר האָבן דאָס באַשטעטיקט, האָט ער געגעבן ארויף זיין אַדיוטאַנט און געהייסן אָנשרייבן אַ פראָטאָקאָל, וועלכן מיר האָבן אונטערגעשריבן.

אַזוי אַרום זענען מיר פטור געוואָרן פון דער כאַפעניש־צרה, און אונזער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט פינקטלעך דער־פילט זיין אויפגאַבע ביזן לעצטן טאָג.

כדי צו באַקומען די נויטיקע געלט־מיטלען האָבן מיר געמאַכט אַ רשימה פון די פאַרמעגלעכע מענטשן און זיי באַשטייערט מיט אַ מאָנאַטלעכן אָפצאָל צוליב נישט גיין אַרבעטן, און פון דעם געלט געצאָלט די פרנסהלאָזע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן אין דעם געפונען אַ נייעם קוואַל פון דערנערונג און גערן געטאָן די ניט שווערע אַרבעט.

## הענגען אויף 10—20 מינוט

אַז מיר האָבן זיך נאָר וואָס פאַרהיט פון איין צרה איז גע־קומען אַ צווייטע: עס איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז מען גייט איינפירן אַ שפייז־און ברויט־קאַרטע. דעריבער מוז יעדע פאַמיליע מעלדן אין פאַרלויף פון אַכט טעג וויפל שפייז און מעל זי פאַרמאָגט איבער 10 קילאָ. ווייס־מעל איז איבערהויפט פאַרווערט צו באַנוצן און מען דאַרף דאָס ברענגען אין דער קרייז־קאָמאַנדע. פאַר נישט אויספילן דעם באַפעל דראָט אַ גרויסע געלט־שטראָף מיט אַרעסט.

ווען עס איז אַריבער דער טערמין, און זייער ווייניק מענטשן האָבן איבערגעבן שפייז־אַרטיקלען פון זייערע איבער־נאָרמע זאַפאַסן, זענען מאַזערס געהיים־אַגענטן געגאַנגען אין די הייזער אין באַגלייטונג פון סאָלדאַטן און געזוכט אין יעדן ווינקעלע, קאַמערן און בוידעמער. ביי וועמען זיי האָבן געפונען שפייז, האָבן זיי אים גלייך אַוועקגעפירט צום אָבערלייטענאַנט, וועלכער האָט געשטראָפט מיט ניט קיין קליינער סומע, און אַנשטאָט אַרעסט געהייסן: „אויפהענגען" אויף 10 ביז 20 מינוטן.

ביים אַריינגאַנג אין זיין קאַנצעלאַריע איז געשטאַנען אַ הילצערנער סלופ אין וועלכן עס איז געווען אַ אייזערנער האַק. מען האָט דעם פאַרמשפטן צו הענגען אונטערגעבונדן אונטער די הענט אַ ברייטן שטאַרקן לעדערנעם פאַסיק, פעסט איינגעצויגן און אים אויפגעהאָנגען אַזוי, אַז ער איז גע־בליבן זיך האַלטן נאָר אויף די פינגער־שפיצן. נאָך אַזאַ עקזעקוציע האָט מען דעם געהאַנגענעם געמוזט אַוועקטראָגן — גיין האָט ער שוין נישט געקענט — און אַ פאָר וואָכן איז ער געלעגן מיט שטאַרק געשוואָלענע פינגער־שפיצן און פיס.

## „יידישע קולטוס געמיינדע"

לויט דער באַשטימונג פון דעם קרייז־קאָמענדאַנט איז געשאַפן געוואָרן אַ „יידישע קולטוס געמיינדע" אונטערן פאָרזיץ פון איינעם, אַ פאַיאַנס־קרעמער ה׳ סיפאַרד, וועל־כער איז אָנגעגאַנגען אַלס יידישער פאָרשטייער כלפי דער אָרטיקער מאַכט; ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דער רעליגיעזער דערציאונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## נויט און הונגער

די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען שלעכט. דער האַנדל מיט תבואה, און נאָך פיל אַרטיקלען, וואָס זענען געווען נויטיק פאַר דעם מיליטערישן געברויך, זענען אין גאַנצן פאַרבאָטן געוואָרן. אויך פאַר די אַנדערע סחורות זענען מצד דער מאַכט באַשטימט געוואָרן פאַרפליכטנדיקע פרייזן. און דער פדיון אין די קראָמען, די הויפט־פרנסה פון דער שטאָט, האָט זיך כמעט ווי אָפגעשטעלט.

די נויט איז געוואָרן שטאַרק גרויס און יידישע משפחות, איבערהויפט „עמך" האָבן גענומען ליידן הונגער. אַ גרופע יידישע יונגוואַרג האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ יידישע פאָלקס־

קיך. זיי זענען געגאַנגען אין די שטיבער און קראָמען און געמאַכט אַ רשימה פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך מתחייב געווען צו צאָלן מאָנאַטלעך פאַר דער אויסהאַלטונג פון דער קיך.

אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון צאָנדאָקטער מאיר נאָוואַק, האָבן זיי באַקומען פון אָבערלייטענאַנט מאָזער אַ גרויס הויז פון עטלעכע צימערן, אַ געוועזענע וווינונג פון אַ רייכן אינזשינער וואָס איז אַנטלאָפן מיט די רוסן. דער צאָנדאָקטער איז שפּעטער געוואָרן דער פאָרזיצער פון פאָלקס־קיך־קאָמיטעט.

די נויטיקע געשיר און געפעס, האָבן זיי באַקומען פון די קראָמען, וואָס האָבן דערמיט געהאַנדלט, ווי אויך פון איייניקע גוטהאַרציקע פאַרמעגלעכע בעל־הבית׳טעס. אַ קליינעם קוואַנטום פלייש און שפּייז־אַרטיקלען האָט געגעבן דער קרייז־קאָמענדאַנט, און די קיך האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן.



יודישע פאלקס קיכע אין דער ערשטער וועלט מלחמה פיר די פליכטלינגע און ארעמע קינדער געשאפן אין 1916.
זיצן: שמואל ערליך, ליבר ליברס, בעריל פישל, דודי רוטנשטין, נחום גיטמול, ד״ר מאיר נובק, הירש לעוו, פנחס שינקעסטעל, יעקב ילין, צבי הורנשטין, אליעזר שינקסטל, מרדכי גרינברג.
שטייען: ברוך שפירא, אברהם אינגבר, יהושע פרנקל, משה בוקסר, ברוך גרושקה, אפרים שרגה, יצחק זינגר, איזיק גרין, יעקב ברט, ליב לקס.

מיט דער צייט זענען אין דער פרייוויליקער ריין מענטשלעכער אַרבעט אַריינגעצויגן געוואָרן די גאַנצע יידישע לודמירער יוגנט, און די קיך איז געוואָרן איינע פון די שענסטע הילפס־אינסטיטוציעס, וואָס מיר האָבן דעמאָלסט פאַרמאָגט.

כדי נאָכצוקומען די אויסגאַבן, וואָס האָבן זיך אַלץ מער פאַרגרעסערט, האָט מען פון צייט צו צייט געמאַכט ליבהאָבער־פאָרשטעלונגען און טיי־אָוונטן.

אויף איינעם אַ ספּעציעלן טיי־אָוונט האָט מען פאַרבעטן די אַלע אָפיצירן פון קרייז־קאָמאַנדאָ מיט דעם קרייז־קאָמענדאַנט, ווי אויך דעם אָבערלייטענאַנט מאָזער. דאָס פּראָגראַם פון אָוונט איז באַשטאַנען פון געזאַנג, דעקלאַמאַציע און טענץ, אויסגעפירט דווקא דורך די קינדער וואָס זענען געשפּייזט געוואָרן אין דער פאָלקס־קיך. דער אָוונט האָט זיך זייער איינגעגעבן. עס זענען געקומען אַלע פאַרבעטענע אָפיצירן מיט זייערע פרויען און עס האָט זיך געשאַפן אַ פריילעכע אינטימע שטימונג.

אַ בילד־שיין מיידעלע, אַ יתומה, האָט דעקלאַמירט מיט פּאַטאָס און געפיל די באַוווסטע ליד פון היינריך היינע „די לאַרעליי״. ווען זי האָט געענדיקט, האָט מאָזער איר געשיקט 50 קראָנען און איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים און מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַ פונק פון מיטלייד און קינדערליבע האָט אויף אַ ווײַלע באַשטראַלט זיינע פינצטערע אויגן, און איך האָב געקלערט: אויך ער איז געווען אַ קינד און ליב געהאַט אַ מאַמע! ווער ווייס אפשר האָט דער דאָזיקער טיראַן אויך פאַרמאָגט אין זיך אַ ביסל מענטשלעך געפיל. נאָר קיינער האָט ניט געוווסט ווי צו באַרירן זיינע טיף פאַרבאָרגענע האַרץ־סטרונעס.

איינס איז געווען זיכער: דער מענטש האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע אינטעליגענץ, אַ פענאָמענאַלן זכרון און אויסערגעוויינלעכע אַדמיניסטראַטיווע פעאיקייטן. ער האָט פיינט

געהאַט ניט נאָר יידן, ער האָט אויך — גאָט ווייס צוליב וועלכע סיבות — פיינט געהאַט אַלע מענטשן. אָבער דאָך איז ער געווען אַ געטרייער היטער פון געזעץ און אָרדנונג. און האָט שווער באַשטראָפט אויף זיין אופן אַלע פאַרברע־כער אָן אויסנאַם פון פאָלק און רעליגיע.

### די תליה פון דריי רוצחים

און ווען אין אַ פינצטערער נאַכט זענען דריי גויים באַפאַלן אַ פור מיט דריי יידן, און זיי דערהרגעט, איז ער אין באַגלייטונג פון פעלד־זשאַנדאַרמען אַרומגעפאָרן עטלע־כע טעג און נעכט אין די אַרומיקע דערפער און געפאַרשט און געזוכט ביז עס איז אים געלונגען צו ברענגען די מערדער צו דער תליה. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אַרום־געגאַנגען דווקא אין די יידישע גאַסן פון שטאָט אַ זעלנער מיט אַ פויק און געמאָלדן אין יידיש, אַז מאָרגן 10 אַ זיי־גער וועט מען הענגען די רוצחים, וואָס האָבן דערהרגעט די דריי יידן. יעדער וואָס וויל — קען קומען בייזיין די עק־זעקוציע.

צומאָרגנס פרי האָבן אַלע קרעמער פאַרמאַכט די קראָ־מען, די בעלי־מלאכות האָבן פאַרלאָזן די וואַרשטאַטן און קינד און קייט זענען אַוועק צו דעם פלאַץ, (וואָס איז גע־ווען אַנטקעגן דעם הויז פון יצחק בובעס), ווו נאָך נעכטן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דריי הויכע שוואַרץ געפאַרב־טע תליות. אַ טייל פון דעם פלאַץ אַרום די תליות איז גע־ווען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָט און אינעווייניק זענען געווען באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט מאַשין־געווער. מען האָט אויך דאָרטן געזען אַ גרופּע אָפיצירן מיטן אָבערלייטענאַנט מאַזער.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען אַרויס פונעם געסל, וואָס האָט געפירט צו דער טורמע, 10 זשאַנדאַרמען מיט בלויזע שווערדן, און אין מיטן די מערדער, געקאָוועט הענט און פיס אין שווערע אייזערנע קייטן. דאָס זענען געווען אַ טאַטע מיט צוויי זין. דער טאַטע אַ פעסטער און הויכער קריסט פון אַ יאָר 60—55, און די זין עטוואָס נידעריקערע, נאָר שטאַרקע יונגע שקצים. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ היל־צערנעם ברעטל אויף זייער ברוסט, געפאַרבט אויף שוואַרץ, און מיט ווייסע אותיות איז געווען געשריבן זייער פאַר־ברעכן און דער פסק־דין. דער אַלטער גוי איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט און געקוקט אויפן פאַרזאַמלטן המון מיט גרויסע אויסדרוקלאָזע אויגן; די שקצים אָבער האָבן זיך ווי שכורים געוואַקלט אַהין און אַהער מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. אַז דער אַלטער גוי איז צוגעגאַנגען נענטער און דער־זען די תליות, איז ער טויט־בלייך געוואָרן און מיט אויס־געלאָשענע אויגן געקוקט אַרום זיך, ווי ער וואָלט געזוכט פון עמעצן עפּעס אַ ראַטונג.

אַז מען האָט זיי אַריינגעפירט און צוגעשטעלט צו די תליות, איז צוגעקומען אַ רוסישער גלח מיט אַ גרויסן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט, עפּעס געזאָגט מיט זיי, און דערלאַנגט יעדן דעם צלם צו קושן. דער אַלטער האָט געקושט, די זין זענען געשטאַנען ווי געליימטע און זיך צוגערירט צום צלם. אַ סאָלדאַט האָט דאַן געברענגט אַ בענקל מיט דריי טרעפּלעך פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט אַן אָרט צו שטיין. נאָכדעם האָט ער יעדן מערדער פאַרבונדן די אויגן מיט דעם מויל און איז אַוועק. פּלוצלינג איז אַרויס פון דער גרופּע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט ביי דער דראָט פאַרצוימונג, אַ מאַן אין אַ שוואַרצן קאַפּעליוש מיט אַ פּאָר שוואַרצע ברילן אויף די אויגן און טראַגנדיק אין דער האַנט אַ קליין קעסטעלע, איז ער אַריבער די פאַרצוימונג און ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קעסטעלע נעבן דעם אַלטן גוי. דאַן האָט ער אַרויס־גענומען אַ נייעם גראָבן שטריק, באַשמירט מיט עפּעס אַ געל־גרין פעטס און געמאַכט שלייפן אין די עקן.

די גאַנצע צייט, וואָס די מערדער זענען געשטאַנען אויפן פלאַץ האָט מען געהערט אויסגעשרייען און קללות און זידלערייען אויף זיי, נאָר אין דעם מאָמענט, ווען דער שוואַרץ געקליידעטער תלין האָט געוויזן מיטן פינגער אויפן אַלטן גוי, און די זשאַנדאַרמען האָבן אים גענומען פירן אויף די טרעפּ, זענען אַלע קולות מיטאַמאָל פאַרשוויגן געוואָרן. דער פיל־טויזנט קעפּיקער המון איז געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער, בלייכע געזיכטער און אויסגעשטאַר־טשעטע אויגן, און אַ ציטער געמישט מיט נייגעריקייט און שרעק, איז ווי אַ ווינט אַדורך אין יעדן איינעמס קערפּער.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשנמאַסע, וואָס איז קוים מיט אייניקע מינוטן פריער געווען אויפגעבראַכט פון כעס און נקמה, האָט איצט קוקנדיק אויפן פאַרברעכער און תלין, דערפילט דאָס אָנקומען פון מלאך המות צו דעם תליה־פלאַץ. זיי זענען געוואָרן געליימט און שטום פאַר שרעק און מורא.

אַז די זשאַנדאַרמען זענען שוין געשטאַנען אויפן אויי־בערשטן ברעטל צוהאַלטנדיק פון ביידע זייטן דעם מער־דער, איז דער תלין אַרויף פון דער צווייטער זייט, פאַר־וואָרפן פלינק איין שלייף פון שטריק אויפן אייזערנעם האָקן, וואָס איז געווען אויף דער תליה, און דעם צווייטן שלייף איבערן קאָפּ פון אַלטן גוי, און האָט אים שטאַרק איינגעצויגן. נאָכדעם האָט ער אַ ווינק געטאָן די זשאַנ־דאַרמען, אַז זיי זאָלן אַראָפּ, און האָט האַסטיק אַ שלעפּ געטאָן דאָס בענקל צו זיך, און דער מערדער איז געבליבן הענגען.

אַלע מענטשן האָבן שווער אָפּגעאָטעמט, ווי נאָך אַ שווערן שרעקלעכן חלום. דאָ און דאָרט האָבן זיך דערהערט היסטערישע געוויינען, אַ טייל פרויען האָבן געחלשט, און דער גרעסטער טייל פון עולם איז אַוועק ווי פאַרשעמטע אַהיים. געבליבן זענען נאָר זייער אַ קליינער טייל „גבורים", צו זען די טרויעריקע ענדע פון די אַנדערע צוויי מערדער.

דער טויט פון די מערדער, וועלכע זענען נאָך געהאַנגען דריי טעג און דריי נעכט, האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער גאַנצער ניט־יידישער באַפעלקערונג, און די גאַנצע צייט, וואָס די עסטרייכער זענען געווען אין לוד־מיר זענען אַרום אונזער שטאָט מער ניט פאָרגעקומען קיין אָנפאַלן אויף יידן.

## די עסטרייכער פאַרלאָזן לודמיר

די ענדע פון דער מלחמה אויף אַלע פראָנטן, האָט זיך שנעל דערשפּירט אין אונזער שטאָט. עפּעס האָבן די קריגס־באַהערדען ווי פאַרלאָרן זייער פריערדיקע זעלבסט־זיכערקייט און שטאָלץ, און זייער באַציאונג צו דער באַפעלקערונג איז געוואָרן האָניק־זיס.

אין איינעם אַ זונטיק, ווען אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז די עסטרייכער פאַרלאָזן לודמיר, האָב איך באַקומען פון שטאָט־קאָמענדאַנט, אַ יידישן לייטענאַנט, אַ מעלדונג צו קומען אויף אַ וויכטיקער דרינגענדער באַראַטונג. (מאַזערן האָט מען מיט אַ האַלב יאָר צוריק צוגענומען צוליב זיין באַרבאַרישער באַנעמונג מיט דער באַפעלקערונג און אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט).

קומענדיק האָב איך דערזען אייניקע יידישע, אוקריינישע און פוילישע פאַרשטייער, וועלכע האָבן אויך באַקומען אַזעלכע אויפפאָדערונגען.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַריינגעקומען דער שטאָט־קאָמענדאַנט און געמאָלדן אין דריי שפּראַכן, אַז איידער די מאַכט פאַרלאָזט די שטאָט, וויל ער שאַפן אַ שטאָט־ראַט פון 5 יידן, 3 אוקריינער און 3 פּאָלאַקן, וועלכע וועט איבערנעמען די עסטרייכישע זאַפּאַסן געווער און דערנערונגס־מיטלען, וואָס געפינען זיך אין די מיליטער־סקלאַדן, און וועלכע קענען ניט אַרויסגעפירט ווערן צוליבן מאַנגל אין וואַגאָנעס. דער שטאָט־ראַט וועט דאַרפן אויך פאַרוואַלטן מיט אַלע שטאָטישע ענינים און אָפּהיטן די רו און געזעצלעכע אָרדנונג.

נאָך אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין שול זענען אויסגעוויילט געוואָרן הערשל לעוו, ישראל איסר ציילינגאָלד ז״ל, נחום גיטמאַל, יעקב יעלין און איך (אַלע זענען עולה געווען שפּעטער קיין ישראל, אַ חוץ הערשל לעוו וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן אין רוסלאַנד).

צו מאָרגנס פרי זענען מיר, די אויסגעוויילטע, אַוועק אין דעם הויז פון דער אָרטס־קאָמאַנדע, די פוילישע און אוקריינישע געוויילטע זענען שוין אויך געווען, און מיר אַלע האָבן געוויילט אַ פּרעזעס, אַ אוקריינער יידנפריינט, און אַלס אַ וויצע הערשל לעוו (גרינדער און פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַ פעאיקער געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ מענטש פון הויכער אינטעליגענץ, וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן אַ לאַנגע צייט שפּעטער פאַרשיקט קיין סיביר פאַר ציוניסטישע טעטיקייט, און ער צוזאַמען מיט זיין פרוי זענען דאָרטן אומגעקומען פון הונגער און קעלט).

פאַר אַ קאַסיר איז דאַן געוויילט געוואָרן ליצטקענדאָרף, אַ פּאָלאַק, אַ גרויסער אַנטיסעמיט.

דער לייטענאַנט האָט איבערגעגעבן, אַז נעכטן ביינאַכט האָבן פאַרלאָזן די שטאָט די גאַנצע קרייז־קאָמאַנדע מיטן אָרטיקן מיליטער און פעלד זשאַנדאַרמעריע. עס זענען נאָר געבליבן 20 וואַך־סאָלדאַטן, וועלכע וועלן צוזאַמען מיט אים אָפּפאָרן מאָרגן אין דער פרי.

## 200 יידישע מיליציאָנערן

כדי צו האַלטן אָרדנונג אין דער שטאָט און אַרום דער שטאָט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ פרייוויליקע באַוואָפנטע שטאָטישע מיליציע, וועלכע זאָל באַשטייען פון 200 יידן, 100 אוקריינער און 100 פּאָליאַקן.

נאָכדעם איז דער פּרעזעס אַוועק מיטן שטאָט־קאָמענדאַנט אין באַגלייטונג פון אַ פּוילישן און יידישן ראַטמאַן, איבערצונעמען אַלס שטאָט־אייגנטום די אַלע עסטרייכישע מיליטערישע סקלאַדן און מאַגאַזינען פון עסנוואַרג און געווער, וואָס זענען איבערגעבליבן.

מיר יידישע ראַטמענער, האָבן געמאַכט אַ רשימה פון מענטשן, וועלכע קומען אין באַטראַכט אַלס מיליציאָנערן, דאָס זענען געווען אויסגעדינטע יידישע סאָלדאַטן פון רוסישן מיליטער, בעיקר קצבים, טרעגערס און בעלי־עגלות. (בעל־ביתישע קינדער זענען יענער צייט כמעט ווי ניט געווען קיין זעלנער).

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פורן מיט ביקסן און קאַסטנס מיט רעוואָלווערן און האַנטגראַנאַטן פון די מיליטער־סקלאַדן, וועלכע זענען שוין אַריבער אין רשות פון דער שטאָט. דעם זעלבן אָוונט, ביים לבנה־שיין האָבן שוין אַ טייל מיליציאָנערן געמאַכט די ערשטע איבונגען מיטן געווער. אַלס הויפּט פון דער מיליציע איז באַשטימט געוואָרן, פאַר געהאַלט, אַ עסטרייכישער פעלדפעבל וועלכער איז איבערגעבליבן אין לודמיר צוליב עפּעס אַ ראָמאַנטישער סיבה. זיין געהילף איז געוואָרן נתן שטערן, אַ פאָטאָגראַף וועלכער האָט געדינט אין דעם ערשטן רוסישן גרענאַדירן פּאָלק, אַ הויכער, אַ שלאַנקער מיט אַ שיינעם מיליטערישן אויסזען.

די אַנדערע צוויי יידישע „ראָטנע קאָמאַנדירן" זענען געווען אברהם יאָלעפּע, אַ יונגער געזונטער און פעאיקער קצב, וואָס האָט זיך דערדינט אין רוסישן מיליטער צו צוויי פּאַסיקעס, און מנשה שיינקעסטל, אַ קלוגער ענערגישער יונגערמאַן, וועלכער האָט אויך געהאַט עפּעס אַ ידיעה אין מיליטערישע ענינים.

צו מאָרגנס, דינסטיק פרי, איז שוין די גאַנצע מיליציע, אַלע געוואָפנטע רוסישע סאָלדאַטן, געשטאַנען לענגאויס דער גאַס פון דעם שטאָט־ראַט הויז ביז צום טויער פון דעם יידישן בית־עלמין, מיט די ביקסן אויף די הענט, און געמאַכט איבונגען אונטער דער קאָמאַנדע פון נאַטשאַלניק.

נאָכהער זענען אַ טייל אַוועק צו די סקלאַדעס און מאַגאַזינען, וואָס דער שטאָט־ראַט האָט נעכטן איבערגענומען, בכדי צו באַפרייען דעם עסטרייכישן זעלנער, וואָס איז נאָך דאָרטן געשטאַנען אַלס וואַך. אַ טייל זענען אַרויס אויף די גאַסן אַלס אָרדנונגס־היטער, און אַ טייל זענען פאַרבליבן אַלס רעזערוו אין גרויסן הויף פון שטאָט־ראַט הויז.

די קראָמען זענען געווען פאַרשלאָסן, און אויך די בעלי־מלאכות האָבן ניט געקענט אייניזיצן ביי זייערע וואַרשטאַטן. זענען אַלע יידן, פרויען און קינדער געווען דעם גאַנצן טאָג אין דרויסן, געשטאַנען אין קלענערע אָדער גרעסערע רעדלעך און געשמועסט פּאָליטיק.

אייניקע „אוקריינער" האָבן געטענהט, אַז דאָס אוקריינישע מיליטער, וואָס שלאָגט זיך דערפאָלגרייך מיט די פּאָלאַקן אין לעמבערג, וועלן דורך סאָקאַל אָנקומען און פאַרנעמען די שטאָט. די אַנדערע „פּאָלאַקן" האָבן געוויזן מיט אַלע סימנים אַז אַ ליאַדע שעה קען מען דערוואַרטן די פּוילישע לעגיאָנערן פון יענער זייט בוג.

יידישע און פּוילישע מיליציאָנערן האָבן געבראַכט צו זייערע שעפן צוויי אוקריינישע מיליציאָנערן, וועלכע זענען געווען שטאַרק שיכור, און האָבן זיך געטשעפּעט מיט די יידישע איינוווינער. און אַזוי ווי אַלע ספּירט־געטראַנקען זענען פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרקויפן, האָט מען ניט געקענט וויסן מיט וואָס זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען. נאָר אַז מען האָט דערפילט פון זיי דעם ריח פון ראָם, איז אויפגעקלערט געוואָרן די רעטעניש. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געשטאַנען אויף דער וואַך ביי אַ קעלער אין וועלכן ס'איז געווען ראָם. דער קעלער איז געווען פאַרשלאָסן, נאָר זיי האָבן ניט אויסגעהאַלטן, צעבראָכן דעם שלאָס און זיך גוט אָנגעטרונקען.

נאָך דעם פאַל האָט מען מער קיין אוקריינער מיליציאָנערן ניט געשיקט צו באַוואַכן ערטער, ווו עס איז געווען וויין אָדער ספּירט, און מען האָט זיי בכלל אין ערגעץ ניט געשיקט אַליין, נאָר צוזאַמען מיט יידישע און פּוילישע מיליציאָנערן.

מיטוואָך פרי האָבן די מיליציאָנערן, וואָס זענען געשטאַנען ביי אַ גרויסן מעל־סקלאַד, וואָס איז געווען ביי דער באַן־סטאַנציע, געמאָלדן, אַז ביינאַכט זענען באַפאַלן אויף זיי אַ גרויסער המון פון יידן און גויים און צוגענומען די ביקסן און צוראַבירט דעם גאַנצן סקלאַד.

די מיליציאָנערן וואָס זענען געגאַנגען אין דינסט זענען געווען געמישטע, יידן מיט גויים. נאָר אַזוי ווי די גויים פלעגן ניט אַלע זיך צושטעלן, איז במילא אויסגעקומען, אַז די יידישע זענען געווען מער. זיי האָבן געטראָגן ביקסן, נאָר צוליב פאָרזיכטיקייטס־ווענן, האָט מען זיי קיין שיס־קוילן ניט אַרויסגעגעבן. האָבן זיי דעריבער קיין שטאַרקן ווידערשטאַנד ניט געקענט שטעלן. נאָך דעם נאַכטיקן אָנפאַל, האָט יעדער מיליציאָנער באַקומען אַ געוויסע צאָל קוילן, פאַר וועלכע ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך.

דעם זעלבן טאָג האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט די אָנפאַלן אויף די באַן־סקלאַדעס. די מיליציאָנערן האָבן געגעבן עטלעכע שאָסן אין די פיס פון דעם המון, און זיי זענען זיך צעלאָפן. נאָר דער בחור פון יאָסקע שראַגע, וואָס האָט באַקומען אַזאַ קויל אין פוס איז געבליבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן.

דעמאָלסט האָט מען באַשלאָסן אַריבערצופירן די סחורות פון די באַן־סקלאַדעס אין די שטאַלן און די באַראַקן, וואָס זענען געווען אין גרויסן הויף פון שטאָט־ראַט פאַרוואַלטונג.

## אומרואיקע שטימונג

דאָנערשטיק האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין שטאָט פּויערים און פּויערטעס פון די נאָענסטע דערפער, מיט זעק און קוישן. זיי האָבן געהערט וועגן די צעראַבירטע מעל־סקלאַדן, און עס האָט זיי גענומען אַ חשק אויך פון דעם עפּעס צו געניסן. אַ טייל פון זיי האָט זיך דערוווייל אָנגעשיכורט און אָנגעהויבן מאַכן סקאַנדאַלן און שילטן די זשידעס, וועלכע האָבן אַלץ אַליין צוגעראַבעוועט און פאַר זיי גאָרנישט געלאָזן.

אַז די לאַגע האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט, האָבן מיר באַשלאָסן מיט דער הילף פון די פּוילישע ראַטמענער — די דערפער אַרום אונז זענען געווען באַזעסן נאָר פון אוקריינער — אַז מען זאָל אַרויסטרייבן פון שטאָט אַלע דאָרפישע געסט און אַוועקשטעלן אין אַלע אירע עקן שטאַרקע פּאַטרולן און נישט אַריינלאָזן די דאָרפישע איינוווינער אין שטאָט אַריין.

די אוקריינישע ראַטמענער האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף אונז קרום, און יעדן פרימאָרגן זענען זייערע מיליציאָנערן געוואָרן אַלץ ווייניקער. אונזערע פאָרפּאָסטנס זענען געווען אויף יענער זייט בריק וואָס איז געלעגן איבערן טייכל, נעבן הויף פון די קאָשאַרעס אויף לוצקער גאַס, און אויף דעם ברעג פון לודמירער טייך לאָג, וואָס פירט צום דאָרף זאַרעטשע.

פרייטיק אַ גאַנצן טאָג האָט מען די דאָרפישע גויים מער ניט אָנגעזען, און מיר האָבן געמיינט, אַז נאָך די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די יידישע מיליציאָנערן, וועלן זיי שוין מער ניט וואַגן צו קומען. נאָר מיר האָבן אַ טעות געהאַט.

פרייטיק פאַרנאַכט, אַרום 2 אַזייגער, ווען איך בין, נאָך אַ טאָג פון פאַרשידענע צרות און קאָפּדרייעניש פון מיין אַרבעט אין שטאָט־ראַט, געשמאַק איינגעשלאָפן, האָט מיך אויפגעוועקט אַ שטאַרק שיסן אין דער הויך, אונטער מיין פענצטער. כ'האָב מיך שנעל אָנגעטאָן און אַרויס. פאַר מיר איז געשטאַנען מנשה שיינקעסטל, דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער צווייטער ראָטע און מיט אַ ציטערדיקער שטימע מיר געמאָלדן, אַז די לאַגע ביי דער לוצקער בריק איז קריטיש. הונדערטער אוקריינער שטייען אַרום דער בריק מיט אייזערנע לאָמען, קאָסעס און העק אין די הענט, און שפּאַרן זיך אַריבעגיין און אַריינגיין אין שטאָט. די מיליציאָנערן האָבן עטלעכע מאָל לויט זיין באַפעל געשאָסן, און עס זענען דאָ געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. ער איז שוין געווען ביי זיין קאָמענדאַנט נתן שטערן און ער האָט אים באַפוילן שיסן און צעטרייבן די אָנפאַלער. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אַנטשיידן, און איז געקומען בכדי זיך צו באַראַטן מיט מיר. איך האָב פאַרשטאַנען די ערנסטקייט פון דער לאַגע און כ'האָב באַשלאָסן צו גיין צו ה' לעוו מען זאָל רופן אַ דרינגענדיקע פאַרזאַמלונג פון פאַרשידענע יידישע פאָרשטייער כדי זיך צו באַראַטן מיט זיי. מנשה שיינקעסטל האָב איך געראַטן גיין צו דער בריק און שיסן נאָר אין מאָמענט פון העכסטער סכנה. ה' לעוו איז שוין געווען אַוועק אין שטאָט־ראַט, און איך האָב שוין דאָרטן געטראָפן אַ פּאָר יידישע ראַטמענער און דעם פּאָלאַק ליטצקענדאָרף, וועלכער האָט געטראַכט אַז מיט שאַרפן שיסן אָן אויפהער וועט מען פאַריאָגן די אוקריינישע פּויערים. ער האָט די אוקריינער ניט ווייניקער פיינט געהאַט ווי די יידן. מיר האָבן אַרויסגעשיקט די יידישע מיליציאַנטן,

וואָס זענען געווען אין רעזערוו און באַפוילן ברענגען וואָס שנעלער, די רבנים און די שענסטע בעלי־בתים און כללטוער.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען שוין געווען אַ 50 מענטשן מיט צעטומלטע אויגן און בלייכע געזיכטער.

מיר האָבן זיי אַלץ דערציילט און געבעטן אַרויסזאָגן זייער מיינונג. אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט, אַז מען זאָל ניט איינשטעלן דאָס לעבן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און אויפהערן צו שיסן אין די גויים. זאָלן זיי אַריינקומען אין שטאָט, און אַז זיי וועלן נעמען ראַבעווען, וועט מען דעמאָלסט שיסן. די אַנדערע האָבן געזאָגט פאַרקערט, ווען מען וועט זיי אַריינלאָזן וועלן זיי געוויס אָנהויבן ראַבעווען און ווער וייס צו דעמאָלסט וועט שוין העלפן דאָס שיסן, דעריבער מוז מען שיסן איצט בכדי זיך צו ראַטעווען. ווען אַלע האָבן גערעדט און געשריגן נישט קומענדיק צו קיין אַנטגילטיקן באַשלוס, איז געשען איינער פון די אַלטע יידישע נסים: אברהם שמולעס אַ זון איז געקומען צו לויפן אויף אַ פערד — אין שבת — און האָט געבראַכט די בשורה, אַז עס איז געלונגען אפשטויסן די פויערים, און זיי אַלעמען צעטרייבן. אין עטלעכע מינוט אַרום זענען אַלע פריילעכע און צופרידענע אַוועק צוריק אַהיים שלאָפן.

אויף מאָרגן האָבן מיר באַפוילן פאַרברענען די בריק און דער טאָג און די נאַכט זענען אַריבער שטיל.

## פוילישע לעגיאָנערן גייען אויף לודמיר

זונטיק פרי האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז פוילישע לעגיאָנערן זענען אַריבער דעם בוג ביי אוסטילע, נישט קוקנדיק אויפן ווידערשטאַנד פון דער אָרטיקער יידישאוקריינישער מיליציע, האָבן זיי געראַבעוועט אין שטעטל און דערהרגעט עטלעכע יידן.

אין אַ פאָר שעה שפעטער האָבן די יידישע מיליציאָנערן געמאלדן אַז ניט ווייט פון שטאָט שטייען אַ 200 לעגיאָנערן באַוואָפנטע מיט ביקסן און האַנטגראַנאַטן און וואַרטן ווי אויף אַ באַפעל אַריינצוגיין אין שטאָט אַריין.

פאַר דער נאַכט זענען זיי טאַקע אַריינגעגאַנגען אין שטאָט און זיך אויסגעשטעלט לעבן דעם פוילישן קלויסטער, האָבנדיק פאַר זיך עטלעכע מאַשין־געווער (מיר האָבן דאָס ניט געהאָט)

ווען מיר, אַלע יידישע און 2 אוקריינישע ראַטמענער, (די פוילישע זענען אין גאַנצן ניט געקומען) — זענען געזעסן און זיך באַראַטן וועגן דער שווערער לאַגע, איז אַריינגעקומען אַ פוילישער לעגיאָנער געקליידט ווי אַן אָפיציר מיט אַן עסטרייכישער הוזאַרישער שווערד אין האַנט, אין באַגלייטונג פון נאָך לעגיאָנערן מיט ביקסן און האַנטגראַנאַטן אַרום זיך. דער אָפיציר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ נאַפּאָלעאָנישער פּאָזע און מיט אַ פייערלעכער שטימע געזאָגט:

— אין נאָמען פון גענעראַל פילסודסקי, דעם שעף פון דער לובלינער רעגירונג, פאָדער איך אייך אויף איר זאָלט אונז איבערגעבן די שטאָט אין פאַרלויף פון 3 שעה. אין קעגנפאַל וועט זיך גיסן בלוט.

מיר האָבן זיך ניט שטאַרק דערשראָקן, געקוקט אויף אים און געשמייכלט, איך האָב אים באַמערקט, אַז ער זאָל ניט מיינען אַז דאָס איז אוסטילע. און נתן שטערן האָט אים געזאָגט, אַז אויב עס וועט קומען צו אַ קאַמף, וועלן מיר אים באַצאָלן אויך פאַר די געהרגעטע אוסטילער יידן. דער אָפיציר איז אַוועק אַ ברוגזער. די יידישע ראַטמענער זענען אַלע געבליבן שטיל. יעדער האָט געפילט אויף זיך די שווערע אחריות פאַר דעם לעבן פון טויזנטער יידישע מענער, פרויען און קינדער, און דאָס האָט געליימט די געדאַנקען. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן רעדן ה׳ לעוו, וועלכער האָט געפירט אַלס וויצע־פרעזעס די זיצונג. דער אוקריינישער פרעזעס איז זייט 2 טעג ניט געקומען אין שטאָט־ראַט, און ווי מיר האָבן שפעטער געהערט, איז ער אַוועק קיין לוצק ברענגען מיליטערישע הילף. לעוו האָט אויפגעקלערט די געשאַפענע לאַגע. מיר פאַרמאָגן ביי היינטיקן טאָג ביי 300 באַוואָפנטע יידישע מיליציאָנערן, אויסער 50—60 אוקריינישע. מיר האָבן גענוג שיס־מאַטעריאַל און גראַנאַטן, און ער האָט געבעטן יעדן זיך אַרויסזאָגן וואָס מיר דאַרפן לויט זיין מיינונג טאָן.

די ערשטע האָבן גערעדט די צוויי אוקריינישע ראַטמענער. זיי האָבן דערציילט אַז אין לוצק זענען דאָ מזרח־גאַליציישע אוקריינישע סאָלדאַטן און דער פרעזעס איז געפאָרן בעטן זיי צו פאַרנעמען אונזער שטאָט, און יעדע שעה קען מען דערוואַרטן זייער אַריינמאַרשירן.

די מיינונגען פון אונזערע ראַטמענער האָבן זיך צעטיילט צווישן די אָנהענגער פון דער אוקריינישער אָריענטאַציע און אָנהענגער פון דער פוילישער אָריענטאַציע. דאַן האָט דער ה׳ לעוו אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן פאַרלאַנגען אַ פאַרלענגערונג פון אולטימאַטום־טערמין ביז 10 פרי, אפשר וועט מען ביז דאַן וויסן וואָס איז מיט דעם אוקריינישע מיליטער, און אויב די פוילישע לעגיאָנערן וועלן אויף דעם ניט איינגיין וועלן מיר זיך שלאָגן. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק.

פלוצלינג איז אַריין ליטצקענדאָרפס, אַ פאַרוואַלטער אַ שטאַרק פאַרשוויצטער און האָט געבעטן דעם ה׳ לעוו ער זאָל אַרויסגיין מיט אים, ער האָט אים איבערגעגעבן עפּעס וואָס וויכטיקס.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז לעוו צוריקגעקומען אַ בלייכער און עפּעס אַ מאָדנעם קוק געטאָן אויף מיר. איך האָב דערשפירט אין זיין בליק עפּעס שטאַרק שרעקלעכעס וואָס איז נוגע צו מיר. אַז איך האָב אים געפרעגט אַ באַאומרואיקטער, וואָס ליטצקענדאָרף האָט אים איבערגעגעבן, האָט ער אָנגעהויבן זיך טרייסלען און אַוועקפירנדיק מיך אָן אַ זייט האָט ער שטיל גענומען שטאַמלען:

— חבר שיינבוים! איך ראַט אייך איר זאָלט ניט זיין היינט ביינאַכט ביי זיך אין שטוב. עס איז דאָ אין דער היינט געקומער פוילישער קאָמאַנדע אויף אייך און אויף נתן שטערן עפּעס אַן אָנקלאַגע, און עס קען זיין אַז מען וועט אייך קומען אַרעסטירן.

דערביי האָט ער מיר געזאָגט אין ליטצקענדאָרפ׳ס נאָמען אַז עס איז געקומען נאָך איין קאָמאַנדע לעגיאָנערן מיט אַ סך מאַשינען־געווער, און ער האָט מורא, אַז מיר וועלן אַריינפאַלן





קטעים מבית־הקברות בלודמיר

צו די פּאַלאַקן. אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען נתן שטערן און געמאָלדן, אַז די יידישע און אוקריינישע לעגיאָנערן זענען צעשטעלט אין שטאָט אין פאַרשידענע פּאָזיציעס און זענען גרייט צום קאַמף. אַז לעוו איז אַוועק האָב איך אים דערציילט די „נייעס”. ער האָט זיך ניט דערשראָקן און געזאָגט, אַז ער וועט זיך ניט פאַרבאַהאַלטן, און אַז ער וועט זיך שלאָגן מיט די פּאַלאַקן, ווען מען וועט באַדאַרפן. אַז מיר זענען צוגעגאַנגען צום טיש, ווו אונזערע ראַטמענער זענען געזעסן און עפּעס שטיל גערעדט, איז פּלוצלונג געוואָרן שטיל און אַלע זענען זיך צעגאַנגען. נאָר ר' ישראל מאיר צייליגנגאַל איז צוגעקומען צו אונז און געזאָגט: „אייער לעבן איז אין סכנה און איר דאַרפט זיך פאַרבאַהאַלטן. נאָר איך האָף צו גאָט, אַז די סכנה וועט אַריבער און אַז איר וועט ווייטער זיין טאַטעס צו אייערע קינדער”. ער האָט געענדיקט און זיך צעוויינט.

דעמאָלסט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן קיין אַרעסט, ווי דער ה' לעוו האָט מיר געזאָגט. נאָר וועגן מיין לעבן, און איך האָב באַשלאָסן ערגעץ ווו זיך פאַרבאַהאַלטן.

אויך נתן איז ווי גערירט געוואָרן פון שיינעם פּאַטריאַרכאַלן יידנס טרערן. ער איז געוואָרן ערנסט און מיך אַ פרעג געטאָן: ווו־זשע ווילסטו זיך באַהאַלטן? איך האָב געענטפערט אַז איך ווייס נאָך ניט. דאַן האָט ער געזאָגט: — דאָס זיכערסטע אָרט פאַר די לעבעדיקע איז שטענדיק צווישן די טויטע. גיי אויפן בית־עלמין, און כדי עס זאָל דיר ניט זיין דאָרטן אומעטיק, וועל איך מיטגיין מיט דיר. וואַרט אויף מיר דאָ איך קום באַלד צוריק. אין עטלעכע מינוטן איז ער צוריק געקומען און מיר זענען אַריבער דעם פּאַרקאַן און אַריין אין אַ קליין סעדל. דערנאָך נאָך אַ פּאַרקאַן, און אַריין אין אַ גאָרטן. דאָרט זענען מיר דורך אַ נידעריקן געמויערטן אַלטן פּאַרקאַן און אַריינגעלאָפן צום בית הקברות.

מיר זענען אַריין אין מתים־שטיבל. ס'איז דאָרט געווען פינצטער, נאָר ביי דער שיין וואָס איז אַריין דורך אַן אָפענער טיר האָבן מיר געזען אַ ברייטן טהרה־טיש מיט אַ באַנק דערביי, אויף וועלכער עס זענען געשטאַנען הילצערנע שעפּעלעך. נתן איז אַרויף אויפן טיש, אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פלעשל בראָנפן, — אויסגעטרונקען מיט אַמאָל, מיר געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און באַלד איינגעשלאָפן.

איך בין געבליבן אַליין אין דעם פינצטערן טויטנהויז, אין וועלכן עס איז געווען אַ שרעקלעכער געשטאַנק. כ'בין געווען מיד און דערשלאָגן, און איך האָב אויך געוואָלט שלאָפן איך האָב אַ טאַפּ געטאָן די באַנק, זי איז געווען נאַס און גליטשיק. ס'האָט מיך אָנגענומען אַן איבל צום ברעכן און איך בין פון דאָרטן אַרויס.

איך האָב מיך אַוועקגעלעגט לעבן אַ גרויסער מצבה. אויפן אויסגעשטערנטן הימל האָט געשיינט אַ פולע לבנה און מיט אַ מאַטע ליכט באַשטראַלט דעם גאַנצן וואַלד פון מצבות, דער איינציקער זכר נאָך אַ מענטשן. ערגעץ דאָ ניט ווייט ליגט אויך באַגראָבן מיין מאַמע עליה השלום — צי ווייס זי, צי פילט זי, ווי שווער מיר איז איצט אויף דער נשמה?

איך האָב איינגעדרימלט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט שוין גענומען טאָגן. כ'האָב דערזען פון דער ווייטנס שאַפסן, פנחס כאַוועסעס זון, מיט אַ לאַנג ווייס פעקל אונטערן אָרעם און הינקענדיק אויף זיין קרומען פוס איז ער געגאַנגען צום טהרה־שטיבל. ווען איך בין אים געלאָפן אַנטקעגן האָט ער מיך דערשראָקן געפרעגט, וואָס איך טו דאָ. איך האָב אים אַלץ דערציילט און כ'האָב אים געבעטן ער זאָל איבערגעבן פון מיר אַ בריוועלע צו הערשל לעוו, און דערפאַר באַקומט ער אַ פלעשל ניינציקער. ער האָט מיר געגעבן דאָס פּעקעלע אַוועקצולייגן אויפן טיש פון מתים־שטיבל און איז הינקענדיק שנעל אַוועק.

אין גיכן איז ער צוריק געקומען. ה' לעוו האָט געשריבן קורץ:

— קומט אַהיים. דער פּסק־דין איז בטל געוואָרן.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז איך האָב אויפגעוועקט שטערנען. דערנאָך זענען מיר ביידע לעבעדיק געוואָרענע מתים אַרויס פון בית־עלמין.

ווען איך בין געקומען אין שטוב, איז מיין פרוי נאָר וואָס אויפגעשטאַנען. איך האָב באַמערקט, אַז זי ווייס פון קיין זאַך נישט. ווען זי האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס איך בין ניט געקומען נעכטיקן, האָב איך איר געענטפערט, אַז מיר זענען געווען שטאַרק פאַרנומען.

איך בין אַריין אין בעט און געשלאָפן ביז פינצטער. אין אָוונט איז געקומען דער ה' לעוו און דערציילט, אַז אין צוויי שעה אַרום ווי מיר זענען אַוועק, איז געקומען ליטצקענדאָרף און האָט געזאָגט, אַז אַ דאַנק דעם שטאַרקן דרוק פון קסיאַנדז, ד"ר ראַפּשעווסקין, און פון אים, האָבן די פּוילישע אָפיצירן מבטל געמאַכט זייער פּסק־דין אויפצוהענגען מיר און שטערנען. ער האָט דאָס ניט געקענט אונז מודיע זיין, ווייל ער האָט ניט געוווּסט ווו מיר זענען באַהאַלטן.

## די „יאַוואָרשטשיקעס” בושעווען

ער האָט מיר אויך דערציילט אַז די פּאַליאַקן זענען אַריין ביינאַכט אין שטאָט מיט זייער אַ שטאַרקער קראַפט און ער האָט זיי געמוזט איבערגעבן די שטאָט מיט אַלע זאַפּאַסן געווער און עסנוואַרג, וואָס דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט איבערגעלאָזן.

אין אַ 3—4 טעג אַרום האָט דאָס לעבן אין לודמיר זיך אָנגעהויבן צוריק צו נאָרמאַליזירן. אָבער אומגעריכט איז געקומען אַ נייע צרה. איין נאַכט זענען אַריין דורך לוצקער גאַס עטלעכע הונדערט פּוילישע רייטערס, אונטערן אָנפירונג פון מאַיאָר יאַוואָרסקי, ימח שמו, און האָבן אָנגעהויבן צומאַרגנס פרי כאַפּן יידן זיי אַוועקלייגן אין מיטן שאָסיי, איינער האָט געהאַלטן די הענט, איינער די פיס און דער דריטער איז געזעסן אויפן בויך, און מיט אַ לאַנגן מעסער זיי געשניטן די פאות און באָרד. אַז דער אומגליקלעכער האָט זיך געוואָרפן; פלעגט מען מיט די האָר אויסשניידן די הויט פון באַק. די יידן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין באָרד, פלעגן זיי סתם שלאָגן און הרגענען. אין איינ־קע

פאר שעה זענען פארמאכט געווארן אלע קראמען און יעדער איז געלאפן אהיים ערגעץ ווו זיך פארבאהאלטן.

ביינאכט זענען זיי געגאנגען כלומרשט זוכן געווער אין די שטיבער, און גערויבעט געלט, צירונג, מלבושים און בעטגעוואנט, און וואס נאר ווערטפולעס וואס איז זיי געפעלן געווארן.

## מענדל טענענבוים (מנחם משיח) פון כפר ויתקין

אין איינעם אזא פארשאלטענעם פרימארגן זענען אריין עטלעכע פוילישע יאווארשטשיקעס (אזוי האט מען זיי גערופן) צו א יידישן בעקער און גענומען פאקן אין גרויסע זעק ברויט און ווייס געבעקס, און האבן געוואלט אוועקגיין נישט באצאלנדיק. דער בעקער האט גענומען שטארק שרייען און רופן הילף. די שכנות'דיקע יידן האבן מורא געהאט ארויסצוגיין, און ער האט אליין שטארקער געשריען, ביז עס איז אנגעקומען מיליטערישע פאליציי. זיי האבן גע־פרעגט די יאווארשטשיקעס פארוואס זיי צאלן ניט. זיי האבן געזאגט, אז דער ייד זאל גיין מיט זיי צו זייער קאמאנדע, וואס געפינט זיך אויפן וואקזאל, ווו מען וועט אים דארט באצאלן. דער ייד איז מיט זיי אוועק, און זיי האבן אים מערדערלעך דערהרגעט. א קריסט, וואס האט אים געזען ליגן טויט, איז געקומען צום רב און עס געמאלדן. ניט די חברה קדישא און אויך ניט קיין אנדער ייד האט געוואלט גיין אים ברענגען, ווייל גיין צו יענע רוצחים האט געהייסן גיין אויף א זיכערן טויט. פון דעם איז געוויער געווארן א יינגל מענדל טענענבוים, א חבר אין א יוגנטלעכער ציוי־ניסטישער ארגאניזאציע, און ער איז אוועק אהין מיט א גרויסן זאק, אים געטראגן ביי א צוויי קילאמעטער און געבראכט אויפן בית עלמין. דאס מסירת נפש און העל־דישקייט פון יונגן בחור האט געמאכט א גרויסן רושם אויף דער גאנצע שטאט, און א לאנגע צייט האט מען גע־רעדט וועגן דעם, ווי וועגן אן אויסערגעוויינלעכן זעלטע־נעם טאט פון חסד של אמת.

קורץ נאכדעם איז דער בחור אוועק קיין ארץ ישראל, אפגעגעבן זיך דארט מיט פעלד־ארבעט אין די יידישע קאלאניעס און געליטן הונגער און קעלט. נאך עטלעכע יאר שווערער ארבעט איז ער געווארן א גרויסער מומחה אין פרוכט־בוימער קענטעניש, חתונה געהאט און זיך א נאמען געגעבן מנחם משיח. ער איז אריין אין דער גרופע פון פעלד־ארבעטער וואס זענען ארויף אויף דער וויסטער ערד, און געגרינדעט דעם דארף כפר ויתקין, איינע פון די שענסטע און רייכסטע מושבים אין לאנד ביז צום היינ־טיקן טאג.

אויך דא כפר ויתקין האט ער ווי אלע אנדערע חברים שווער געארבעט 2 יאר נאכאנאנד, און טיילמאל אויך געליטן נויט, און אז ער האט זיך דערשלאגן צו א שיינער שטוב און א גוט פארפונדעוועטן און א פרוכטבארן פרדס, האט ער פלוצלינג באקומען א קרענק, וואס האט אים ניט אפגעלאזן ביז אין קבר אריין. זיין פרוי, זיין זון און די טאכטער האבן אלץ געטאן בכדי אים צו פארגרינגערן זיינע שרעקלעכע יסורים און ארומגעגאנגען ארום אים מיט זעלטענע סבלנות און איבערגעגעבנקייט. זאל אים גרינג זיין די טייערע ערד פון ישראל.

די יאווארשטשיקעס זענען געווען ביי אונז נאר א פאר טעג, אבער זייערע מעשים האבן די לודמירער יידן נאך א לאנגע צייט געדענקט.

ביי אונז איז געווארן רואיקער און דאס לעבן מיט די פאלאקן האט זיך מער וויניקער נארמאליזירט.

און אזוי זענען מיר אריבער דורך דער ערשטער וועלט מלחמה, פון גלות רוסלאנד — צו גלות פוילן.

**ש. אנ—סקי**

# בימי מבוכה

**קטעים מרשמי־ביקורו של הסופר ש. אנסקי**
**בעיירות ווהלין, בימי מלחמת העולם הראשונה.**

...בדרך לוולאדימיר [1]) התעכבתי בעיירה לוקאטש, הרחו־קה 17 ווירסטאות מוולאדימיר, עיירה יהודית ישנה עם „שער" בנו אבנים, ועם חורבות של ארמון עתיק בבואי אל העיירה התבוננתי תיכף, כי מצב־הרוחות בה מדוכא, וכאלו מחכים לפוגרום. רוב החנויות היו סגורות, אבל החנונים עמדו לפני הפתחים עצובים ונכאי־רוח באמצע השוק עמדו קבוצות של יהודים ושוחחו בלחש בהסתכלם בכל רגע לצדדין. כי עבר איש את הרחוב הלך בחפזון, כאלו מיהר ללכת, כדי להודיע למי־שהוא איזו חדשה נכבדה.

לא ידעתי אל מי לפנות ואת מי לחקור ולדרוש ואך על העגלון להתייצב לפני הבית היותר גדול שבשוק. הבית היה יפה, אבל ריק למחצה, כאלו התחילו תושביו יוצאים ממנו. נשארו בו רק רהיטים וכלי־בית מעטים. עברתי חדרים אחדים, ולא מצאתי בהם כל נפש חיה. רק בחדר האחרון ראיתי יהודי זקן לבוש בגדי עניים, שהפקיד אותו בעל־הבית לשמור על כל אשר לו. בעל הבית אטלאס שמו, איש עשיר, לא היה בביתו, ובני משפחתו עזבו את העיירה. השומר שווארץ שמו, נבהל קצת מבקורי, אני הרגעתי את רוחו ובקשתי מאד, כי יקרא לכאן את בעל הבית, עד בואו ספר לי שווארץ מי ומה הוא.

1) ש. אנ־סקי משתמש בשם הרוסי של לודמיר: „וולאדימיר וולינסק".

אַרבעטער ניט. ביידע פאָרשטייער פון יידנראַט פלעגן צוזאָגן צו דערליידיקן.

גרינבערגס מוטער איז געווען זייער אַ פרומע און אַ ערלעכע פרוי, זענען צו איר באַקאַנטע און נאָענטע געלאָפן מיט געוויינען און בקשות, זי זאָל פועלן ביי איר זון פאַר זיי דעם לעבנסצעטל. זי האָט אַלעמען צוגעזאָגט, און געשאָקלט הכנעה׳דיק מיטן קאָפ: „מיינע טייערע קינדערלעך, איך וואָלט געוואָלט, אַז אַלע יידן זאָלן האָבן די צעטלען, און אַלע זאָלן לעבן און דערלעבן משיחן, איך וועל רעדן מיטן זון, איך וועל אים בעטן, גייט געזונטערהייט!"

אויך ביי פרוי קודיש זענען געלאָפן פיל מענטשן און געטראָגן מתנות פאָרויס, און נאַכהער געקומען מיט טרערן אין די אויגן, מען זאָל רחמנות האָבן אויף זיי, זיי זאָלן באַקומען דאָס גוטע צעטל.

זי האָט זיך געגוידערט און כמעט ווי זיך געבייזערט: „וואָס זאָל איך טאָן, מיין מאַן וואָלט געוואָלט פאַר אַלע מאַכן גוט, אָבער וואָס קען ער טאָן, ער האָט דאָך צו טאָן מיט דייטשן, שווער ביי זיי די צעטלען צו באַקומען, איך וועל אים זאָגן, פיליכט..."

עס האָט גערוישט און געקאָכט אין שטעטל ביי אונז, מענטשן האָבן זיך געלאָזט קאָסטן זייער גאַנץ פאַרמעגן אבי צו באַקומען דאָס לעבנס־צעטל, וואָס, ווי יעדער האָט גערעכנט, וועט אים פאַרזיכערן דאָס לעבן. ווי ס׳האָט זיך אָבער שפעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַ בלאָף, אַ טריק פון דייטשן אַרבעטס־אַמט מיטן געביטס־קאָמיסאַר, אָפצונאַרן די מענטשן, וואָס וואָלטן אפשר זיך געזוכט אַ באַהעלטעניש פאַרן שרעקלעכן מאָרגן.

עס האָבן ניט געהאָלפן די פיל בקשות פון יידנראַט וועגן פאַרלענגערן דעם טערמין פון איינשאַפן דעם געטאָ. שוין באַלד נאָך פורים האָבן יידישע אַרבעטער אַריינגעשטעלט סלופעס און געצויגן דראָטן לויט אָנווייזונגען פון אַ דייטשן אינזשינער — דאָס האָט מען געצוימט אַ געטאָ פאַר אונז.

דער געטאָ האָט זיך געצויגן פון סטרר׳ס יידישע גימנאַזיע דורך פאַרנע, פון די בנינים טוכשנידר־פערלמוטער־וואַקס־לימוניק־טעפער־ווינער, ביז באַן גאַס אַראָפ ביזן סמאָטש, נאָכדעם אַנטקעגן גראפס מיל ביז לעווינס בוים, לויצקער גאַס אַרויף אין שטאָט, ביז די גרויסע טורמע. און פון סאפיר, הינך אַרויף ביז דער פאָלקס־באַנק.

צוויי גרויסע טויערן זענען געמאַכט געוואָרן, איינער ביים פאָלקס־באַנק, און דער צווייטער אין לוצקער גאַס, לעבן לעווינס הויז.

דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געגעבן צוויי וואָכן צייט זיך אַריינצוקלייבן אין געטאָ, אין די פאַרשיידענע ערטער, וואָס דער יידנראַט האָט אָנגעוויזן.

אַזוי האָבן מיר באַקומען אויף פסח צוויי מתנות. דער געטאָ, און אַ באַפעל, אַז יעדער ייד, אָן אויסנאַם, מוז טראָגן צוויי געלע לאַטעס, קיילעכדיקע, איינע פון פאָרנט, און די צווייטע אויף דער פלייצע אין דער הויך. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל האָט געדראָט טויט־שטראָף.

אַן אויסנאַם האָט ער נאָר געמאַכט פאַר די, וואָס האָבן אַ פאַך־אויסווייז, זיי האָבן דאָס רעכט צייטווייליק צו בלייבן אויף די ערטער.

גאַנצע צוויי וואָכן האָבן זיך געצויגן בעלי־עגלות מיטן יידישן האָב און גוטס צו די קריסטלעכע שכנים, ווו זיי האָבן זייערע בעבעכעס באַהאַלטן אויף די בוידעמער, אין די שטאַלן. אין יעדער שטוב האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל מענטשן, ביז 12 אָדער 20, לויטן איינזען פון ספעציעלע מענטשן פון יידנראַט, וועלכע האָבן געמאָסטן יעדן צימער און עס געטיילט אויף 2 מעטער, וואָס יעדער מענטש האָט באַקומען.

און פונקט פסח איז דער געטאָ פאַרמאַכט געוואָרן אַרומגערינגלט מיט אוקריינער פאָליציי, וואָס האָט זיך יעדע צוויי שעה געביטן. פאַרלאָזן דעם געטאָ האָט געהאַט רעכט נאָר דער יעניקער, וואָס האָט געאַרבעט אויסרן געטאָ, לויט אַ ספעציעלער דערלויבניש פון דייטשן אַרבעטס־אַמט.

אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן די נויט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג, וואָס האָט געאַרבעט און געהונגערט. פאַר געלט האָט מען נאָך אַלץ געקראָגן; אָבער די מענטשן ביי וועמען דאָס געלט איז אויסגעגאַנגען, און זיי האָבן נישט אָפט געקענט טוישן ביי דער קריסטלעכער אָדער דאָרפישער באַפעלקערונג, זאַכן אויף מעל, קאַרטאָפל אָדער אַנדערע פראָדוקטן — זיי האָבן פיל געליטן.

נאָכן שליסן דעם געטאָ האָבן נאָר אַרבעטער, וואָס פלעגן אַרויסגיין אויסערן גאטאָ, נאָך געקענט טוישן זייערע זאַכן, אָבער דאָס אַריינברענגען עסנוואַרג אין געטאָ איז אָנגעקומען זייער שווער. די אוקריינישע פאָליציי האָט כמעט יעדערן באַזוכט ביים אַריינגאַנג, און דער, ביי וועמען מען האָט עפעס געכאַפט, און ער האָט זיך נישט געקענט אויסקויפן, איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער זשאַנדאַרמעריע. זיי פלעגן דעם אַריינגעפאַלענעם אַריינזעצן אין טורמע, און ערשט נאָך לענגערע אינטערווענצן פון יידנראַט פלעגט ער ווערן באַפרייט; אין פיל פאַלן פלעגט דער יידנראַט באַקומען אַן ענטפער, אַז דער וועמען זיי ווילן באַפרייען איז שוין נישטאָ, דערשאָסן געוואָרן.

אַזוי האָט זיך די לודמירער באַפעלקערונג געראַנגלט אין איר טאָג־טעגלעכן לעבן, די יידן זענען יעדן טאָג אַלץ מער פאַריאושט געוואָרן, פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן פון טאָג־טעגלעך שווערער אַרבעט און נישט זיכערן מאָרגן.

שווער האָבן די יידן געאַרבעט ביים ציען־קאַבעל, לענגאויס די גאַנצע פראָנט־ליניע. די עלטערע האָבן געאַרבעט ביי די ראָוועס, די יונגערע האָבן אויף זייערע אַקסלען דעם שווערן קאַבעל געצויגן, לענגאויס די ראָוועס, אונטער די אונטערגעלעגטע שיכטן ציגל, און דאַן האָבן די עלטערע די ראָוועס פאַרשאָטן.

די ספעציעלע דייטשע אינזשענירן מיט די אוקריינישע ספעציעלע שומרים, האָבן ביי דער אַרבעט מערדערלעך זיך נוקם געווען אין די יידישע אַרבעטער און זיי געצוווּנגען צו אַרבעטן אָן איבעררייס ביז אין דער פינצטערניש אַריין.

נאָך שבועות תש״ב האָט דער געביטס־קאָמיסאַר באַפוילן, אַז אַלע באַזיצער פון די פאַך־אויסווייזונגען זאָלן זיך אַריינקלייבן אין געטאָ אין זאַריטשע און וואָדאפוינע־גאַס, וואָס זענען ספעציעל פאַר זיי באַשטימט געוואָרן. דער יידנראַט האָט דאָ געהאַט דורכצופירן זייער אַ שווער שטיקל אַרבעט... נאָכדעם, ווי דער געביטס־קאָמיסאַר האָט באַשטימט די צוויי גרויסע גאַסן פאַר פאַך־מענטשן, האָבן זיך דאָרט

אַריינגעכאַפּט אויך ניט פאַך־באַזיצער, און די וואָס האָבן פריער דאָרטן געוווינט אָדער דאָרטן געהאַט אייגענע הייזער, האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייער ערטער. פאַר די פאַך־באַזיצער פון אויסערן געטאָ, איז ניט געווען קיין פּלאַץ וווהין אַריינצוגיין. מיט קריגערייען, מיט אייגענע יידישע פּאָליציי, ווי אויך מיט הילף פון זשאַנדאַרמעריע האָט מען די פּאַכלאָזע אַרויסגעוואָרפן פון די הייזער און מיט געוואַלט אַריבערגעפירט אין „טויטן געטאָ", ווי מען האָט עס שפּעטער גערופן. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז דער גליקלעכער, וואָס האָט באַזיצט אַ פאַך־אויסווייז, וועט ער מיט זיין משפחה בלייבן לעבן. ווייל צו וואָס דען מאַכט דער געביטס־קאָמיסאַר אַ ספּעציעלן געטאָ פון די פאַך־אויסווייזן?

פריווילעגירט זענען געווען די פאַרוואַלטונג פון יידנראַט מיט די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געמעגט וווינען אויסערן געטאָ, ווו זיי ווילן.

אין דעם אַזוי גערופענעם „לעבעדיקן געטאָ" איז געווען זייער ענג, ווייל כמעט אַלע גבירים, מיוחסים און סתם פּריווילעגירטע, (ווי אויך די אמתע פאַך־מענער), האָבן באַקומען דאָס לעבנס־צעטל און געוווינט אין איינע פון די צוויי גאַסן.

בכדי צו לאָזן זיך זען איינער מיטן צווייטן, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר דערלויבט צו עפענען צוויי טירלעך, איינס לעבן פנחסל ראָט, וואָס האָט געוווינט אין דער זייט, און דאָס צווייטע טירל, ביי חיים קאָפּ, וואָס האָט געוווינט אין דער צווייטער זייט. אין באַשטימטע שעהן זענען די טירלעך געווען אָפן און מען האָט געקענט זיך זען איינער מיטן צווייטן אַריבערגייענדיק פון איין טירל צום צווייטן דורכן וועג. נאָך די באַשטימטע שעהן זענען די טירלעך געשלאָסן געוואָרן פאַר די באַזוכער.

שווערע טעג און שלאָפלאָזע נעכט האָבן מיר איבערגעלעבט אין געטאָ.

צוליבן ענגשאַפט אין די וווינונגען האָבן זיך אָנגעהויבן קראַנקייטן, מען האָט פאַרנאָטירט פיל פאַלן פון טיפוס. צו דעם געביטס־קאָמיסאַר האָט נישט געטאָרט דערגיין, אַז אין געטאָ הערשט טיפוס. ער וואָלט פאַרמאַכט אין גאַנצן דעם געטאָ, וואָס וואָלט געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר אונז אַלעמען. ווען די אַרבעטער גייען נאָך אַרויס אַרבעטן אויסערן געטאָ, ברענגען זיי אַריין שפּייז, אָן דעם וואָלט געווען הונגער און נויט. די העברעאישע גימנאַזיע, וואָס איז געווען אין תחום פון געטאָ, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, ווו מיר האָבן געגעבן הילף פאַר קראַנקע אויף אונזערע אייגענע געלטער. אַ צווייטער פּונקט, פאַר שווער קראַנקע איז געשאַפן געוואָרן אין דער „תרבות"־שולע. פאַר דער מאַכט האָט דאָס געהייסן אַ קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט. אין דער אמתן איז עס געווען אַ שפּיטאָל פאַר שווער־קראַנקע. רפואות האָט דער יידנראַט געקויפט פאַר שווערע געלט און אָפט פאַר גאָלד, ביי די פּוילישע שפּעקולאַנטן, וואָס האָבן זיי געבראַכט פון וואַרשע אָדער פון אַנדערע שטעט.

די לוויות פון די טויטע פלעגן פאָרקומען אין דער שטיל. מען פלעגט דעם מת אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם אָן רעש און אָן געפּילדער, און נאָך טהרה שטיל באַגראָבן. שטיל און גיך פלעגט מען זיך אומקערן אין געטאָ. מיר האָבן מקנא געווען דעם טויטן, ער איז שוין זיינס איבערגעקומען, געשטאָרבן ביי זיך אויפן בעט, און צו קבר־ישראל געקומען. און וואָס וועט מיט אונז זיין? ווער ווייסט?...

נאָך דעם מת, זיצט מען נאָך שבעה, מען זאָגט קדיש אין דער שטיל, ביי פאַרמאַכטע לאָדנס, אָבער ווער וועט קדיש זאָגן נאָך אונז. מיר האָבן געפילט, אַז עס וועט אונז ניט אויסמיידן. דער הימל, וואָס איז געווען אַזוי ליכטיק פאַר דער וועלט, איז פאַר אונז אַזוי שוואַרץ. די לופט ענג, דושנע, יעדער איז אומגעגאַנגען מיט פאַרשיידענע מחשבות; אין די שטיבער זענען געזעסן די פּאָליטיק־פירער און אויסגעטייטשט די ווינציקע ידיעות, וואָס פלעגן אָנקומען אין געטאָ פון פראָנט, די נצחונות פון אונזער שונא, די שלאַכטן פון די נאַציעס אין רוסלאַנד, זייער אַריינציען זיך אין טיפן רוסלאַנד. דאָרט וועט דער דייטש סוף כל סוף באַקומען זיין מפלה: ער וועט רוסלאַנד ניט איינגעמען — האָבן געטענט די פּאָליטיקער אונזערע — אָבער ס'איז נאָך אַ ביסל צו פרי צו רעדן דערפון, מיר זענען דערווייל ביי אים אין האַנט, און ער קען מיט אונז טאָן, וואָס ער וויל. ווער ווייס צו מיר וועלן נאָך דערלעבן.

אַזוי זענען די עלטערע יידן געזעסן און פּאָליטיקירט און נישט פאָרויסגעזען אַזוי גיך אונזער חורבן, ווי עס ווערט צוגעגרייט אַ פּלאַן פאַר אונזער פאַרניכטונג.

טאָג־טעגלעך האָבן זיך ביי דער גרויסער שול אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס, קולות געוויינען פון מאַמעס, טאַטעס, וואָס מען פלעגט שיקן זייערע קינדער צו די שווערסטע אַרבעטן. מען פלעגט אַהיים קומען קאַליקעס, מיט אָפּגעהאַקטע לונגען פון שלאָגן, און אָפט אינגאַנצן ניט צוריקקומען. פאַר נישט אויספירן די באַפעלן פון די שטורמיסטן פלעגט מען דערשאָסן ווערן.

די שטורמיסטן פלעגן מערדערלעך שלאָגן.

אַמבעסטן איז געווען צו אַרבעטן ביי ווינער דייטשן, ביי עלטערע דייטשן, וואָס זענען נישט דערצויגן געוואָרן אין היטלער־גייסט און פלעגן נאָר טענהן, אַז עס איז קריג און אַלע מוזן מיטאַרבעטן. זיי פלעגן מורא האָבן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, ווייל זיי האָבן געקענט דערפאַר באַצאָלן מיטן קאָפּ. נאָר שטילערהייט פלעגן זיי אַמאָל אויפן אויער זאָגן: היטלער קאַפּוט, מיר האָבן דעם קריג פאַרשפּילט, ווייל מיר האָבן אָנגעהויבן מיט רוסלאַנד. און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געלאָזט די קויקלען רויך פון זייער ליולקע.

יעדן טאָג, יעדע וואָך און מאָנאַט איז אַלץ שווערער און ענגער געוואָרן דער מצב אין געטאָ. די שווערע אַרבעטסטעג, די פאַרשיידענע טויט־פאַלן יעדן טאָג, די בשורות פון אַרום און אַרום, וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן, דאָס אַלץ האָט אַלץ מער געפּרעסט די לופט אַרום אונז. וואָס אַ טאָג ווייטער זענען די מענטשן אַלץ שוואַכער געוואָרן. מענטשן פלעגן כּמעט שטוב אויספאַרקויפן אַלץ, פאַר אַ ביסל מעל, קאַשע א. א.

עס איז געוואָרן אַלץ שווערער דאָס אַריינברענגען עסנוואַרג אין געטאָ. און דער יידנראַט האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן, ווייל יעדן מאָל האָט מען געדאַרפט געבן גאָלד און אַנדערע שיינע מתנות פאַר דעם געביטס־קאָמיסאַרס ליבהאָבערין „אַננע", וואָס איז געווען אַ סאַדיסטין און האָט כסדר געשריען: „ווען מען צאַפּט דאָס בלוט פון יידן אויס דאַן שטיי איך און זינג מיך אויס". זי האָט יעדן מאָל געפּאָ־

דערט אַלץ מער און מער, און ווו זענען די איבעריקע מלאכי־חבלים, דער שטעלפאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר קרויזע, און די זשאַנדאַרמעריע — אַלע האָבן געגומען. דער יידנראַט האָט מיט אַלע כוחות צופרידן געשטעלט זיי און אָפּגעשלעפּט און אָפּגעשלעפּט דאָס, וואָס מען האָט מורא געהאַט אויסצוריידן.

עס האָט אָבער וויִזט אויס גאָרנישט געהאָלפן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער געביטס־קאָמיסאַר באַפוילן אָפּפירן אַלע אַרבעטער פון זייערע פלעצער בכדי צו גיין גראָבן עטלעכע גרויסע גריבער אונטערן שטאָט, אין פיעטידין, פאַר לופט־שוץ. ער האָט איינגערעדט דעם יידנראַט, אַז די גריבער גראָבט מען פאַר לופט־שוץ! מען גרייט אַ באַזע אונטער אַ קאָנטראָלע פון דער דייטשער מאַכט.

עס זענען צו דער אַרבעט מאָביליזירט געוואָרן אַלט און יונג, ביזן עלטער פון 55 יאָר, אָן שום טענות און מענות. עס זענען לויט אַ געוויסער ריי געגאַנגען צו אַרבעט דאָקטוירים און אַנדערע פריווילעגירטע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי פאַרשיידענע פאָסטנס. און יעדן פרימאָרגן, לענג אויס דעם שאָסיי לעבן דער שול, האָבן אַלע אַרבעטער געמוזט זיין 6 פרי אויפן פלאַץ. און דער געביטס־קאָמיסאַר ימח שמו, מיט זיין שטעקל אין האַנט פלעגט יעדן פרימאָרגן דורכגיין לענג אויס, יעדן באַטראַכטן, געציילט צו עס איז דאָ די צאָל אַרבעטער, מיט די לאָפּאַטעס אויף די פלייצעס. מען איז געגאַנגען יעדן טאָג 7 קילאָמעטער אַהין און צוריק, אַהיימגעקומען שוין אין דער פינצטער, אָפּגעגעסן דאָס ביסל געקעכץ און אַוועקגעפאַלן מידע אויפן בעט, נישט האָבנדיק קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן, אַרומזען זיך וואָס עס טוט זיך, ווייל מאָרגן האָט מען געמוזט ווידער אויפשטיין פאַרטאָג צו דער אַרבעט. צוויי מאָל אין וואָך האָט דער געביטס־קאָמיסאַר צוגעשיקט פלייש פאַר די אַרבעטער. דאָס האָט אַפילו אַרויסגערופן אַ חשד, וואָס עפּעס איז ער געוואָרן אַזוי גוט, „אונזער פאַרזאָרגער". מענטשן אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן מורמלען!

ער האָט אונז גוט פאַרדרייט דעם קאָפּ, דער געביטס־קאָמיסאַר, אָבער מיר האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. אונזערע שטענדיקע שכנים, די אוקראַינער, זענען יעצט געוואָרן אונזערע גרעסטע שונאים. ווי נאָר אַ ייד האָט אַרויסגעטראָטן אַ פוס אויסערן געטאָ, האָבן די פאָליאַקן אים נישט אַריינגעלאָזט, און די אוקרײַנער האָבן אים געהרגעט אָדער איבערגעגעבן דער פאָליציי.

פאַר אונז איז שוין געווען אַלץ איינס. די וועלט איז גרויס, אָבער פאַר אונז איז ענג, פאַר אונז איז קיין אָרט נישטאָ. מיט יעדן טאָג האָט אין געטאָ אַלץ מער זיך געפילט דער פחד פאַרן מאָרגן. מענטשן האָבן מורא געהאַט צו שלאָפן, מענטשן זענען געלאָפן שלאָפן אין דעם „לעבעדיקן געטאָ", ווו מען האָט געמיינט, אַז דאָ איז זיכערער. ביים באַקומען די פאַך־אויסווייזונגען האָבן זיך אָפּגעשפּילט לעצטנס געפערלעכע סצענעס, און מען האָט אָנגעהויבן צו לויפן אין „לעבעדיקן געטאָ", ווו ס'איז געוואָרן געפערלעך ענג, מען האָט זיך אויפגעבויט צייטווייליקע צימער־וווינונגען, אַבי צו בלייבן נעכטיקן דאָ אין דעם געטאָ. מען האָט געפילט, אַז עס הענגט איבער אונז די גזירה פון פאַרניכטונג, אַז דער יום־הדין, דער פענצטערער טאָג וועט קומען. דער יידנראַט האָט טאָג־טעגלעך זיך געטראָפן מיטן געביטס־קאָמיסאַר. באַרגמאַן שמחה'לע האָט אויסגעזוכט די בעסטע בריליאַנטן און עס אים אונטערגעטראָגן, און ווי עס איז, געוואָלט אָפּשלעפּן די ווילדסטע גזירה, וואָס עס הענגט איבער אונזער קאָפּ, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

31/8 1942

מאָנטיק פאַרנאַכט, ווען די יידן זענען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, וואַרפנדיק די לאָפּאַטעס פאַרן טויער פון געטאָ, האָט מען געמורמלט צווישן זיך, אַז דער טאָג איז געקומען. מאָרגן ריכט מען זיך אויף עפּעס. פון וואַנעט ווייס מען דאָס — קיינער ווייס ניט, נאָר מען רעדט. און איידער עס איז פאַרמאַכט געוואָרן די טירלעך פון איין געטאָ צום צווייטן האָבן הונדערטער יידן געשטראָמט אין „לעבעדיקן געטאָ", גלייך ווי דאָרט וועט זיין די רעטונג.

דער געביטס־קאָמיסאַר האָט דורכגעשפּאַצירט מיט זיין געליבטע אַננאַ, אויף די צוויי שיינע פערדלעך דורך אונזער געטאָ און פאַרן טויער געשמייכלט צום יידישן פאָליציאַנט, און געפרעגט אים, וואָס הערט זיך? — „האָט נישט קיין אַנגסט, אַלץ אין אָרדנונג" — גיט ער צו, און פאָרט ווייטער.

די נאַכט איז קיינער אין געטאָ נישט געשלאָפן. יעדער האָט זיך ווי געריכט אויפן שרעקלעכן טאָג.

פונקט 2 אַ זייגער ביינאַכט איז דער געטאָ שטאַרק באַוואַכט געוואָרן, און אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט אוקרײַנישער פאָליציי. אַ שטילקייט האָט געהערשט אין געטאָ.

שוין פון נעכטן פרי האָט מען פון אַרומיקע דערפער געבראַכט אַלע יידן אין שטאָט אַריין אין דער גרויסער שול, מיט אַלע זייערע זאַכן, וואָס זיי האָבן מיטגענומען. פון אַלע זייטן זענען געקומען פויערישע פורלעך מיט די יידישע פאַמיליעס, אונטער אַן אוקרײַנישער וואַך, צוגעפאָרן צום שול, און זיי דאָרט אַריינגעוואָרפן. דאָס האָט געמאַכט אַ פאַניק אין געטאָ, ווו מען האָט זיך געריכט אויף עפּעס.

פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ שיסעריי, דאָס רייסט זיך ווער פון די דראָטן אַרויס, די פאָליציי שיסט און לאָזט ניט צוגיין צו די דראָטן. פון צייט צו צייט האָט מען געזען אין געטאָ עמעצן דורכלויפן, דאָס איז איינער געלאָפן צום שכן, ווו עס איז געווען צוגעגרייט אַ שטיקל באַהעלטעניש.

און באַלד פאַרטאָג, דינסטיק 6 פרי, האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן. מיט אַ געשריי „הוראַ" האָבן זיך אין געטאָ אַריינגעריסן די אוקרײַנישע פאָליציי, מיט די זשאַנדאַרמעריע פון לודמיר און פון לוצק, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן די מענטשן פון די הייזער. זיי פאַרזאַמלט אונטער אַ שטרענגער וואַך לעבן טויער פון געטאָ, וואָס איז לעבן פאָלקס־באַנק, און מיט ספּעציעלע לאַסט־אויטאָמאָבילן געפירט די יידישע טעכטער, זין און קינדער קיין פיעטידין צו דער שחיטה. זיי האָבן קיין פיל יידן אויף אַן אָרט נישט אָנגעזאַמלט, נאָר זיי גלייך אָפּגעפירט, מורא האָבנדיק פאַר אַן אויפשטאַנד. יעדער איינער איז געווען באַהאַלטן, אַזוי אַז איינער האָט פון צווייטן נישט

געוווסט, און געהאָפט אַז מען וועט זיין נאָענטן נישט אויסגעפינען. יעדער האָט געהאָפט, אַז דער טאָג וועט איבערגיין, און אפשר איז דאָס געווען די סיבה, וואָס עס האָט נישט געקענט קומען צו קיין אויפשטאַנד.

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אין „טויטן געטאָ", ווי מיר האָבן עס גערופן, און אין „לעבעדיקן געטאָ" איז געווען רואיק, אָרומגערינגלט מיט פּאָליציי, קיינעם פון דאָרט נישט אַרויסגעלאָזט, און ניט אַריינגעלאָזט, און קיינעם צו דער אַרבעט דעם טאָג נישט גענומען.

איך בין געשטאַנען אין דער הויך, אין אַ בוידעם־שטיבל אין „לעבעדיקן געטאָ" און מיך צוגעקוקט ווי עס לויפן די מאַשינעס אויפן שאָסיי פון געטאָ אַרויס, אָנגעפילט מיט מענטשן וואָס מען פירט צום טויט. איך האָב די אייגענע אויגן נישט געגלויבט, און נישט געקענט באַגרייפן, אַז עס איז טאַקע ריכטיק, האָט זיך שוין טאַקע אָנגעהויבן דער ווייסטער טאָג, דער טאָג, וואָס מיר האָבן זיך געריכט יעדן טאָג, אָבער דאָך נישט געגלויבט, אַז ער וועט קומען?

און דאָ וואָס וועט זיין? וועט מען טאַקע דעם „לעבעדיקן געטאָ" איבערלאָזן? וועט דאָ קיין שום שלעכטס נישט געשען? פאַרוואָס האָט דער יידנראַט נישט געזען, אַז מען זאָל דאָ מער מענטשן אַריינלאָזן? פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן זיך געמישט אין קאָפּ, און מען האָט נישט געקענט בשום אופן פאַרשטיין, וואָס הייסט, מען פירט אומשולדיקע מענטשן און מען שיסט זיי אויס?

שפּעטער זע איך, ווי אין אונזער געטאָ לויפט אַריין אַ מאַשין פול מיט בגדים, און פאַרקירעוועט אין דער ריכטונג פון דער רויטער שולע, ניט ווייט פון מיר. וואָס קען דאָ זיין? איך הער געשרייען, געוואַלדן, שנעלער! שנעלער!. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, האָט מען דאָ אין דער גרויסער געביידע געבראַכט די מלבושים פון די קדושים, וואָס האָבן זיך געמוזט פאַרן טויט אויסטאָן נאַקעט. יידן האָבן געמוזט די זאַכן אַרויסטראָגן פון מאַשין אין דער געביידע. דער אויטאָ לויפט ווידער, אַרויסנעמען פרישע קרבנות צום טויט פון צווייטן געטאָ.

איך האָב אינגאַנצן געציטערט. עס איז שוין 12 אַ זייגער בייטאָג. ביי אונז איז שטיל; וועט טאַקע דער געטאָ אויסמיידן דעם חורבן?

פונקט האַלב איינס בייטאָג זע איך פון ווייטן אַ גרופּע אוקריינישע פּאָליציי בראש מיט געשטאַפּאָ, גייען אין דער ריכטונג פון אונזער געטאָ. עס עפענען זיך די טויערן פון געטאָ, און מיט אַן אויסגעשריי „הוראַ" לאָזן זיי זיך אין אַלע זייטן נאָך זייער רויב. באַלד זע איך ווי מען פירט מענטשן, ווי מען זאַמלט זיי גרופּעסווייז און מען פירט זיי אַרויס פון געטאָ.

ווי איך בין שפּעטער געוויר געוואָרן, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר זיך געאַמפּערט מיט דער געשטאַפּאָ: ער האָט געוואָלט נאָך איבערלאָזן דעם „לעבעדיקן געטאָ", פון וואַנעט ער האָט געשלעפּט פיל גאָלד און בריליאַנטן, אָבער די געשטאַפּאָ האָט נישט דערלויבט, ווייל צופיל יידן זענען געווען אין דעם געטאָ. און נאָך אונטערהאַנדלונגען, האָט זיך אַרום איינס אַ זייגער, אויך ביי אונז אין געטאָ אָנגעהויבן די שרעקלעכע שחיטה.

לאַנג טראַכטן איצט איז קיין צייט נישטאָ. כ'לויף אַראָפּ פון די שטיגן, און באַהאַלט זיך אין דער צוגעגרייטער מאַלינע, וווּ מיין משפּחה געפינט זיך שוין פון גאַנץ פרי.

און באַלד איז די טיר אויפגעריסן געוואָרן, און זשאַנדאַרמען מיט די ווילדע אוקריינישע באַנדעס רייסן זיך אַריין. עס הערן זיך געוואַלדן, געשרייען, געוויינען, שווערע טריט איבער אונזערע קעפּ. און באַלד ווידער שטיל, ווייזט אויס: אַרויסגענומען די שכנים פון דער צווייטער זייט. מיר ליגן און אָטעמען שווער, עס פעלט אונז לופט. ווידער הערן מיר טריט און קולות פון דער זשאַנדאַרמעריע: גוט אונטערזוכן! מיר האַלטן איין דעם אָטעם, און מיר הערן די זידלערייען פון די אוקריינער אויף אונזער חשבון. זיי רוקן די מעבל, האַקן און — גייען אַוועק מיט אַ קללה אויף די ליפּן.

ביינאַכט כאַפּ איך זיך אַרויס ברענגען אַן עמער וואַסער אין גרוב אַריין און פּאַמעלעך פאַרמאַך איך זיך צוריק. עס הערן זיך שיסערייען קולות, געוואַלדן, געשרייען, געוויינען פון פרויען, וואָס שניידט דאָס האַרץ.

אַזוי זענען מיר געלעגן ביז מיטוואָך, אין אָוונט, ווען מיר האָבן אין גרוב דערפילט עפּעס אַ שטאַרקן רויך. איך עפן דאָס טירל, און פלאַמען רייסן זיך אַריין מיט רויך. עס ברענט, שריי איך אויס, קומט, מיר מוזן אַנטלויפן!. איך כאַפּ דאָס קינד אויף דער האַנט, לויף אַרויס פון שטוב. עס איז ליכטיק אַרום און אַרום. איך טראַכט נישט לאַנג, און לאָז זיך לויפן אין דער ריכטונג צו דער רויטער שולע. פון דאָרט — צו די דראָטן. שפּרינג אַריבער אין דער צווייטער זייט, לעבן ד"ר פּיאַטעצקעס הויז, און לעג זיך אַוועק אין גאָרטן.

אוקריינער לויפן אַרום, שיסן אין דער לופטן, שרייען. די פלאַמען ווערן אַלע מאָל אַלץ גרעסער. עס ברענען עטלעכע הייזער. עס שאַדט ניט, דער גאַנצער געטאָ קען ברענען, זאָל דאָס יידיש גוטס פאַרברענט ווערן איידער אַריינפאַלן אין זייערע הענט.

איך לויף ווייטער. מיין געדאַנק איז אַרויסרייסן זיך אויסערן שטאָט, אָבער אין שטאָט דרייען זיך אַרום פיל פּאָליציי, דאָרט ווערט מען אויך געכאַפּט און אָפּגעפירט אין תפיסה. דאָס קינד וואָס איך האַלט, גיט מיר נישט די מעגלעכקייט צו לויפן, און איך ווער מיטוואָך אַרום איינס ביינאַכט געבראַכט אין תפיסה.

די תפיסה איז באַלויכטן אַרום און אַרום. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך דאָ, כאָטש איך האָב אַלע מיינע יאָרן געלעבט נישט ווייט פון דער תפיסה. מען פירט אונז דורך דער פאָלקס־באַנק, ווו עס הערן זיך קלאַנגען פון מוזיק. איך גיב אַ בליק: פיל דייטשע אָפיצירן טאַנצן. פיל זיצן אַרום די טישלעך, און ליידיקע פלעשער פון וויין און ביר אויף זיי. אַך, ווי אומגליקלעך מיר זענען, פאַרוואָס קומט עס אונז? — טאָרן מיר ניט לעבן גלייך מיט אַנדערע?

— דאַוואַי! דאַוואַי! זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! — הער איך קולות. און מיט פריקלאַדן פון ביקסן כאַפּ איך איבער ד'ער פּלייצע, בכדי איך זאָל גיכער גיין.

ביים טויער פון דער תפיסה ווערן מיר באַזוכט. מען נעמט אַלץ צו ביי אונז, און מען פירט אונז ווייטער.

אין תפיסה רודערט זיך. די פּאָליציי לויפט אַרום, ווי הויפּט־מחותנים פון אַ חתונה. אָט זע איך צוויי היימישע ערלים.

איצט פּאָליצײ־לײט, וואָס האָבן שוין זײט יאָרן אױסגעקוקט אויף אַזאַ חתונה פון קענען באַראַבעווען און נוקם זײַן זיך אַן אונז. זײ פלעגן ווינטער פירן האָלץ פון די וואַגאָנעס, און דערבײ אַ העלפט צוגעגנבעט. יעצט שטײען זײ און קוועלן, ווי די יידן ווערן געברענגט צום טויט.

מען פירט אונז ווייטער, אויף שטיגן, עס עפנט זיך אַ שווערע טיר, און מען וואַרפט אונז אַריין.

אין צימער איז פול מענטשן, וואָס זיצן אויף דער ערד און קלאָגן און ווײנען — פרויען מיט פּיצלעך קינדער. די קינדער ווײנען, ווילן עסן. דאָס קינד וויל שלאָפן, די מאַמע אויף דער שויס וויגט עס איין.

— אַ גרויסער אומגליק האָט אונז געטראָפן — קלאָגט אַ פרוי מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט — אַלע יאָרן געהאַרעוועט, קוים דערלעבט חתונה צו האָבן, אַזאַ טייערן מאַן גענומען, ערשט צוויי יאָר פון אונזער חתונה, און דאָ אַזאַ חורבן, אַזאַ חורבן.

— וואָס קען מען מאַכן? גאָטס צאָרן אויף אונז אויסגעגאָסן, אַלץ איז מן השמים — רופט זיך אָפּ אַ ייד פון אַ ווינקל — מיר האָבן געזינדיקט, מיר האָבן אַן גאָט פאַרגעסן — מיר דאַרפן אַלץ נעמען באהבה, אַלץ איז מן השמים!

זונטיק 6/9 1942.

דער זעקסטער טאָג פון פּאָגראָם. מיר, דאָס ביסל איבערגעבליבענע אין הויף פון טורמע. מען האָט דעם רו־טאָג קיין שום „טויט אורטיילן" נישט אויסגעפירט, אָבער דערפאַר זענען פיל נאַציס פון זשאַנדאַרמעריע און הויכע באַאַמטע געקומען זיך אַ שפּיל טאָן מיט די יידן. זיי זענען געשטאַנען און געשעפּט נחת פון דער אוקראַינער פּאָליציי, וואָס האָבן אונז געפּייניקט. דער טורמע־קיכער וואָס גיט עסן פאַר די אַרעסטירטע ניט־יידן, וואָס זיצן אין די פאַרשיידענע צעלעס, פלעגט אָפּגיסן אינגאַנצן די יעניקע וואָס פלעגן ביי אים בעטן אַ טרונק, וואַרפנדיק דערביי דעם ליידיקן עמער צווישן די פרויען.

צווישן די הויכע לייט ווערט אַ געלעכטער, זיי קוועלן פון דער חכמה פון קיכער, וואָס האָט מיטן קעסל דערלאַנגט אין קאָפּ פון אַ קינד, וועלכעס ווײנט פאַר ווייטיק. און אַלע ווײנען מיט. ווען איינער פון אונז מאַכט אַ באַמערקונג פאַר־וואָס מער דערלויבט דעם קיכער זיך אַזוי נוקם זיין אויף הילפלאָזע, האָט מען דעם פרעגער געשלאָגן מיט די ביקסן ביז טויט. ער האָט זיך געדרייט אין דרייען פאַר ווייטיק, געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט און געשוויגן, שטיל געקרעכצט און ווי געגערעדט צו זיך אַליין: נקמה! מען האָט אים אַוועקגעלייגט אַ פאַרחלשטן אין אַ ווינקל, וווּ ער האָט זיך עטלעכע שעה געמאַטערט ביז ער האָט אויסגעהויכט די נשמה.

איך האָב געטראַכט: צו וואָס בין איך געבליבן לעבן. דאָס אַלץ צוזען און נישט קענען עס פאַר קיינעם דערציילן. דער טויט וועט דאָך מיר נישט מיידן; איך האָב ניט קיין האָפענונג פון טורמע צו אַנטלויפן, איז שוין נישט גלייכער שוין פון נעכטן צו ליגן מיט אַלע מיינע ברידער צוזאַמען, און נישט דאַרפן זיך צוקוקן ווי מען פּייניקט אונז.

די אייזערנע טורמע־טירן עפענען זיך ניט. זיי עפענען זיך נאָר דאַן, ווען מען וואַרפט אַריין פרישע קרבנות, דער־שראָקענע פּנימער, אויסגעהונגערטע מענער און פרויען מיט

קליינע קינדער, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון זייער באַהעלטעניש.

טרערן שטיקן מיר אין האַלדז, צוקוקנדיק ווי די קליינע קינדערלעך בעטן אַ שטיקל ברויט, אַ ביסעלע וואַסער ביי זייערע מוטערס, און פרעגן ווען וועלן זיי גיין אַהיים. און די מאַמעס באַרויקן זיי מיט אַ קוש.

צווישן די פריש אָנגעקומענע דערקען איך אַ בחור אַ שכן פון מיינע עלטערן. ער גיט מיר איבער די טרויעריקע בשורה, אַז נאָך דעם ערשטן טאָג, זונטאָג, האָט מען זיי אַלע־מען צוגענומען קיין פּיאַטידין. באַלד אין דער פרי, ווי נאָר מען האָט אָנגעהויבן פירן צום שיסן, האָט ער זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אין אַ קעלער, ביים פּאָטר אין הויז. ביז נאָך מיטאָג זענען זיי דאָרטן געלעגן. אָבער מיין שוועסטערס קינד האָט געוויינט, האָט מען זיי אַנטדעקט און אַלעמען אַרויסגענומען. אים איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך אונטערן בעט אַרויפוואַרפנדיק אויף זיך קישנס, בעטגעוואַנט און אַלטע שטוב־חפצים. און נאָכהער האָט ער זיך באַהאַלטן אין פאַרשיידענע באַהעלטענישן. ביינאַכט איז אים געלונגען אַרויסגיין אויסרן געטאָ און זיך באַהאַלטן עטלעכע טעג אויפן בית־עולם צווישן די מצבות.

היינט האָט מען דעם גאַנצן בית־עולם אַרומגערינגלט און אים געפונען און געבראַכט אַהער. שיסט מען טאָקע אַלע אויס? לאָזט מען נישט איבער קיין יונגע צו אַרבעט? פרעגט ער מיך און ציטערט אין גאַנצן פון קעלט. איך ווייס ניט — ענטפער איך אים — איך בין אויך היינט דעם ערשטן טאָג דאָ, וויל איך אים באַרויקן, און נישט געוואָלט אויפדעקן אים דעם גאַנצן ביטערן אמת.

ערשט איצט בין איך אַוועק אין אַ ווינקל און זיך צע־וויינט. יאָ, איך האָב שוין נישט קיינעם, אַליין, איינער אַליין בין איך געבליבן, מיינע טייערע עלטערן, מיין איינציקע שוועסטער מיט איר מאַן און צוויי קינדערלעך, מיט מיין טייערן זיידן, וואָס שטייט מיר פאַר די אויגן. מיט זיין שניי־ווייסער באָרד, מילדע אויגן, שוואַרצע קאַפּאָטע און זיידענעם שוואַרצן היטל, פלעגט ער קומען צו מיר אין מיין שטוב און שפּילן זיך מיט די קינדער, אפּלערנען אַ פּרשה חומש מיט מיין זון. פלעגט זיך קלאָגן פאַר מיר, וואָס וועט זיין אין די וויסטע מלחמה־טעג מיט די קינדער, נישט לערנען, נישט שרייבן, וועלן זיי פאַרגעסן וואָס זיי האָבן געלערנט, און טרערן זענען אים דערביי אין די אויגן געשטאַנען. יאָ, האַר־ציק איז ער געווען, האָט אַלץ מיטגעפילט, אָבער ווייניק אויסגערעדט. און היינט איז שוין דער זעקסטער טאָג, ווי ער מיט מיינע עלטערן, שוועסטער און קינדער ליגן דער־שאָסן צוזאַמען מיט אונזערע ברידער אין גרויסן קבר־גרוב, וואָס מיר האָבן פאַר זיך אַליין געגראָבן. עס איז געווען כדאי צו פּייניקן זיך, דאָ די עטלעכע טעג: אַ קדיש וועט זייער עלטסטער זון און עלטסטער אייניקל זאָגן נאָך זייער טויט, אויפן פרישן קבר, דאָרט. איך וועל זאָגן און שטאַרבן, וויל מאָרגן וועל איך דערשאָסן ווערן. עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז שוין מאָרגן וועל איך נישט לעבן, ניין איך מוז אַנטלויפן — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק — איך מוז נאָך נקמה נעמען פאַר מיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער פאַר דאָס אומשול־דיק פאַרגאָסענע בלוט.

די טורמע איז אין אַ טאָל. אַרום אַ גרויסער באַרג מיט עלעקטרישע דראָטן און אַ גרויסע וואַך אַרום און אַרום. עס איז אוממעגלעך עפּעס צו טאָן — כ׳נעם אָן אַ באַשלוס, אַז מען וועט אונז פירן קיין פּיעטידין, דאַן וועל איך פון אויטאָ שפּרינגען. דער טויט איז דער זעלבער. איך וועל אַנטלויפן, אויב עס וועט מיר געלונגען, אָדער דערהרגעט ווערן פון אַ נאַצישער קויל, אָבער גוטוויליק זיך אַוועקלייגן אין גרוב מיטן פּנים אַראָפּ אויף די פריש דערשאָסענע קערפּערס — וועל איך נישט.

מיר רעדן זיך אָפּ עטלעכע חברים האַלטן זיך צוזאַמען, און ווי מיר וועלן נאָר פאָרן, אַראָפּוואַרפן די פיר אוקראַינישע פּאָליציי־לייט, וואָס וועלן אונז פירן און אַנטלויפן.

היינט האָט מען אין טורמע־הויף קיין פרישן גרוב נישט געגראָבן, און ווי יעדן פאַרנאַכט טרייבט מען אונז אַריין אין תפיסה־צימער אין דער הויך, ווו ביי די זייטן פון די שטיגן שטייען צוויי שומרים מיט גומענע שטעקלעך און גיבן יעדן איבערן קאָפּ. איך ווייס שוין אַלץ, איך בין שוין פון די אַלטע — שוין היינט דעם פערטן טאָג אין טורמע, איך בויג זיך אַראָפּ, כאַפּ אַוועק דעם קאָפּ און שלוידער זיך אַריין אין צימער.

מיר דאַווענען מנחה און מעריב, און איך זאָג היינט אפשר דעם לעצטן קדיש נאָך מיינע ליבע עלטערן, טייערן זיידן, אונזער שוועסטער און טייערע קינדער. טרערן שטייען מיר אין האַלדז זאָגנדיק קדיש. איך שרייב אויף דער וואַנט מיט גרויסע אותיות: נקמה! פאַר מיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער! אַ טויט די נאַציס, אַ טויט די אוקראַינער!

אין אַ שוואַרצער ראַם שרייב איך אָן אויף דער וואַנט אויסרעכנדיק אַלע נעמען פון מיין גרויסער משפּחה, וואָס זענען טראַגיש אומגעקומען דינסטאָג י״ט אלול תש״ב.

די טיר פון טורמע־צימער האָט זיך יעדע ווײַלע געעפנט און נייע קרבנות זענען געוואָרן אַריינגעשלײדערט. זיי האָבן איבערגעגעבן ווי אַזוי די אוקראַינישע פּאָליציי האָט זיי געפּייניקט, זייערע דירות אונטערגעצונדן. אַנטלויפנדיק זענען זיי תיכף געכאַפּט געוואָרן. זיי האָבן אַלץ די אוקראַינער אָפּגעגעבן און געבעטן זיך מען זאָל זיי לאָזן אַנטלויפן. דערויף האָבן די אוקראַינער אויסגעשאָסן אין דער לופטן און זיי מערדערלעך געשלאָגן.

דער דורשט ווערט שטאַרק. מען קלאַפּט אין טיר און שרייט צום שומר ער זאָל ברענגען אַ קאַפּעלע וואַסער, מיר גייען אויס פאַר אַ טרונק! עס עפנט זיך די טיר, דער שומר שטעקט אַריין זיין קאָפּ, און הערנדיק, אַז מיר בעטן וואַסער, שרייט דער שומר אויס אויפן קול: וואַסער ווילט איר, סם קען איך אייך געבן, פאַרשיווע זשידעס, גענוג אונזער בלוט געצאַפּט די לעצטע יאָרן, איצט איז אונזער צייט געקומען און אייער אונטערגאַנג. די טיר ווערט ווידער פאַרקלאַפּט. אומזיסט איז געווען אונזער ביטע ער זאָל רחמנות האָבן אויף די קליינע קינדער. דאַן האָט איינער פון אונז אויסגערופן: ווער פון אייך האָט גאָלד אָדער עפּעס אַנדערע ווערטפולע זאַכן. מיר גייען דאָך מאָרגן שטאַרבן, מיר דאַרפן שוין גאָרנישט, לאָמיר אים עס אַוועקגעבן וועט ער ברענגען וואַסער. ס׳איז באַלד געזאַמלט געוואָרן אַ ביסל גאָלד און עטלעכע היפּשע גאָלדענע פינפערלעך. און פאַר דעם האָט אונז

דער שומר געבראַכט צוויי גרויסע עמער וואַסער, מיט וועלכע מיר האָבן מחיה געווען די קינדער.

פאַרטאָג, ביי די ערשטע שטראַלן וואָס האָבן דורכגעשיינט דורכן קליינעם טורמע־פענצטערל, האָבן מיר געדאַוונט שחרית און אַלע ווי איינער האָבן קדיש געזאָגט. דער דיין פון שטאָט, וועלכן מען האָט היינטיקע נאַכט אַהער געבראַכט, האָט מיט טרערן געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים און געבעטן אַז דער רבונו של עולם זאָל צוהערן זיין געוויין.

מיר געפינען זיך ווידער אין הויף פון טורמע. די פרויען מיט די קינדער אין איין זייט און מיר אין דער צווייטער זייט. פיל זשאַנדאַרמען דרייען זיך אַרום מיט די אייזערנע קאַסקעס אויף די קעפּ, באַפוילן, שרייען, לויפן אַרום, אַרויס, ווי זיי וואָלטן עפּעס אַ הייליקע זאַך געטאָן.

קיין גריבער אין טורמע גראָבט מען נישט, און מיר ווייסן נישט וואָס דאָס דאַרף באַדייטן. פילייכט איז דער פּאָגראָם אָפּגעשטעלט געוואָרן, און מיר וועלן היינט באַפרייט ווערן. יעדער זאָגט זיך זיין השערה. מיר זעען אָבער, אַז יעדע ווײַלע ברענגט מען אַריין נייע קרבנות. ווי זיי גיבן איבער, זעט אין געטאָ אויס שרעקלעך. טיר און טויער אָפן. מתים וואַלגערן זיך אין די גאַסן. אַלע שטיבער זענען איבערגעדרייט, די אוקראַינישע באַנדיטן זוכן, נישטערן, ראַבעווען, רייסן, עפענען ווענט.

איך שאַר זיך צו אַ ווינקל, ווו עס זיצן עטלעכע פרומע יידן, צוזאַמען מיטן דיין. ער זאָגט מיט זיי ווידוי. איך זאָג נאָך וואָרט ביי וואָרט — כ׳פיל אַז היינט וועט שוין זיין מיין ענדע. כ׳וויל שוין מער די ליכטיקע וועלט פאַר מיינע אויגן נישט זען, אַז איך קען ניט נקמה נעמען פאַר מיינע עלטערן, שוועסטער, קינדער. אָבער עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז ס׳איז שוין דער סוף. עפּעס אַ אינסטינקט פון האָפנונג גנבעט זיך אַריין צו מיר אין האַרץ. איך וויל גלויבן, אַז איך וועל נאָך פון דער טורמע אַרויסגיין באַפרייט און נקמה נעמען פון די באַנדיטן, די רוצחים.

דערווײַלע זאָג איך מיט התמדה דעם וידוי און עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים. איך הער זיך צו מיט גרויס כוונה, וואָס די פרומע יידן דערציילן צווישן זיך, אַז עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז עס וועט אויפשטיין אַ היטלער, וואָס וועט די וועלט איינגעמען, די יידן אויסהרגענען, און זיין מפּלה וועט קומען, און דאַן וועט קומען די אמתע גאולה אויף דער וועלט!

איך זיץ אין אַ ווינקעלע און הער זיך צו צו די פאַרשיידענע מעשיות פון די יידן, און טראַכט מיר: אַך, גאָט מיינער, וועל איך דאָס אַלץ נאָך קענען דערציילן? דערציילן מיינע איבערלעבענישן דאָ אין טורמע, די אַלע צרות, ענויים וואָס מען טוט אָן אונזערע ברידער? וועל איך נאָך קענען שרייבן מיין איינציקן ברודער וואָס כ׳האָב אין ארץ־ישראל, וועגן אַלע מיינע איבערלעבונגען, און ווי אַזוי עס זענען געפאַלן אונזערע טייערע עלטערן, אונזער גאַנצע משפּחה צוזאַמען מיט אַלע אונזערע ברידער?

איך דערמאָן זיך אָן ברודער, וואָס ווייס געוויס ניט, וואָס עס טוט זיך דאָ; ער קלערט געוויס נאָך דער מלחמה פאָרן זיך זען מיט זיינע עלטערן, שוועסטער און ברודער, וואָס שוין באַלד 12 יאָר, האָט ער זיי פאַרלאָזן, אַוועקפאָרנ־

דיק קיין ארץ־ישראל אַלס אַ חלוץ. ער האָט שוין געוויס אַ גרויסן זון, און ער קלערט געוויס צו ברענגען אים צום זיידן דערציילן — ווי עס בויט זיך אונזער לאַנד. און מיינע געדאַנקען זענען איצט ווייט, ווייט, דאָרטן איבערן ים, אין דעם שיינעם לאַנד אונזערן, ווו איך האָב געחלומט טאָג איין טאָג אויס צו פאָרן, און כ׳וואָלט איצטער געפאָרן, ווען ניט דער קריג־אויסברוך.

די זון איז שוין גאַנץ הויך, זי שיקט אירע וואַרעמע שטראַלן אויף אונז, אין די ענגע טורמע־מויערן, וואַרעמט אויס די גלידער פון די אומגליקלעכע, וואָס זיצן דאָ און וואַרטן אויף זייער טויט. עס איז שוין מיטאָג־צייט. מיר ווערן אומגעדולדיק. קיין גריבער גראָבט מען ניט, און מיר האָפן, אַז אפשר וועלן מיר באַפרייט ווערן, אפשר האָט גאָט רחמנות געקראָגן צוליב די געשרייען פון די קליינינקע אומשולדיקע קינדערלעך, און צוליב זייער זכות זענען אויך מיר געהאָלפן געוואָרן.

די שטילקייט ביז מיטאָג האָט מיך שטאַרק באַאומרו־איקט. איך רוף צו אייניקע באַקאַנטע יונגע חברה און איך לייג זיי פאָר, אַז אויב מען וועט אונז פירן קיין פיעטידין זאָלן מיר שפרינגען פון אויטאָ.

— אָבער ווי אַזוי וועלן מיר עס מאַכן ?, פרעגט מיך איינער אַ בחור, וואָס קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן — מען וועט דאָך אונז פירן באַוואַכט.

— הערט אויס חברה, — רוף איך שטיל צו זיי, עס באַגלייטן יעדן אויטאָ פיר אוקריינישע פּאָליציי־לייט, וואָס זיצן אין די פיר זייטן פון אָפענעם אויטאָ. מיר דאַרפן זיך באַמיען צו געפינען זיך לעבן זיי. יעדער פון אונז, און אַלע גלייך אַראָפּוואַרפן זיי פון אויטאָ, און שפרינגען. מיר האָבן ניט וואָס צו פאַרלירן, און לאָזן זיך שעכטן דורך זיי, טאָרן מיר ניט, מיר מוזן איינשטעלן.

—— מיר דאַרפן זיך באַמיען דאָס מאַכן ניט ווייט פון וועלדל, הינטערן שטאָט, און גלייך שפרינגען און באַהאַלטן זיך אין וועלדל — רופט זיך אָפּ איינער פון אונז.

מיר באַשליסן צו זיצן יעצט צוזאַמען, אַזוי אַז מיר זאָלן קענען זיך געפינען אין איין אויטאָ.

ווי מיר זיצן אַזוי, עפנט זיך דער טויער און ווי הייש־ריקן לאָזן זיך אַריין די אוקריינישע פּאָליציי אין באַגלייטונג פון דייטשע זשאַנדאַרמען, און מיט ווילדע אויסגעשרייען נעמען זיי זיך גלייך צו די מענער.

— אויפשטיין, פאַרפלוכטע יודן! צום טייוול שנעלער! שנעלער!

מען פירט אונז גלייך אַרויס פון טורמע. עס וואַרטן שוין אויף אונז אויטאָס. מען פּאַקט אונז, ווי הערינג אַריין אין די אויטאָס און מען פירט אונז קיין פיעטידין.

קיין פיל צייט צו טראַכטן איז ניטאָ. צוויי פון אונז פעלן, זיי געפינען זיך געוויס אין אַ צווייטן אויטאָ, נאָר 6 זענען מיר געבליבן. מיר ווינקען זיך איבער, און איך גיב אַ צייכן צו זיי. מיר האָבן זיך אַלע 4 צוגעשאַרט צו די פּאָליציסטן, וואָס זענען מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן גע־זעסן אויף די ראַנדן פון אויטאָ, און זיי אַראָפּגעוואָרפן און גענומען שפרינגען. דער צווייטער בין איך געשפרונ־גען, זיך גוט צעקלאַפּט, אָבער ניט געקוקט און גענומען לויפן אין נאָענטן וועלדל. מען האָט נאָכגעשאָסן פון די אויטאָס, וואָס זענען געפאָרן נאָך אונז. צוויי פון אונז זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן, און אונז איז געלונגען אַריינגיין טיפער אין וועלדל און באַהאַלטן זיך.

וואָס מיט די אוקריינישע פּאָליציי איז געשען ווייסן מיר ניט, נאָר אַז מיר האָבן זיך גוט צעקלאַפּט און נישט געקענט זיך רירן, האָבן מיר ערשט שפּעטער מיט עטלעכע שעה דערפילט. מיר האָבן אפילו ניט געהאַט קיין קאַלט ביסל וואַסער צוצולייגן צו די ווונדן פון קערפּער.

— בעסער דאָ געפינען דעם טויט, איידער דאָרטן דערשאָסן צו ווערן — טרייסט איך מיינע חברה, וואָס ליגן און קרעכצן פון ווייטיק, מיר דאַרפן אָבער פון דאַ־נעט אַנטלויפן, ווייל דאָ איז אַ שיטערער וועלדל, מען וועט אונז געוויס דאָ זוכן.

— יעצט קענען מיר ניט לויפן — רופט זיך אָפּ שמעון וואָס ליגט און האַלט זיך ביי דער זייט — מיר מוזן וואַרטן ביז ס׳וועט ווערן טונקל.

—— אַ שאָד, וואָס מיר האָבן ניט צוגענומען די ביקסן, זיי וואָלטן אונז דאָ געוויס צונוץ געקומען, ווען מען וועט דאָ אונז זוכן.

מיר באַראַטן זיך ווהין צו אַנטלויפן, ווען עס וועט ווערן טונקל... און ווי מיר זיצן אַזוי, הערן מיר ווי עס הילכן אָפּ אין וועלדל טריט פון מענטשן און באַלד שיסע־רייען אין אַלע זייטן.

— מיר זענען פאַרלוירן, חברה — רוף איך אויס צו זיי, מיר זענען אַרומגערינגלט און מיר זענען ווייטער ביי זיי אין די הענט, אַרויף אויף די ביימער אין דער הויך! נישט קוקנדיק אויף אונזערע ווונדן און די ווייטיקן, זענען מיר אַרויפגעקראָכן, און הערן וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער די שיסערייען און די קולות און זידלערייען פון דער דייט־טשער פּאָליציי באַפעלנדיק די אוקריינער זיי זאָלן גוט זוכן די אַנטלאָפענע יידן.

איך האָב גלייך געזען, אַז מיר זענען פאַרלוירן, דער וואַלד איז אַ שיטערער, מיר זענען שוין ווידער ביי זיי.

— צום טייוול, אָט זענען זיי די פאַרפלוכטע! רופט אויס איינער — און שיסט באַלד אויס אַ סעריע קוילן אין דער הויך. ער באַפעלט מיר זאָלן אַראָפּגיין, אויב נישט שיסט ער אונז אויף די ביימער.

מיט אַ שטאַרקער וואַך האָט מען אונז פיר צוגעפירט צום שאָסיי, ווו עס האָט געוואַרט אויף אונז אַ פאַרמאַכטער אויטאָ מיט פיל דייטשן — און אונז אָפּגעפירט אין טורמע.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט ווען מען האָט אונז אַריינגעפירט אין טורמע. מען האָט גוט געשלאָגן ביים טויער, אַז מיר זענען געפאַלן אין חלשות און מען האָט אונז געמוזט אַרויפטראָגן אין טורמע־צימער און אונז אַריינ־געוואָרפן צו די פרישע מענטשן, וואָס מען האָט געבראַכט היינט נאָך מיטאָג.

דער שומר פון טורמע האָט רחמנות געקראָגן אויף אונז און אַריינגעבראַכט אַ עמער וואַסער. מיר האָבן זיך אַ ביסל דערפרישט און צוגעלייגט פרישע וואַסער צו די ווונדן, וואָס מיר האָבן געהאַט.

די מענטשן, בעיקר פרויען, וועלכע האָבן זיך דערוווסט וועגן אונזער איבערלעבעניש, האָבן אונז באַדויערט, און מיט רעספּעקט געקוקט אויף אונז ווי אויף העלדן, און אונז געטרייסט, און אַלע מאָל צוגעלייגט קאַלט וואַסער צו די ווונדן, און געוויינט צוקוקנדיק זיך אויף אונז.

— געוואַלט גאָטעניו! פאַרוואָס שווייגסטו? אונזערע קינדער ווערן געשאָכטן, געמאָרדעוועט, און דו גאָטעניו שווייגסט און קוקסט צו ווי עס טרינקען זיך דיינע קינדער אין טייכן בלוט!

— עס וועט נישט פאַרשוויגן ווערן, זיי וועלן זייער מפלה באַקומען, עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מיר וועלן נישט דערלעבן, בכדי צו קענען זיך נוקם זיין פאַר אונזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט!

— פאַר אונז, פאַר אונזערע אומשולדיקע עופעלעך, נקמה! נקמה! — רופט אויס אַ יונג ווייבל מיט אַ קינד אויפן האַנט, און די וועלט שווייגט! די וועלט ווייס וואָס מען טוט אונז און פּראָטעסטירט ניט! — שרייט אויס אַ ייד פון אַ ווינקל.

— די וועלט ווייס, די וועלט פּראָטעסטירט — רוף איך זיך אָפּ — זיי וועלן זייערס באַקומען, נאָר מיר וועלן נישט קענען נוקם זיין אָן זיי, עס וועט אַ קליינע צאָל בלייבן פון אונז.

מיר האָבן היינט ווידער געדאַוונט, און שווער איז מיר אָנגעקומען היינט דער קדיש, ווייל כ'בין קוים אויף די פיס געשטאַנען, און מיט געוויין געזאָגט קדיש נאָך די היינטיקע קדושים, וואָס זענען היינט געפאַלן.

איך בין מיר געלעגן אין אַ ווינקעלע אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן וואַנט און געקוקט אויף דער שוואַרצער ראַמקע אויף דער וואַנט, וואָס איך האָב אָנגעשריבן די גאַנצע פאַמיליע מיינע וואָס איז אומגעקומען. פאַרשיידענע געדאַנקען פון נקמה וועבן זיך אין מיין קאָפּ. איך בין אַ ביסל איינגעשלאָפן. איך האָב זיך באַלד אויפגעכאַפּט. די היינטיקע געשעעניש מיט מיר לאָזט מיר ניט רוען. מיר האָט זיך ניט איינגעגעבן אַרויסרייסן זיך פון זייערע הענט און איך געפין זיך ווידער אין די נעגל פון טויט. פאַרשיידענע פּלענער וועבן זיך ביי מיר אין קאָפּ. איך קען מיך נישט גלויבן, אַז היינט איז טאַקע מיין לעצטער טאָג.

נאָר לאַנג טראַכטן קען מען ניט דאָ. די טיר שליסט זיך אַלע ווײַלע אויף און פרישע קרבנות ווערן געבראַכט, דערשראָקענע, מיט ווילדע אויגן, פאַרשמירט מיט בלאָטע פון די באַהעלטענישן, וווּ זיי זענען עטלעכע טעג געלעגן נישט וויסנדיק וואָס עס טוט זיך אין געטאָ. זיי בעטן זיך אַ זופּ וואַסער. זיי קענען ניט ריידן.

אָט איז אַ פרוי מיט אַ זעקס־יעריק מיידעלע. נאָך אין אַ העמדעלע, דאָס גאַנצע פּנים מיט בלאָטע פאַרשמירט. זי ציטערט אין גאַנצן פון קעלט און הונגער. די פרוי כליפּעט, קען זיך ניט באַרויקן, שרייענדיק: ווו איז מיין מאַן, מיינע צוויי זין. זי דערציילט פאָלגענדעס:

מיר האָבן זיך געריכט אויפן גרויסן אומגליק, האָבן מיר זיך צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש. אָבער ווער האָט זיך געריכט אויף אַזוי לאַנג. שוין היינט דער אַכטער טאָג. באַלד אויפן דריטן טאָג האָט אונז אויסגעפעלט וואַסער. די פּיצעלעך האָבן געשריגן „וואַסער". די מלאכי־חבלה האָבן ניט צורו געלאָזט, נאָר טאָג און נאַכט גענישטערט, איבער געדרייט די שטוב צענומען ווענט און אויוונס. און דאָ די קליינע רחלע מיינע, אַ מיידעלע פון דריי יאָר, שרייט: מאַמע אַ ביסעלע וואַסער! און וויינט — די פרוי וויינט, כליפּעט שטאַרק, דריקט דאָס מיידעלע צו זיך און רעדט:

— די שכנים, וואָס זענען צוזאַמען מיט מיר געזעסן אין גרוב, האָבן אָנגעהויבן פאָדערן פון מיר איך זאָל דערשטיקן דאָס קינד, אָדער פאַרלאָזן דעם אָרט — איר מאַכט אונז אומגליקלעך צוליב אייער קינד, צוליב אייער קינד וועט מען אונז אַרויסגעבן. מיר זענען אַלע פאַלאָרן. דערשטיקן דאַרף מען דאָס קינד.

— וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר — האָב איך געטענהט, אַ קינד, אַ קינד דערשטיקן, געוואַלד מערדער, וואָס איר זייט, וואָס הייסט...

— אַזוי, אַזוי איז עס. צוליב איין קינד דאַרפן מיר אַלע ניט אומקומען. דער מאַן מיינער — דערציילט ווייטער די פרוי — האָט זיך איינגעשטעלט און געזאָגט, איך גיי אַרויס ברענגען וואַסער פאַר מיינע קינדער און פאַר אייך.

אָבער ער איז מער ניט צוריקגעקומען. מען האָט אים געוויס געכאַפּט, און דאָ הויבט זיך אָן מיין טראַגעדיע. איך האָב נישט געזען, איך האָב אַוועקגעקוקט, ווי זיי די מערדער מיינע, דער שכן מיינער, אברהמלע דער שוסטער, האָט מיין קינד דערשטיקט. איך האָב ספּאַזמירט, וויינען האָב איך נישט געקענט, און נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. אָבער עס האָט סיי ווי סיי ניט געהאָלפן. מען האָט די בריק אויפגעריסן ביי אונז, און אַזוי לאַנג געזוכט, ביז מען האָט אונז געפונען און געבראַכט אַהער.

די פרוי איז אַנטשוויגן געוואָרן, נישט געוויינט, נאָר מאָדנע עפּעס געקוקט אויף איר קינד מיט ווילדע אויגן, און עס געדריקט צו איר ברוסט.

מיר זענען אַלע געזעסן פאַרשטיינערט. די געשיכטע פון דער פרוי האָט אויף אונז שטאַרק געווירקט. איך האָב אַלע מיינע ווייטיקן פאַרגעסן און געקוקט אויף דער פרוי און אויפן קינד, ווי עס טוליעט זיך צו דער מוטער און שווייגט.

דערשטיקט אַ קינד מיט אייגענע הענט! ווי קען מען עס, ווי פאַרשטיינערט זענען געוואָרן די מענטשן, פאַר וועלן ראַטעווען זיך, דעם אייגענעם איך, דערשטיקן אָן אומשולדיק נפשל, וואָס ווייס נעבעך נישט פון אונזער גרויסער טראַגעדיע, און בעט אַ ביסל וואַסער צו טרינקען.

— יאָ שמואל, —זאָגט מיר מיינס אַ שכן — די מענטשן זענען ווי חיות. דער דראַנג פון מענטשנס לעבן איז אַזוי שטאַרק אין דער מינוט וואָס ער קלערט, ער וועט זיין אייגן לעבן ראַטעווען, איז ער גרייט דעם שכן הרגענען.

מען ברענגט אָן אויפהער אַלע מאָל פרישע מענטשן. קינדער אָן עלטערן, און מאַמעס אָן קינדער. איינער ווייס ניט פון צווייטן. עס טרעפט זיך אַז מאַמעס געפינען דאָ זייערע קינדער, קינדער זייערע עלטערן. מען קושט זיך, מען געזעגנט זיך, אייניקע וויינען אויפן קול, אַנדערע שווייגן, נאָר זיצן פאַרטיפט אין זייערע געדאַנקען. קוקן אויף דער וואַנט וואָס איז פאַרשריבן מיט בלוט־אותיות, נעמען פון די אומגעקומענע.

שטאַרק געוואונדערט האָט מיר אויף איינעם אַ באַקאַנטן ברוך אייזין, וואָס איז זיך מיט זיין פרוי און צוויי דער־וואַקסענע קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל, געזעסן אויף דער בריק, און זיך געזונגען אַ ניגון פון ראש־השנה. ער האָט דערמיט געוואָלט טרייסטן די קינדער, מונטערן זיי, און זיי אָפט געזאָגט: די וועלט איז דאָך גאַרנישט, דאָרטן, דאָרטן... און ווייטער זיך געמורמלט אַ ניגון, אַ טרויעריקן פון 'ימים־נוראים'דיקן מוסף.

עס האָט זיך מיר דערמאָנט ווי ער פלעגט אַזוי זיס דאַוונען ימים־נוראים אין בית־יתומים, ווו מען האָט יאָר־יערלעך איינגעאָרדנט אַ מנין, און מען פלעגט אים אָפט פאַר־בעטן אין „תרבות"־מנין דאַוונען אַ מוסף.

ער האָט האַרציק געדאַוונט. זיין זיס ווייגענדיק קול פלעגט דערוואַרעמען די הערצער. און מאָדנע האָב איך דערפאַר אויף אים געקוקט יעצט, ווי ער זיצט זיך רואיק און טרייסט די קינדער אַז עס איז דאָ אַ יענע וועלט, אַלץ איז מן השמים, סיי ווי לעבט מען דאָך ניט אייביק, און זיך אונטערגעברומלט אַ טרויעריקן ניגונדל.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויסגענומען אַ ראַזיר־מע־סערל, זיך אויפגעשניטן אַ פינגער און אָנגעשריבן אויף דער וואַנט אין אַ רויטער בלוטיקער רעמל:

„איך ברוך מיט מיין פאַמיליע גייען מיר היינט כ"ו אלול שטאַרבן, אָבער די, וואָס וועלן בלייבן זאָלן נקמה נעמען אָן די באַרבאַרישע רוצחישע הענט וואָס פאַרגיסן אומשול־דיק אונזער בלוט. נקמה, נקמה, די באַנדיטן און די אוק־ריינער, וואָס העלפן אין אונזער אויסראָטונג. אייזין."

ער האָט אַרויסגעריסן פון אַרבל אַ שטיקל לייוונט, אַרומ־געבונדן דעם פינגער און שטיל זיך אומגעקערט צו די קינ־דער, וואָס זענען געזעסן און געשוויגן.

אין ווינקל שטייט זיך משה־מענדל, דער גראָבער — ווי מען האָט אים ביי אונז אין שטאָט גערופן — מיטן טלית־קטן אויפן רעקל. ער האָט אַלע יאָרן געקאַרגט קיין רעכטע נדבה ניט געגעבן; וועגן ארץ־ישראל האָט ער אפילו נישט געוואָלט הערן, קיין קינדער ניט געהאַט, ערשט אויף דער עלטער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט אַ מיידל פון גאַליציע — זי שטייט טאַקע לעבן אים און ווישט אים דעם שטערן און האַלט אַ ביסל וואַסער פאַר אים.

מען קען ברענגען נאָך אַ צוויי עמערס וואַסער — רופט זיך אָפּ שמואליק, יעקל רויטערס אַ זון — דער שומר וויל עטלעכע גאָלד־שטיקלעך, ווער עס האָט זאָל געבן, וועט זיין וואַסער.

מען גיט געלט, ווער אַ „פינפערל", און דער אַלטער משה מענדל קראַצט זיך אין קאָפּ, הויבט די פּלייצעס. דאָס ווייב זיינס רוימט אים איין אַ סוד אין אויער. דרייט ער זיך אויס צו דער וואַנט, זוכט דאָרט ביי זיך און שלעפּט אַרויס אַ גאַנצן פינפערל.

— וואָס קאַרגט איר נאָך היינט, משה־מענדל — שרייט צו אים אַ באַקאַנטער — איר האָט געקאַרגט אַלע יאָרן פאַרן רוח. איר וועט גאַרנישט מיטנעמען איצט מיט זיך, מען טוט אויס מוטער־נאַקעט, און...

— איך האָב נישט מער — האַקט אים איבער משה־מענדל, נישט ווילנדיק הערן וועגן טויט, — מען האָט מיך פון בוידעם אַראָפּגענומען, אָט אַזוי ווי איר זעט מיך, איך האָב אַלץ איבערגעלאָזן.

אַ קאַלטער שווייס באַגיסט זיך אים אויפן פנים, ער לאָזט זיך אַראָפּ און בלייבט זיצן שווייגנדיק.

עס קאָן זיין, ער מאַכט זיך איצט אַ דין וחשבון פון זיינע יאָרן. עס קאָן זיין עס פאַרדריסט אים היינט אויף זיינע קאַרגע יאָרן פון אָפּשפּאָרן, פון קיין נדבה ניט געבן, און דאָ מוז ער אַלץ איבערלאָזן און גיין שטאַרבן, ניט שטאַרבן, נאָר דערשאָסן ווערן פון די מערדער.

דער וועכטער, וואָס האָט באַקומען גאָלד, ברענגט אַריין צוויי עמערס וואַסער. מען הויבט זיך אָן שלאָגן, יעדער וויל פריער. די קינדער וויינען, די פרויען שרייען. עס ווערט אַ טומל, אַ שטופּעניש. איינער נעמט ביים צווייטן אַרויס פון דער האַנט דאָס וואַסער. מען שרייט, מען דאַרף פריער געבן די קינדער. מען הויבט זיך אָן שלאָגן, ביז מען גיסט אויס די וואַסער. ווערט דער רעש נאָך שטאַרקער. עס קומט צו־לויפן פּאָליציי, הויבט אָן שלאָגן אָן רחמנות איבער די קעפּ, מיט דיקע גומי־שטעקלעך. מען נעמט אַרויס די עמערס און מען פאַרשליסט די טיר.

— איך האָב דען פריער ניט געוווּסט, אַז עס וועט זיין אַזוי — שרייט איינער — אפילו פאַרן טויט פאַרגינט מען ניט איינער דעם צווייטן אַ ביסל וואַסער.

— מיין קינד, מיין קינד וויל דאָך אַ ביסל וואַסער — שרייט אַ פרוי און וויינט — געוואַלד, ווי האָט מען ניט קיין רחמנות אויף די קליינע עופעלעך.

אַ רחמנות איז מיר געווען אויף די קליינע קינדער. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן צוקוקנדיק ווי צוויי קליינע קינד־ערלעך ליגן אויף דער בריק און לעקן די שמוציקע וואַסער, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן.

איך האָב פאַרגעסן אָן אַלע מיינע ווייטאָקן, איך האָב זיך געוווּנטשן דעם טויט, צו וואָס ראַנגל איך זיך נאָך די עטלעכע טעג, צוזעענדיק אַזוי פיל יסורים. אָבער דאָ קומט אַ צווייטער געדאַנק — מען מוז האַלטן זיך ביז לעצט, אפשר וועט מען איבערלעבן און נקמה נעמען, צוזען די מפּלה פון די מערדער. איך בין ניט געווען אין צווייפל, אַז דער טאָג וועט קומען, אַ פראַגע איז נאָר ווען, און ווער וועט בלייבן, ווער וועט האָבן די זכיה און צוזען זייער מפּלה.

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. די טיר האָט זיך אויפגע־מאַכט און מען האָט אונז ווידער אַרויסגעטריבן אויפן תפיסה־הויף, און יעדער איינער האָט אַראָפּלויפנדיק פון די שטיגן אין הויף, געקריגן געשלאָגן מיט שטעקנס איבערן קאָפּ.

אין תפיסה־הויף רודערט זיך היינט מער ווי יעדן טאָג. זשאַנדאַרמעריע, געשטאַפּאָ, אוקריינישע פּאָליציי. אַריין און אַרויס: מען פירט אַ קריג מיט אונז יידן. מען וויל אונז מיטן שורש פאַרניכטן, מיט דעם וועלן זיי שוין דעם קריג געווינען.

היינט איז דער אַכטער טאָג ווי דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן. די גריבער זענען שוין פול מיט אונז. אין שטאָט איז דער חורבן גרויס. קרבנות וואַלגערן זיך אין די גאַסן, זיי ווערן באַגראָבן דורך אונז, אונטער אַ שטרענגער וואַך, אויפן אָרט ווו זיי ליגן. אָט בין איך היינט און נאָך דריי יידן פון טורמע געפירט געוואָרן באַגראָבן עטלעכע טויטע. אַ שרעק כאַפּט אָן אַרומקוקנדיק זיך אין געטאָ. און ערשט

מיט אַכט טעג צוריק האָט דאָ געשטורעמט און גערודערט פון אחינו בני ישראל. און היינט — וויסט און ווילד. אַ גרויסער חורבן. גרופּעס אוקריינישע קינדער מיט באַגנעטן, ביקסן און האַנט־גראַנאַטן לויפן פון שטוב צו שטוב, פון הויף צו הויף, זוכן, נישטערן, געפינען אַלץ פרישע קרבנות פון אונטער דער ערד, שלאָגן מכות־רצח, און פירן זיי אַוועק אין דער תפיסה.

אַט האָט מען געבראַכט מאַטיל דף (יאַסנער) מיט דער יאַרמאַלקע און קאַפּאָטע, מיטן טלית־קטן. אַ ייד אַ תלמיד־חכם, ער זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע און קוקט עפּעס מאָדנע, מיט דערשראָקענע אויגן, און זינגט עפּעס שטיל אין זיך.

אַט איז הירש שיימיס, אַמאָליקער הויזווירט, געווען אין שטאָט פּרעזעס פון גמילת־חסידים קאַסע, איינער פון די פּאָר אַלטע פון פאָלקס־באַנק — אַט שטייט ער יעצט, און ווי ער ווייס ניט ווי אַזוי מען האָט אים געפונען. ער שטייט און ציטערט אינגאַנצן ניט פון קעלט, נאָר פון שרעק און פון די קלעפּ וואָס ער האָט געקריגן.

אַט איז אשר סענדערס, אַן אַפּטייקער, מיט אַ באַנד אויפן לינקן אָרבל, פון „סאַניטאַר־קאָמיסיע”, ווו ער האָט געאַרבעט פאַרן יידנראַט.

— נעמט אַראָפּ די לענטע, אשר — רוף איך צו אים, ווייל די באַנדיטן שלאָגן מערדערלעך די וואָס האָבן געאַרבעט ביים יידנראַט.

פיל באַקאַנטע פּנימער זע איך היינט אין דער תפיסה. די טיר רוט נישט. זיי ווערן יעדע ווילע אַריינגעשליידערט, זיי פאַלן אויף דער ערד, דערשראָקענע פרויען, קינדער, אַלטע און יונגע. אַט איז די אַלטע שעלופּסקיכע, די אַלטע באָבע פון שטעטל. אַלע אַלטע און יונגע זענען אירע קינדער, זי האָט אונז אָפּגענומען. זי שטייט פאַרבראָכן די הענט, אויפן גרויסן חורבן, וואָס עס איז געקומען אויף אונז.

אַט האָט מען געבראַכט ע. האַלפּערן, מיטן געלן שפּיציקן בערדל. אַ ייד אַ תלמיד־חכם. ער האָט לעצטנס פיל אויפגעטאָן פאַר יידן, אַרבעטנדיק אין יידנראַט אַלס קאַסירער און בעל־יועץ. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ ביסל געלט, און האָט געהייסן קויפן פאַר דאָס געלט ברויט פאַר די קינדער. אין די אַנדערע צעלעס פון דער תפיסה זענען געזעסן פּאַליאַקן פאַר פאַרשידענע פאַרברעכן. ביי זיי האָבן מיר דורך די קראַטעס געקויפט ברויט פאַר געלט און פאַר גאָלד. דאָס ברויט פלעגן זיי באַקומען אין פּעקלעך פון זייערע פאַמיליעס.

עס זענען געווען אויך פיל אוקריינער, וואָס פלעגן פאַר שטיקלעך גאָלד, בגניבה פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, אַריינטראָגן עטלעכע לעבלעך ברויט. וואַסער האָבן מיר באַקומען נאָר איין מאָל אין דער פרי. און צו דעם ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף לעבן אונז, האָט קיינער ניט געטאָרט צוגיין. און די פריש־אָנגעקומענע, וואָס האָבן נישט געוווסט, האָבן געקריגן קלעפּ איבערן קאָפּ, פאַר נעמען אַ ביסל וואַסער.

איך מיט מיינע חברים, וואָס מען האָט אונז געפונען אין וואַלד, און געבראַכט אַהער, זענען מיר געזעסן אין אַ ווינקעלע און אינגאַנצן געציטערט. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט אונז קומען זוכן און באַשטראָפן פאַר דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן מיט די אוקריינער. מיר האָבן נישט מורא געהאַט פאַרן טויט, נאָר מיר האָבן מורא געהאַט פאַרן פּייניקן: מען קען אונז וועלן הענגען, אָדער אָנטאָן אַנדערע עינויים.

דעריבער זענען מיר געזעסן און געשוויגן. איך האָב זיך צוגערוקט צו מיינע באַקאַנטע פון טריסקער שטיבל און זיך צוגעהערט צו זייער וידוי. ווי נאָר די באַנדיטן זענען אַריין און געזוכט מענטשן אויף אַרבעט האָב איך זיך באַהאַלטן. אָבער עס האָט מיר ניט געהאָלפן, און מען האָט מיר גענומען אַרבעטן אין שטאָט אויף אַ צוויי שעה, ביי באַגראָבן די טויטע. עס איז שווער זיך צו דערמאָנען, וואָס איך האָב איבערגעקלערט אין די שעהן, אַז כ׳וועל לעבן און איבערלעבן האָב איך געוויס נישט געקלערט.

פיל האַרצרייסנדיקע סצענעס האָב איך בייגעזען אין תפיסה־הויף. מענער האָבן זיך געזעגנט מיט פרויען, קינדער מיט עלטערן. איך בין געזעסן פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען, און געמאַכט אַ מין חשבון־הנפש. געטראַכט וועגן מיין ביסל יאָרן.

דער כוח פון לעבן איז געווען ביי מיר גרויס; כאָטש איך האָב געוווסט אַז אָט, אָט וועל איך דערשאָסן, האָב איך אין דעם פאָרט נישט געגלויבט; אַ מינוט פאַרן טויט, האָב איך זיך נישט געריכט, אַז מען פירט מיר...

די טויערן פון תפיסה האָבן זיך פלוצים אויפגעעפנט און די אוקריינער פּאָליציי בראש מיט די געשטאַפּאָ זענען אַריין צו אונז און באַפוילן זיך שטעלן.

דאָ געזעגן איך זיך מיט דער וועלט, איך גיי שטאַרבן, ניט שטאַרבן, נאָר דערשאָסן ווערן. מען האָט אונז ווידער געפירט אין די מאַשינעס, ווי געפּרעסטע הערינג אין אַ פּעסל. איבערגעדעקט איינער מיטן צווייטן אונטער אַ שטאַרקער וואַך.

וועגן לויפן איז קיין רייד שוין נישט געווען. שוואַך, צעבראָכן, מיט די צעקלאַפּטע זייטן פון נעכטן, האָט מען נישט געקענט קלערן וועגן לויפן נאָך אַ מאָל. אָבער דאָך, האָט נאָר איין געדאַנק געלויערט: נישט לאָזן זיך דערשיסן, נאָר לויפן פון גרוב, דערשאָסן ווערן, אָבער נישט אין גרוב.

דורך די שפּאַרעס פון אויטאָ זעען מיר קעפּ פון מענטשן. מענטשן גייען אין גאַס פריי, נאָר מיר זענען די אומגליקלעכע, וואָס מיר טאָרן נישט לעבן.

דער אויטאָ לויפט מיט אַ גרויסער שנעלקייט, ווי ער וואָלט וואָס גיכער וועלן אונז צום טויט דערפירן. איך פיל, ווי ער לויפט איצט אין דער זייט, אויף פעלדער און בלייבט שטיין.

— שנעלער, שנעלער, פאַרפלוכטע! — הערן מיר געשרייען פון געשטאַפּאָ. עס ווערט ליכטיק, מען הייסט אונז פון אויטאָ אַראָפּגיין.

אַרום און אַרום — אַן ענגע קייט פון אוקריינער מיט אָנגעלאָדענע ביקסן. מיר זענען אין דער מיט. אַרום אונז — נאָר דייטשן, געשטאַפּאָ.

איך קוק זיך אַרום וואָס דאָ קומט פאָר. אָט זע איך דעם שאָפער פון דער מאַשין, וואָס שטייט זיך ביים אויטאָ און שמייכלט.

איך קען אים זייער גוט. ער רעדט גוט יידיש. „יאַשקע” רופט מען אים. ער האָט געהאַט אַ דראָשקע אין שטאָט און

ער פלעגט יעדן טאָג צופֿאָרן אַנטקעגן אונז נעמען האָבער פֿאַר די פערד אין דעם האָבער־קלייטל. ער האָט זיך לעצטנס אויסגעלערנט פירן אַן אויטאָ, און האָט געאַרבעט ביי די דייטשן. אָט שטייט ער איצט יאַשקע און שמייכלט. עס טוט אים הנאה ווי מיר גייען שטאַרבן. עס וועלן שוין נישט זיין קיין יידן, וואָס וועלן פֿאָרן מיט דראָשקעס. ער וועט קענען נעמען וויפל ער וויל.

איך וויל זיך אַרומקוקן, זוכן אַן אָרט, מאַכן אַ פּלאַן ווי צו לויפן. אָבער מען לאָזט נישט קלערן און באַפעלן הערן זיך אין אַלע זייטן:

— אויסטאָן זיך! שנעלער, שנעלער, אָבער שנעלער, צום טייוול!

מען טוט זיך אויס, מען וויינט שטיל, מען געזעגנט זיך. מען לאָזט ניט, מען טרייבט ווייטער נאַקעט, ווייטער צום גרוב. אַן עלטערע פרוי וויל דאָס טיכל פון קאָפּ און די אונטערוועש נישט אויסטאָן. זי ווערט געשלאָגן, מען רייסט אַלץ פון איר אַראָפּ און מען טרייבט ווייטער.

שווער, זייער שווער איז צו איבערגעבן די לעצטע מינוטן פון די מענטשן. צו האָבן זיי בעת מעשה געטראַכט וואָס צו טאָן, צו האָבן זיי בכלל פֿאַרלוירן די געדאַנקן, נאָר אויטאָמאַטיש אויסגעפילט די באַפעלן.

איך האָב דעם רעקל אַראָפּגעוואָרפן און גענומען לויפן ווייטער, נישט ווויסנדיק קיין ציל ווו איך לויף.

— צום טייוול, ווו לויפסטו, קום הער שנעלער, — הער איך ווי אַ שטים רופט צו מיר. איך גיב אַ טראַכט, אומקערן זיך אָדער לויפן ווייטער?

— שנעלער אַהער, פֿאַרפלוכטער! אָבער שנעלער, וועסטו אָרדנונג מאָכן דאָ, ווען נישט, דאַן ווערסטו גלייך דערשאָסן.

איך האָב דערקענט די שטים פון אונזער וואַכמייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע, איך האָב נאָך פֿאַר דעם געטאָ פון אים געכאַפּט פעטש פֿאַר אומלעגאַל גיין אויפן מאַרק איינקויפן, וואָס איז געווען פֿאַרווערט פֿאַר יידן.

איך האָב זיך אומגעקערט און צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט מיר געפרעגט ווו איך לויף. איך האָב גאָרנישט געענטפערט, נאָר געקוקט אים גלייך אין די אויגן.

ער האָט מיר באַפוילן אָרדנונג מאַכן מיט די אויסגעטאָנענע זאַכן, און זוכן געלט און גאָלד אין די טאַשן.

איך האָב אַ טראַכט געטאָן: כ'וועל צייט האָבן זיך אַרומקוקן און אויסנוצן אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן.

כ'האָב אָנגעהויבן מאַכן אָרדנונג צוזאַמען מיט נאָך צוויי יידן, אין די מלבושים פון די נאָר וואָס לעבעדיקע ברידער אונזערע, וואָס ליגן יעצט שוין דערשאָסן, איינער אויפן צווייטן אין גרויסן ברודער־קבר. עס האָבן מיר געציטערט די הענט און פיס אָנרירנדיק די מלבושים. געוואַלד, וואָס טו איך, פון מיינע ברידער זוך איך אין די קעשענעס געלט און גיב דאָס אָפּ דעם וואַכמייסטער. נאָר דער געדאַנק, אַז דורך דעם צופֿאַל קען איך זיך ראַטעווען, האָט מיר געשטאַרקט.

יעדעס מאָל זענען אָנגעקומען נייע מאַשינעס מיט מענטשן. זיי האָבן זיך אויסגעטאָן און געלאָפן צום גרוב. אַנדערע האָבן נאַקעטערהייט זיך אַרויסגעריסן פון דער אוקריינישע קייט און געלאָפן אין פעלד. נאָר די קוילן האָבן זיי אין לויפן דערגרייכט.

דער באַרג מיט די מלבושים איז געוואַקסן און איך האָב צוגעשלעפּט נאָך מענטשן צו מיר, זיי זאָלן מיר העלפן אַרבעטן, זאָגנדיק דעם וואַכמייסטער, אַז כ'מוז האָבן נאָך מענטשן צו הילף. ער האָט מיר דערלויבט צו נעמען צו דער אַרבעט ביז אַכט מענטשן.

מיר האָבן זיכער געוווסט אַז מען וועט אונז שיסן נאָכדעם ווען מיר וועלן אין אָרדנונג מאַכן די קליידער. דאָך האָבן מיר געגלויבט, אפשר וועט אונז געלונגען זיך אַרויסרייסן פון דעם גיהנום און מאַכן פליטה. עס איז מיר שווער צו דערמאָנען זיך מיט וועמען איך האָב געאַרבעט. כ'געדענק נאָר, אַז צווישן די ערשטע איז געווען אפרים קופּער און חיים קצב, און צולעצט צווישן די פרישע, געדענק איך נאָר איינעם, משה יוסל דראָזשקאַזש, ווען ער איז צוגעלאָפן צו אונז, אַ וואָרף געטאָן די שיך, אַרויסגענומען אַ קליין פּעקעלע מיט רוסישע גאָלד, שטיקלעך פינפערלעך און עס דערלאַנגט דעם וואַכמייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע. ער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און אים געהייסן אַרבעטן מיט אונז און גוט זוכן אין די קעשענעס דאָס געלט.

די מאַשינעס מיט די קרבנות זענען געקומען אָן אויפהער. יעדעס מאָל, ווען די מאַשין איז געקומען זענען מיר לויט אַ באַפעל אַוועק אָן אַ זייט, נישט קענענדיק האָבן די מעגלעכקייט אַריינכאַפּן נאָך אַ מענטשן צו אַרבעטן מיט אונז, כאָטש קיין שום האָפענונג זיך צו ראַטעווען האָבן מיר ניט געזען.

שרעקלעך, שרעקלעך האָט געווירקט אויף מיר דאָס, וואָס איך האָב דאָרט געזען פון ווייטן: דאָס אויסטאָן זיך די מענער מיט די פרויען צוזאַמען, די מוטערס מיט די קינדער אויף די הענט, וואָס האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, אַז זייערע מינוטן פון לעבן זענען געציילטע. זיי האָבן זיך געמוזט אין גרוב אַריינלייגן אויף די פרישע ערשט דערשאָסענע וואַרעמע קערפּערס, און דאָרט באַקומען אַ קויל אין קאָפּ.

איינער פון דער זשאַנדאַרמעריע, קעללער, ימח שמו' האָט אַליין געשאָסן די אַלע קרבנות מיט אַן אויטאָמאַטישן ביקס, וואָס איז אים יעדעס מאָל געביטן געוואָרן, ווען זי האָט זיך דערוואַרעמט. אַליין איז ער געשטאַנען מיט דעם ווייסן העמדעלע, פֿאַרקאַטשערט די אַרבל, רויט, אָנגעפּרעסן און אָנגעשיכורט, און אויסגעפירט די „הייליקע" אַרבעט, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן לויט אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט. ווי ער האָט שפּעטער דערציילט — האָט ער באַקומען: צוואַנציק פעניג אַלס פּרייז פֿאַר יעדן קאָפּ, און יעדער פינפטל וואָס איז אַריין אין גרוב איז געוואָרן פֿאַרשריבן דורך איינעם, וואָס איז דערביי געזעסן און גערעכנט.

אָט איז געקומען אַ מאַשין מיט פרישע מענטשן, מער פרויען און קינדער. צווישן די קינדער דערקענט אַ צוועלפיעריק ייִנגל זיין טאַטן, וואָס שטייט צווישן אונז.

— טאַטע, טאַטע, וואָס טוסטו דאָ? ראַטעווע מיר, כ'וויל לעבן, ראַטעווע! דאָס ייִנגל לויפט צום טאַטן, פֿאַלט אים אויפן האַלדז און וויינט.

זשאַנדאַרמעריע לויפט אים נאָך, רייסט אים אַרויס פון טאַטנס הענט און שלאָגט אים, ער זאָל זיך אויסטאָן און לויפן ווייטער. דאָס ייִנגל וויינט, שרייט, דער פֿאָטער בעט דעם וואַכמייסטער ער זאָל אים דערלויבן דאָס קינד זאָל

אַרבעטן מיט אונז, קושט אים די הענט, און בעט זיך, עס איז דאָך מיין קינד, מיין קינד! מיר אַלע בעטן זיך ביים וואַכמייסטער, ער זאָל דערלויבן דאָס קינד מיטאַרבעטן מיט אונז, ער וועט דערנאָך צוזאַמען מיטן פאָטער גיין.

דער וואַכמייסטער האָט דערלויבט. דאָס קינד קושט דעם פאָטער, און הויבט אָן פלייסיק אַרבעטן, לייגט צונויף די שיך באַזונדער, די קראַוואַטן און די היטלען.

שרעקלעך האָט געווירקט די סצענע אויף אונז אַלע. איך טראַכט: דאָס קינד מיינט געוויס מיר בלייבן לעבן, אָבער...

די מערדער לאָזן אונז ניט פיל טראַכטן און באַפעלן אַרבעטן שנעלער, — שנעלער, פאַרפלוכטע, הערן מיר פון אַלע זייטן. — און מיר אַרבעטן פּאַמעלעך.

מיר באַשליסן אַרבעטן רואיק, געלאַסן. אפשר וועט ווערן טונקל, ווען מיר וועלן ניט זיין פאַרטיק מיט דער אַר־בעט, און קענען אַנטלויפן.

דאָס האָט אונז געראַטעוועט צו בלייבן לעבן נאָך אַ נאַכט. לויט אַ באַפעל פון וואַכמייסטער פון דער זשאַנדאַר־מעריע דאַרפן מיר ענדיקן אַנלאָדן אַלע זאַכן אויף די מאַ־שינעס און פאָרן צוריק אין טורמע.

די אַלע מלבושים האָבן זיי געפירט אין איין אָרט: אין דער רויטער שולע. פאַר דער אָקופּאַציע פון די דייטשן, איז די שולע דורך די רוסן פאַרענדיקט געוואָרן פאַר אַ יידישע שולע, אויף זאַריטשע גאַס, נישט ווייט פון דער פּאָסט.

מיט זייער אַ שטרענגער וואַך האָט מען אונז געפירט צוריק אויף די מאַשינעס מיט די מלבושים. די מאַשינעס זענען פאַרפאָרן צו דער רויטער שולע, מיר האָבן די אַלע זאַכן אַראָפּגעטראָגן. דאָרטן האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט עטלעכע יידן, וואָס האָבן אונטער אַ שטרענגער וואַך געאַר־בעט, סאָרטירט אַלץ וואָס מען האָט געבראַכט.

— אפשר קענען מיר אויך בלייבן דאָ אַרבעטן? — פרעגן מיר ביי דער זשאַנדאַרמעריע.

— צום טייוול! שנעלער אין דער מאַשין — שרייט ער, איך האָב ניט קיין באַפעל אייך צו לאָזן, נאָר צוריק אין געפענגעניש.

מיר זענען געווען אַכט, און שומרים אויף אונז זענען געווען צוועלף מיט די אויטאָמאַטן אַנטקעגן אונז. אַזוי, אַז וועגן אַנטלויפן האָט קיין רייד נישט געקענט זיין, און מיר זענען אָפּגעפירט געוואָרן צוריק אין טורמע. צוריק צווישן פרישע קרבנות, וואָס מען האָט ערשט געבראַכט פון שטאָט.

כ׳בין געווען שרעקלעך צעבראָכן פון דעם וואָס איך האָב היינט דורכגעלעבט. געזען אַלץ מיט מיינע אייגענע אויגן, און גאָרנישט געקענט העלפן. איך האָב שוין פון עטלע־כע טעג נישט געגעסן, דאָך האָב איך ניט געפילט קיין הונ־גער. נאָר פאַרדראָסיק וואָס איך געפין זיך ווידער צווישן די נעגל פון טויט: אוממעגלעך פון זיי זיך אַרויסרייסן.

מיט צעבראָכענע הערצער האָבן מיר געדאַווענט מנחה־מעריב און קדיש געזאָגט נאָך די היינטיקע קדושים. מיר האָבן נישט געזאָגט, נאָר געכליפּעט מיט פאַרשטיקטע טרערן אין האַלדז. מיר זענען היינט עדות פון דער גרויסער יידי־שער טראַגעדיע, וואָס איז נישט געהערט געוואָרן און וואָס קיינער וועט נישט גלויבן שפּעטער.

און ביז היינט שטייט מיר פאַר די אויגן די אָפענע גרוב מיט די קרבנות, מיט דורכגעלעכערטע קעפּ אין אַ טייך פון בלוט. אויך היינט קען איך עס ניט פאַרגעסן און וועל עס ניט פאַרגעסן, וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן.

ווידער געפין איך זיך צווישן די פיר ווענט פון טויט. דער פינצטערער גורל פאַרפאָלגט מיר, איך זאָל זען די שרעק־לעכע אכזריות, וואָס מען טוט מיט אונז. איך האָב שוין עט־לעכע מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן, און דאָך גליט ביי מיר אַ פונק פון האָפענונג. איך וועל אַריבערלעבן. מיינע נערוון זענען געווען שטאָלענע, פאַרגליווערט איז איצט מיין קערפּער. איך קוק גלייכגילטיק דעם טויט אין די אויגן און אָריענטיר זיך אין יעדער סכנותדיקע מינוט, בכדי זיך אַרויס־צודרייען פון טויט. אָבער איך געפין זיך שוין ביי זיי אין די הענט. און דער קאָפּ אַרבעט ווייטער: וואָס וועט זיין מאָרגן, מען וועט דאָך מאָרגן ווידער מיך פירן שיסן.

— אַנטלויפן, אַנטלויפן — לויפט איין געדאַנק נאָך דעם צווייטן — דערשאָסן ווערן, אָבער זיך נישט אויסטאָן לויט זייער באַפעל.

מען ברענגט פרישע קרבנות. נישט צו דערקענען קיין מענטשן. שוין אַכט טעג ווי זיי ליגן באַהאַלטן אָן לופט, אָן וואַסער, אָן עסן.

— שמואל, ביזט שוין לאַנג דאָ, וואָס הערט זיך, מען זאָגט, מען וועט באַפרייען? פרעגט מיך איינער אַ באַקאַנ־טער — איז אמת מען שיסט נאַקעטערהייט?

— איך ווייס נישט — ענטפער איך אים — מען האָט מיר היינט געברענגט אַהער.

— טאַטע, ווען וועלן מיר גיין אַהיים? — פרעגט אַ קינד דעם טאַטן — און ווו איז די מאַמע, אין דער היים? טאַטע, כ׳בין הונגעריק.

איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שטיקל פאַר־שימלט ברויט, וואָס כ׳האָב געפונען היינט אין די קעשענעס פון די קרבנות, און עס דערלאַנגט דעם קינד. אַ טיפער קרעכץ פון האַרצן האָט זיך אַרויסגעריסן.

מיינע קינדער בעטן שוין נישט קיין עסן, היינט דער זעקסטער טאָג ווי זיי זענען דערשאָסן געוואָרן. אַך, מיין גאָט, ווי שרעקלעך דאָס איז און ווי פאַרשטיינערט איז מיין האַרץ. שוין זעקס טעג ווי איך דריי זיך אַרום קבר פון מיינע קינדער, און לעב, און וויל לעבן. ווי גע־פערלעך איז דער דראַנג צום לעבן. נאָך וואָס? פאַר וועמען? עלנט אַליין בין איך געבליבן — און וויל לעבן. ניין, שוין מאָרגן גיי איך צום גרוב, צו מיינע קינדער׳ צו מיינע על־טערן, צו משפחה, צו מיינע ברידער.

אַ שרעקלעכע נאַכט האָב איך היינט איבערגעלעבט אין תפיסה. עס איז ניט געווען אַזוי ענג ווי איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. אַ שרעקלעכע בענק־שאַפט צו די קינדער, צו דער וואַרעמער היים האָט מיר אַרומגעכאַפּט. כ׳האָב געוויינט, און זיך נישט געקענט באַ־רואיקן. עפּעס האָב איך זיך אַליין נישט געגלויבט דאָס וואָס מיינע אויגן האָבן געזען. די שריפט פון דער וואַנט פון די קדושים האָבן געטאַנצט פאַר מיינע אויגן, אַ טויטן־טאַנץ אַרום מיר. איך האָב באַקומען מורא און אינגאַנצן

געפיבערט. די אַלע קדושים, וואָס איך האָב געזען די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב מיט זיי צוזאַמען וידוי געזאָגט, קדיש געזאָגט, ליגן שוין אין גרויסן ברודער־גרוב־קבר דערשאָסן. זיי לויפן איצט דורך פאַר מיינע אויגן, מיט ווילדע אָפענע אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט און רופן: נקמה! נקמה!

איך פאַרשטעל זיך מיט דער האַנט די אויגן, איך ציטער צו זען זיי — די קדושים. אָט הער איך ווי מוזיק שפּילט אין די קאָפּעען, ווו די דייטשן טאַנצן, און מיר גייען פאַרביי אונטער אַ שטרענגער וואַך אין תפיסה. אָט טאַנצן אַלע קדושים פאַר מיינע אויגן אונטער די קלאַנגען פון דער מוזיק.

די געשרייען פון די ווייבער און די קינדער האָבן מיך אויפגעוועקט. איך האָב זיך אומגעקוקט ווו איך בין. כ׳האָב אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז כ׳בין אין דער תפיסה.

עס טאָגט שוין אין דרויסן. דורך די גראַטעס רייסן זיך אַריין ליכטיקע פּאַסן. מען האָט אונז היינט פאַרשפּאַרט דאָ מער ווי אַלע מאָל. די סיבה איז, וואָס מען רייניקט אַ ביסל דעם הויף פאַר אונז, ווו עס וואַלגערן זיך צעריסענע מלבושים, צעריסענע געלט, וואָס מענטשן צערייסן עס בעסער איידער אָוועקגעבן די באַנדיטן. פאַרשיידענע געלטער וואַלגערן זיך: רוסישע, אַמעריקאַנישע און אַנדערע. וויפל מען זאָל ניט שרייען און שלאָגן מען זאָל אָפּגעבן דאָס געלט, — געפינען זיך איינגעשפּאַרטע און צערייסן עס פאַר זייערע אויגן. און וואַרפן דאָס גאָלד און די גאָלדענע חפצים אין דער טואַלעטע און לאָזן עס מיט וואַסער אַראָפּ.

היינט איז מיטוואָך. דער נייַנטער טאָג פון פּאָגראָם, און דער פייער איז נאָך נישט אָפּגעשטעלט. די טויערן פון תפיסה רוען ניט און מען וואַרפט יעדן מאָל אַריין נייע קרבנות. צו אַרבעט פירט מען זיי — אַזוי זאָגט מען זיי אויפן וועג. זיי פרעגן דאָ, צו עס איז אמת וואָס מען האָט זיי געזאָגט.

— איך ווייס נישט — ענטפער איך, נישט קוקנדיק זיי אין די אויגן.

— מען זאָגט, אַז היינט וועט מען אונז באַפרייען — וויל איך זיי באַרויִקן. — דער וואַכמייסטער פון דער תפיסה האָט היינט אונז באַרויִקט, אַז מען וועט אונז מער ניט שיסן און פירן צו אַרבעט.

עס ווילט זיך מיך אַליין נישט גלויבן דאָס וואָס איך האָב היינט געהערט פון וואַכמייסטער, דעם דייטשן נאַטשאַלניק פון דער תפיסה. ער האָט אונז היינט טאַקע באַרויִקט, אַז מיר וועלן גיין צו אַרבעט, אָבער גלויבן אים? ער האָט נעכטן און אייערנעכטן דאָס זעלבע געזאָגט און אונז באַרויִקט און געשמייכלט.

פאַרוואָס האָט דער גורל מיר אַזוי פאַרפאָלגט, אַז איך זאָל דווקא זיין דער עדות, צוזען דעם גרויסן חורבן פון אונז? דאָס קען איך ביז היינט נישט פאַרשטיין. היינט בין איך ווידער אַריינגעפאַלן צווישן פיר, וואָס מען האָט היינט אונטער אַ שטרענגער וואַך געפירט אין געטאָ באַגראָבן עטלעכע מתים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט פשוט אויף דער גאַס. עס איז שוין נישט געווען מעגלעך צו דערקענען אַ צורה של אדם, געשוואָלן, אויסגעשטאַרטשעטע אויגן, אָפענע מיילער. און מיר האָבן אויפן אָרט געגראָבן, אַריינגעלייגט, פאַרשאָטן. אַ בית־עולם געוואָרן אין געטאָ. עס איז קיין אָרט ניטאָ ווו עס איז ניטאָ קיין קבר.

וועגן אַנטלויפן איז קיין רייד נישט געווען. שטאַרקע וואַך־פּאָליציי שפּאַצירן גרופּעסווייז אין גאַס. און מיין אַנטלויפן וואָלט געווען אַ דורכפאַל.

צוריקפירנדיק אונז אין תפיסה האָט אַ זשאַנדאַרמעריסט אונז אַריינגעפירט אין אַ קעלער־צימער און געהייסן פון דאָרטען אַרויסנעמען אַ מענטש, אַן אַלטן מאַן, וואָס מען האָט געפונען אונטער קישנס און קאָלדרעס. ער האָט נאָך געלעבט. זיך געראַנגלט מיט מלאך־המות.

איך האָב בשום אופן נישט דערקענט ווער דאָס איז. אינגאַנצן פאַרענדערט און געכאָרכלט. מיר האָבן אים, לויט זייער באַפעל אַריינגעטראָגן אין תפיסה און אין גרוב אים אַריינגעלייגט לעבעדיקערהייט. ווען איך האָב באַמערקט דעם זשאַנדאַרמעריסט: „ער לעבט נאָך דער מענטש", האָט ער מיר קאַלט געענטפערט: אַ שאָדן אַ קויל פאַר דעם יידן, און מיך אויסגעמאָסטן מיטן בליק פון אויבן אַראָפּ.

אין תפיסה האָט מען אונז מיט פראַגן באַשאָטן: וואָס הערט זיך אין געטאָ? מיר האָבן זיי דערציילט ווי גרויס איז דער חורבן. טיר און טויער אָפן. אונזערע שונאים, די אוקריינער בעל־הביתעווען ביי די יידן אין די שטיבער. מען רייסט טירן, פענצטער, הפקר איז דער ייד און זיין פאַרמעגן.

נאָכדעם ווי מען האָט אונז דערלויבט היינט זיך אָנטרינקען מיט וואַסער, זוך איך מיר אויס אַ ווינקעלע ווו עס זיצן עטלעכע פרומע יידן וואָס זאָגן היינט וידוי און דערציילן זיך מעשיות פון עולם־הבא.

איך פיל מיך היינט זייער שוואַך און צעבראָכן. דאָס האַרץ טוט מיר שטאַרק ווי. כ׳נעם מיר אַרויס אַ פאַרפוילטן בוריק, וואָס כ׳האָב געפונען אין גאַס, עס איך פּאַמעלעך און טראַכט מיר: פאַרוואָס קומט אונז אַזאַ סוף? ווייל מיר זענען אַ אתה בחרתנו־פאָלק?

זשאַנדאַרמעריע, זשאַנדאַרמעריע איז געקומען מיטן וואַכמייסטער איינהאַרן! — הערן זיך קולות פון אַלע זייטן. וואָס קען דאָס זיין?

זיי ריידן צווישן זיך. שמייכלען זיך איבער. זיי זענען צופרידן פונעם רויב, גייען צו נענטער צו אונז און הייסן אונז בלייבן שטיל. און דער וואַכמייסטער איינהאַרן רעדט צו אונז בזה הלשון:

— לויט אַ באַפעל פונעם געביטס־קאָמיסאַר האָבן מיר דאָס רעכט אויסצווילן היינט 30 מענטשן צו דער אַרבעט. די מענטשן דאַרפן זיין געזונטע, ניט באַוויבטע. די 30 מענטשן וועלן אַרבעטן ביי אונז.

עס איז שווער איבערצוגעבן וואָס עס האָט זיך אין דער מינוט געטאָן. ווי ווילדע חיות האָבן זיך די מענטשן געוואָרפן אויף זיי, יעדער האָט געוואָלט האָבן די זכיה אויסגעוויילט ווערן צו דער אַרבעט.

— איך האָב דאָך ביי אייך געאַרבעט, הער וואַכמייסטער!

— איך בין דאָך דער בעסטער צושניידער!

— איך בין אַ פאַכמאַן!

איינער האָט דעם צווייטן געשטופּט. יעדער האָט געוואָלט שטייען פון די ערשטע, בכדי אויסגעוויילט ווערן צו אַרבעט.

פיל מענטשן האָבן נישט געגלויבט אין דעם. מענטשן האָבן געטראַכט ווער ווייס וווהין מען נעמט אַרויס די 30 מענטשן, מען קען זיי באַשולדיקן אין עפּעס און אויפהענגען זיי, אָדער אָנטאָן אַנדערע עינויים קשים.

דאָך איז דער דראַנג צום לעבן שטאַרק. מענטשן האָבן נישט געקוקט, אַז זיי לאָזן איבער פרויען און קינדער — זיי ווילן לעבן.

ווילדע קולות און געשרייען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן. הענט האָבן זיך געריסן, געבעטן אויסגעוויילט צו ווערן.

דער „מלאך־הגואל" איינהאָרן האָט געזען אַז ער קען גאָרנישט מאַכן, האָט ער באַפוילן די אוקראַיינישע פּאָליציי מאַכן רו.

און זיי האָבן גלייך רו געמאַכט, מיט די פריקלאַדן פון די ביקסן האָבן זיי געפּאַכעט איבער אונזערע קעפּ, בלוט האָט זיך געגאָסן פון אַלע זייטן. איינער האָט אונטער דעם צווייטן זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש. און באַלד איז געוואָרן רואיק.

איך בין מיך געזעסן אין אַ ווינקעלע, זיך נישט געריסן צו זיין באַפרייט, עפּעס האָב איך נישט געגלויבט אין דער גאַנצער געשיכטע, כאָטש אַ געדאַנק איז מיר דורכגעלאָפן דורכן קאָפּ, אַז מען וועט אפשר קענען אַנטלויפן פון דער אַרבעט, אָבער רייסן זיך האָב איך נישט געקענט, און טרויעריק זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער ווילדער סצענע.

ווען דער עולם האָט זיך באַרואיקט, האָט דער וואַכמייסטער באַפוילן די יידן צו בלייבן זיצן, ער וועט אַליין קלייבן וועמען עס וועט אים געפעלן, לויט זיין איינזען.

און ער האָט אָנגעהויבן קלייבן. ניט פון די ערשטע וואָס זענען געזעסן, און זיך געריסן, נאָר ער האָט דוקא געזוכט פון די וואָס זענען געווען אין די לעצטע רייען, זיי אַרויסגערופן און געשטעלט אין אַ זייט, פרעגנדיק יעדן איינעם:

— האָסטו אַ ווייב אָדער קינדער? ביסטו געזונט?

יעדער איינער האָט געענטפערט, אַז ער האָט קיינעם ניט דאָ. צוויי האָבן געענטפערט, זיי זענען באַווייבטע און ווילן מיטנעמען די ווייבער, אויב נישט גייען זיי נישט, און זיי זענען צוריק געגאַנגען און זיך שטיל אַוועקגעזעצט.

— קיין פרויען נעמען מיר נישט, נאָר מענער — האָבן זיי געענטפערט, און געזוכט ווייטער.

פון די אַכט, וואָס מיר זענען צוריקגעקומען פון פּיעטידין, זענען מיר אויסגעקליבן געוואָרן פינף. דער דאַמעןשניידער ביק פון זאַמאָשטש, דער שמיד, א. ק., דער דראָשקאַזש משה יוסל, איך, און דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער קצב זאָל אויסגעקליבן ווערן, איבערלאָזנדיק דאָס ייִנגעלע, וואָס ער האָט געראַטעוועט פון גרוב. און איצט, ווען מען האָט אים געפרעגט, צו ער האָט עמיצן, האָט ער געענטפערט: — איך בין אַליין, איך האָב קיינעם נישט.

דער ייִנגל האָט געשוויגן, נישט אָפּגערופן זיך, נאָר אָנגעהויבן צו וויינען און שטיל רופן: — טאַטע, טאַטע.

ווען די צאָל איז פאַרפולט געוואָרן, האָט מען צו אונז גערעדט, דאָס מיר זענען אויסגעקליבן געוואָרן צו אַרבעט, מיר בלייבן לעבן!

ווען מען האָט אונז געפירט צוריק אַריין פון הויף אין תפיסה־צימער, איז אָנגעקומען דער שטעלפאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר קראַוזע און באַפוילן, אַז מיר זאָלן מיטנעמען אויך צוויי פרויען.

— מען דאַרף דאָ זיי פרויען געבן, אויך צוויי פרויען אויסקלייבן! — האָט ער באַפוילן. און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די אויסדערוויילטע געפינען זיך צוויי וואָס האָבן דאָ פרויען, און זיי האָבן אָנגעהויבן בעטן דעם וואַכמייסטער ער זאָל דערלויבן זיי מיטנעמען זייערע פרויען.

דער וואַכמייסטער האָט זיך געבייזערט, און האָט צוגערופן די צוויי פרויען.

די פרייד פון די מענער מיט די פרויען איז זיך נישט פאָרצושטעלן. זיי האָבן זיך געקושט, געדאַנקט דעם וואַכמייסטער פאַר זיין גוטסקייט.

די צוויי פרויען האָט מען אָפּגעטיילט פון אונז און אונז אַריינגעפירט אין אַ צעלע. דער וואַכמייסטער האָט באַפוילן צום היטער:

— די לייטע בלייבן לעבן, גיב זיי וואַסער, און אַנשטענדיק זיך אויפפירן מיט זיי.

צוויי פון אונז זענען גלייך אַוועק מיט אַ זשאַנדאַרמעריסט אין געטאָ און געבראַכט פאַרשימלטע ברויט מיט פּאָמידאָרן און עס געטיילט צווישן אונז. אין אַ עמער האָט מען געבראַכט וואַסער. מיר האָבן נישט געקענט עסן, צוקוקנדיק זיך ווי מען הויבט אָן אַרויספירן די איבערגעבליבענע אין הויף מיט די אויטאָס...

איך וועל קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן די סצענע, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָ צווישן טאַטע און קינד. דאָס קינד האָט אַרויפגעקוקט אין דער הויך צום טאַטן און געשריען:

— טאַטע, טאַטע, פאַרגעס נישט אָן מיר, זאָלסט קדיש זאָגן נאָך מיר, און נאָך מיין מאַמען, פאַרגעס נישט, פאַרגעס נישט, אוי טאַטע איך גיי שוין שטאַרבן, טויט, טויט. טאַטע, פאַרגעס נישט.

דער טאַטע איז געשטאַנען ביי די גראַטעס פון צעלעפענצטער און אַראָפּגעקוקט ווי מען טרייבט צווישן אַנדערע אויך זיין קינד אַרויס פון תפיסה צום טויט. דאָס קינד ראַנגלט זיך, כאַפּט נאָך אַ בליק אין דער הויך צום טאַטן און שרייט — טאַטע פאַרגעס מיך נישט, איך גיי שוין שטאַרבן!

מיר האָבן אַלע געוויינט צוקוקנדיק זיך צו דער סצענע. אַלע אויגן קוקן אויף אונז, יעדער שרייט צו אונז: זייט געזונט, נקמה, נקמה!

יעדער פון אונז רייסט זיך צום פענצטערל, וואַרפן אַ לעצטן בליק אויף די וואָס מיר וועלן שוין מער נישט זען. מיר האָבן נישט געוווּסט אונזער גורל. צו וואָס האָט מען אונז אויסגעקליבן? דאָך האָבן מיר געפילט, אַז היינט בלייבן מיר לעבן, היינט וועלן מיר נישט דערשאָסן ווערן.

דער הויף ליידיקט זיך ביסלעכווייז אויס. מען ברענגט אַריין נייע, וועלכע ווייסן ניט וועגן שדים־טאַנץ וואָס דאָ קומט פאָר. און ערשט פאַרנאַכט לאָזט מען שוין די פרישע קרבנות איבער אויף מאָרגן.

אַ סך פון אונז עסן געשמאַק דאָס פאַרשימלטע ברויט, אָבער איך קען נישט עסן. דאָס האַרץ איז מיר פאַרשטיינערט. עס בלייבט מיר אין האַלדז. היינט ביינאַכט ווערט אַכט טאָג ווי איך געפין זיך אין תפיסה צווישן לעבן און טויט. מיינע אַלע פלענער פון אַנטלויפן האָבן זיך מיר נישט איינגעגעבן, און היינט געפין איך זיך ווידער צווישן די אויסדערוויילטע צום לעבן. איך קען מיך נישט גלויבן אַז ענדלעך וועל איך אַ לעבעדיקער אַרויס פון זייערע הענט.

מיר האָבן מנחה־מעריב געדאַוונט און קדיש געזאָגט נאָך די היינטיקע קדושים. איך האָב קיינמאָל קיין קדיש אַזוי ערנסט נישט געזאָגט ווי היינט, פילנדיק אַ חוב כלפי די קדושים, ווייל וואָס דען האָב איך די זכיה וואָס איך לעב נאָך היינט, אויב נישט צו געדענקען אָן די טויטע און די טייערסטע נאָענטע.

די נאַכט ביי אונז איז געווען אַ רואיקע. צו אונז האָט מען קיין מענטשן ניט געבראַכט. און ערשט אין דער פרי אין הויף, האָבן מיר ווידער געזען פרישע קרבנות, וואָס האָבן צו אונז אַרויפגעקוקט און געמאַכט צו אונז מיט די הענט.

מיר האָבן זיי אַראָפגעוואָרפן ברויט פאַר די קינדער און מער האָבן מיר זיי נישט געקאָנט העלפן.

איך האָב זיי עטלעכע ווערטער אָנגעשריבן, דאָס אונז האָט מען אויסגעקליבן צו אַרבעטן און מען שיסט אונז נישט, אַלע וועלן אַרבעטן. איך האָב זיי דאָס אַראָפגעוואָרפן פון צווישן די גראַטעס. זיי האָבן מיר אין פאַפיר מיט שטיינדלעך אַרויפגעוואָרפן צו אונז געלט. זיי דאַרפן נישט, זיי גייען שטאַרבן.

איך האָב פּראָטעסטירט, מיר דאַרפן נישט קיין געלט, כ׳צערייס עס אויף שטיקלעך. אין תפיסה הויף ווערט אַלץ מער מענטשן. דאָס פייער ברענט נאָך. דער פּאָגראָם שטעלט זיך נאָך נישט אָפּ.

## דאָנערשטיק — צענטער טאָג פון פּאָגראָם. — מיין באַפרייאונג פון תפיסה

אַרום 12 אַ זייגער האָט זיך געעפנט אונזער טיר. עס איז אַריינגעקומען אַ זשאַנדאַרמעריסט און ער האָט אונז באַפוילן זיך צו גרייטן גיין צוריק אין הויף. דאָרט האָט אויף אונז געוואַרט שוין דער וואַכמייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע און פיל פּאָליציי. מען האָט אונז אויסגעשטעלט צו צוויי און דער וואַכמייסטער האָט אונז געזאָגט: מיר ווערן באַפרייט. מיר בלייבן לעבן, אָבער מיר מוזן געדענקען, אַרבעטן פלייסיק און נישט אַנטלויפן. ווער עס אַנטלויפט ווערט דערשאָסן.

מען האָט אונז אַרויסגעפירט פון תפיסה, באַוואַכט פון פּאָליציי, און געפירט אונז אין דער ריכטונג צו דער רויטער שולע. אונז האָט מקבל פנים געווען רעגאַל, דער וואָס האָט פריער געאַרבעט אין יידנראַט, און וואָס איז איצט אויסגעקליבן געוואָרן אַלס אָנפירער איבער דער אַרבעט, וואָס מיר דאַרפן אויספירן.

— רעגאַל, האָסט די יידן צו דער אַרבעט, און ביטע אויפפּאַסן אויף זיי. — רופט זיך אָפּ דער וואַכמייסטער אויף רעגאַלן און גיט אונז איבער אין זיינע הענט. די פּאָליציי וואָס האָט אונז באַוואַכט, הייסט ער צוריקגיין אין תפיסה, ווייל מיר זענען פריי.

מיר האָבן פריי אָפּגעאָטעמט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט צו מען יאָגט מיר נישט נאָך. כ׳האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך בין פריי, אויסער די גרויסע תפיסה־מויערן, און וועל איצט קענען זיך באַוועגן, און אפשר אויך אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך.

רעגאַל האָט אונז צוגעפירט צום הויף פון דער רויטער שולע און אונז באַפוילן זיך איינטיילן אין גרופּעס און ראַמען די הייזער. אַזוי ווי עס איז איבערגעבליבן נאָך די מענטשן אין די הייזער זייער האָב און גוטס, מוזן מיר באַזוכן יעדן הויז און צונויפפּאַקן וואָס דאָרטן געפינט זיך, און אויף אויטאָס דאָס פירן אין דער שולע. דאָרט וועלן די זאַכן אַריינגעלייגט ווערן אין די צימערן און סאָרטירט, געוואַשן, געפּרעסט, און די בעסערע זאַכן וועלן אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד.

די אויפגאַבע, וואָס רעגאַל האָט אונז געגעבן, צונויפנעמען די זאַכן אין די הייזער, האָט אונז ניט געשמעקט. דאָס הייסט מיר וועלן זיין די, וואָס וועלן פאַר אונזערע שונאים, פאַר אונזערע מערדער צונויפנעמען די זאַכן פון אונזערע ברידער, וואָס זענען נאָר וואָס דערשאָסן געוואָרן? מיר וועלן דאָס זיין די, וואָס וועלן זיי דערמעגלעכן צונויפנעמען דאָס האָב און גוטס, וואָס אונזערע ברידער האָבן געקליבן פון דורות, פאַר וואָס אונזערע באָבעס, זיידעס, עלטערן, האָבן אַזוי פיל געהאָרעוועט?

אָבער מיר האָבן געהאַט אַ צווייטע אויסרעכענונג. ערשטנס, זייענדיק אַ גאַנצן טאָג פריי וועלן מיר קענען זיך אַרומקוקן, אפשר וועלן מיר קענען אַנטלויפן. צווייטנס האָבן מיר געהאַט אַ וויכטיקע אויפגאַבע: עס געפינען זיך נאָך פיל יידן באַהאַלטן אין געטאָ, וואָס ליידן הונגער און דורשט. מיר מוזן זיי העלפן מיט וואָס מיר וועלן נאָר קענען.

עטלעכע מאַן פון אונז האָט מען אָפּגעטיילט. זיי דאַרפן ברענגען פּראָדוקטן פאַר די קיך, וואָס ווערט איינגעאָרדנט, און וווּ די צוויי פרויען וועלן קאָכן פאַר אונז. די מענער ווערן איינגעטיילט אין גרופּן און וועלן דאַרפן אויספירן די אויפגאַבע, וואָס איז אויף אונז אַרויפגעלייגט געוואָרן. רעגאַל האָט אונז געבעטן מיר זאָלן ניט אַנטלויפן, ווייל די זשאַנדאַרמעריע האָט אים פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן בלייבן לעבן. זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויפלייגן די אַרבעט פון קלייבן זאַכן אויף די אוקריינישע פּאָליציי, דעריבער האָבן זיי גענומען יידן.

די ערשטע אַרבעט איז געווען צו ראָמען די הייזער דווקא אין „לעבעדיקן געטאָ”, אין זאַריטשאַ און וואָדאַפּוינעגאַס, וואָס איז געווען ניט ווייט פון דער רויטער שולע. אין דער רויטער שולע האָבן אויך געאַרבעט עטלעכע פון פריער, זיי האָבן דאָרטן סאָרטירט די זאַכן אין באַזונדערע צימערן אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּאָליאַק, וועמען עס זענען פאַרטרויט געוואָרן אַלע מאַגאַזינען, און וואָס איז רייך געוואָרן פון דעם יידישן גוטס, און איז שפּעטער אַנטלאָפן קיין פּוילן מיט די דייטשן.

אין די הייזער איז געווען נישט צו דערקענען, אַלץ איז געווען איבערגעדרייט, דאָס יידישע גוטס האָט זיך געוואַלגערט אין שטוב און הויף.

אין די הייזער האָבן זיך נאָך געפונען באַהאַלטן יידן. אונזער ערשטע הילף איז געווען וואַסער און ברויט, וואָס מיר האָבן זיי דערלאַנגט. די מענער האָבן מיר אַרויסגענומען פון די באַהעלטענישן, זיי אָפּגעראַזירט און זיי מיטגענומען מיט אונז צו דער אַרבעט. פאַרנאַכט האָבן זיי זיך צוריק באַהאַלטן. אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר זיי מיטגענומען מיט אונז, ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום ראַפּאָרט. דער פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר האָט אונז באַקוקט און באַזוכט און געשריען אויפן קול:

— געלט, גאָלד, זייגערס אָפּגעבן! — און איבערציילנדיק אונז האָט ער אַנשטאָט 30 מאַן געפונען 42. רעגאַל האָט אים דערקלערט, אַז עס איז דאָ פיל אַרבעט, האָט ער געמוזט נעמען נאָך מענטשן.

— יאָ, אָבער פון וואַנען האָסטו די מענטשן גענומען?

— זיי זענען פון די דערפער געקומען — האָט רעגאַל געענטפערט — נישט וועלנדיק אים זאָגן, אַז מיר האָבן זיי גענומען פון געטאָ.

ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען, אונטערגעשמייכלט, געקוקט אויף אונז ווי אויף זיינע אונטערטעניקע, און גאָר ניט געזאָגט אויף דעם, נאָר נאָך אַ מאָל אונז געוואָרנט:

— ווער עס וועט דאָס גאָלד נישט אָפּגעבן, וועט ווערן געשלאָגן צום טויט!

נאָכדעם, ווי מיר האָבן געגעסן די זופּ וואָס אונזערע צוויי פרויען האָבן פאַר אונז צוגעגרייט, זענען מיר געגאַנגען שלאָפן אין אַ ספּעציעל צוגעגרייטן באַראַק מיט שטרוי.

איך אַליין האָב שוין וועגן אַנטלויפן נישט געקלערט. ערשטנס, איז ניט געווען ווו. ווי נאָר מען איז אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט אָדער אין דאָרף, איז מען תיכף געכאַפּט געוואָרן דורך דער אוקריינישער פּאָליציי, אָדער געשאָסן געוואָרן. צווייטנס, האָב איך איצטער געהאַט אַ וויכטיקע אויפגאַבע, וואָס האָט מיר באַפרידיקט און געמאַכט פאַרגעסן מיין „איך": העלפן מענטשן וואָס ליגן באַהאַלטן. אויפן דריטן טאָג האָבן מיר געציילט שוין 142 מאַן. מיט יעדן טאָג איז אונזער צאָל געוואַקסן. מיר האָבן אַלע געאַרבעט, און אויך געראַטעוועט מענטשן פון פינצטערן גרוב.

מיט פרויען און קינדער איז די לאַגע געווען פיל ערגער. מיר האָבן צוגעגעבן צו דער קיך נאָך זעקס פרויען, אָבער מער האָט מען אונז נישט דערלויבט, און מיר האָבן געמוזט אויפזוכן פאַר זיי גוטע באַהעלטענישן און זיי פאַרזאָרגן מיט עסן ביז דער פייער וועט ווערן אָפּגעשטעלט.

אַזוי האָבן מיר אין דער געביידע פון דער רויטער שולע — וווּ ס'איז געבראַכט געוואָרן דאָס יידיש גוטס, איינגעאָרדנט אין די קעלערן עטלעכע פרויען מיט קינדער, און מיר האָבן זיי אַפילו פאַרזאָרגט מיט וואַרעם וואַסער. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָרט וועט מען זיי ניט זוכן.

די אוקריינישע פּאָליציי האָט נאָך אין געטאָ פיל צרות אָנגעטאָן, געזוכט, געריסן בריקן, טירן פענצטער, אַבי צו געפינען אַ קרבן.

אין די ערשטע טעג פון אונזער אַרבעט האָבן מיר אויך אויסגעקויפט פאַר גאָלד עטלעכע יידן, וואָס זיי האָבן געפונען, און אַריינגענומען אין אונזערע רייען, אָבער עס האָט געטראָפן פיל פאַלן, ווען ס'האָט קיין גאָלד אויך נישט געהאָלפן.

געלט און גאָלד האָבן מיר געהאַט גענוג, וואָס מיר האָבן עס איבערגעגעבן דער מאַכט יעדן פאַרנאַכט, ווייל צו וואָס האָבן מיר עס באַדאַרפט האָבן אין דער צייט ווען מיר האָבן אַלץ פאַרלוירן, דאָס שענסטע און דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. אַלץ איז אונז געווען איבעריק, מיר האָבן פיל טייערע חפצים באַהאַלטן, אָבער עפּעס האָבן מיר געמוזט אויך איבערגעבן.

אויפן פופצנטן טאָג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פּאָגראָם. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געהייסן דעם הער רעגאַל ער זאָל גיין אין תפיסה, ווו עס געפינען זיך עטלעכע און דרייסיק יידן און זיי אַרויסנעמען צו זיך. מען האָט אונז דערלויבט צו באַוווינען אַ קליינעם טייל פון געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען שיענקעוויטש־גאַס, לימאַניקס מויער מיט די האַלעס און די גרויסע גימנאַזיע־געביידע, וואָס איז געוואָרן אַ לאַגער, ווו עס האָבן געוווינט איינצעלנע פון משפחות און די רעשט האָט געוווינט אין די איבעריקע הייזער.

מענטשן זענען ביסלעכווייז אַרויסגעקראָכן פון די לעכער, אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע, ווייל נישט וועגן אַלע האָבן מיר געוווּסט, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו קומען צוריק אין געטאָ.

די אויסרעכענונג פון די דייטשן איז געווען אַ גוטע. דאָס ביסל וואָס איז איבערגעבליבן איז געווען צעשפּרייט אין ביידע געטאָס, און זיי האָבן נישט געקענט דערטאַפּן ווו יידן געפינען זיך. האָבן זיי אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם, דאָס ביסל יידן זאָל זיך צונויפקומען אין אַ ענגערן אָרט, ווו מען וועט זיי קענען שפּעטער אומברענגען. דערפאַר איז דער פּאָגראָם אָפּגעשטעלט געוואָרן און אויך דער געטאָ פאַרקלענערט געוואָרן, פאַרשמעלערט, און מען האָט אונז פאַרזיכערט, אַז מיר בלייבן לעבן און אַרבעטן.

די איבערגעבליבענע יידן, ביי אַ פיר טויזנט, האָבן זיך גענומען צוריק איינאָרדנען אין זייערע הייזער, אַרויסראָמען וואָס איז במשך פון די בלוטיקע טעג אָנגעשמוצט געוואָרן, איינשטעלן בעטן, און צוריק זיך באַזעצן. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען קודיש לייב מיט דער פאַמיליע, וואָס איז געווען באַהאַלטן, און אין צוויי וואָכן אַרום — פנחס שיינקעסטל מיט זיין פאַמיליע, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פירן דאָס „רעדל" מיט דאָס ביסל איבערגעבליבענע, אויסגעמאַטערטע, פאַריתומטע יידן. זיי האָבן זיך געשטעלט בראש און אָנגעהויבן ווידער צו שיקן אויף אַרבעט. עס האָבן זיך געשאַפן פרישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן טאָג־טעגלעך אָנגעהויבן אַרויס שלעפּן מענטשן צו דער אַרבעט.

מיר האָבן אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט פון צוזאַמענעמען דאָס יידישע גוטס און זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט צושטעלן פּראָדוקטן צו דער קיך, וואָס איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן ביים לאַגער פאַר איינצלנע מענטשן. און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די זעלבע מעשה מיט אַרבעט ווי פאַרן ערשטן פּאָגראָם.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער פּאָגראָם אין לודמיר דעם 15/9. פון די יסורים, וואָס איך האָב דורכגעלעבט קען מען זיך פאָרשטעלן די יסורים פון אלע אונזערע ברידער.

איצט וועל איך אַריבערגיין ווייטער און דערציילן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט ביים צווייטן פּאָגראָם.

נאָכן ערשטן פּאָגראָם — ווידער געטאָ נאָר אָן לאַטעס. יידן גייען ווידער אויף אַרבעט. די יידישע „מושלים" קודיש און שיינקעסטל.

דער ערשטער פּאָגראָם, ווי איך האָב שוין געשריבן, האָט זיך געענדיקט דעם 15־טן סעמפּטעמבער און אויפן באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַר איז געשאַפן געוואָרן אַ קליינער געטאָ, ווו די ביסל איבערגעבליבענע יידן האָבן זיך געמוזט באַזעצן. דער נייער געטאָ האָט זיך געפונען אין דעם „טויטן געטאָ". אָנגעפירט מיט דעם נייעם געטאָ, צייטווייליק, האָט רעגאַל, וועלכער האָט זיך ניט שלעכט באַצויגן צו דאָס ביסל יידן און געהאָלפן ווי ווייט מעגלעך זיך איינאָרדענען אין די ווייניק באַשטימטע ערטער. פון טאָג צו טאָג זענען געקומען פרישע מענטשן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די דערפער ביי קריסטן און אין די וועלדער. זיי זענען געקומען צוריק, ווייל זיי האָבן געהערט, אַז דער פּאָגראָם האָט זיך געענדיקט, כאָטש מען האָט געוווסט אַז אַ צווייטער פּאָגראָם וועט קומען. דאָך זענען ווייניק מענטשן אַוועק זיך באַהאַלטן ווייל אויסערן געטאָ האָט קיין ייד נישט געטאָרט זיך באַוועגן. די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען באַהאַלטן ביי קריסטן זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן פון די קריסטן צו גיין צוריק אין געטאָ, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר זייער אייגענעם לעבן.

פאַרן ערשטן פּאָגראָם איז אין לודמיר געווען, צוזאַמען מיט די אָנגעקומענע יידן פון פוילן און די אַרומיקע שטעטלעך, ביי 22 טויזנט יידן. בעת דעם ערשטן פּאָגראָם זענען אומגעקומען אַן ערך 18 טויזנט יידן. פיר טויזנט זענען דערשאָסן געוואָרן אין דער תפיסה און באַגראָבן געוואָרן אין תפיסה־הויף אין דריי גרויסע קברים, וואָס זענען דורך יידן געגראָבן געוואָרן אין די פּאָגראָם־טעג, דאָנערשטיק דעם 3־טן סעפּטעמבער, פרייטיק, דעם 4־טן און שבת דעם 5־טן סעפּטעמבער. אין פּיאַטידין אין דריי גרויסע גריבער געפינען זיך 14 טויזנט יידן — 9 טויזנט אין איין גרוב, 3 טויזנט אין צווייטן און 2 טויזנט אין דריטן גרוב.

די 4 טויזנט איבערגעבליבענע נאָכן ערשטן פּאָגראָם יידן, זענען געווען באַהאַלטן איןביידע געטאָס. אַממערסטן זענען געבליבן די יעניקע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין אַזוי גערופענעם „טויטן געטאָ". דער „טויטער געטאָ" איז געווען פיל גרעסער און אָרעמער און די אוקריינער האָבן דאָרטן ווייניקער געזוכט. דער „לעבעדיקער געטאָ" איז געווען פיל גרעסער און דאָרטן האָבן זיך געפונען אַלע רייכע, וואָס האָבן פאַר געלט באַקומען אַ פאַך־קאַרטע. דאָרטן האָבן די אוקריינער געזוכט אין יעדן ווינקל, און פון דאָרטן זענען גאָר ווייניק מענטשן געבליבן.

און ווען דער פּאָגראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט, זענען יעדן טאָג אַלץ מער מענטשן אַרויס פון די לעכער.

דאָס רוב זענען געבליבן איינצלנע מענטשן, אָדער קינדער אָן עלטערן, און מאַמעס מיט קינדער. דאָך זענען געבליבן ביי אַ 200 משפחות, וואָס זענען נאָך געווען גאַנץ. זיי האָבן זיך באַזעצט אין די אַזוי גערופענע „האַלע", ווו עס זענען פריער געווען געשעפטן.

אין דעם לעבעדיקן געטאָ האָט מען קיין רעכט נישט געהאַט צו וווינען. עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז פון דאָרטן דאַרף אַלץ ווערן אויסגערוימט און אַריבערגעפירט אין דער רויטער שולע.

עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן עטלעכע גרופּעס צו רוימען די זאַכן. די מעבל איז איבערגעפירט געוואָרן אין באַזונדערע באַראַקן. **דאָס בעסערע האָבן די דייטשן גענ**פאַר זיך און די ערגערע זאַכן האָבן זיי אָפּגעגעבן די פּאָליאַקן. די דאָרפס־פויערים וואָס האָבן אָפּגעגעבן דעם באַשטימטן סכום תבואה, וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן, האָבן באַקומען אַ מתנה: אַ צעטל פון געביטס־קאָמיסאַר אויף אַ שטיק יידיש מעבל גראַטיס.

די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביים צוזאַמענעמען די מעבל, האָבן פיל צעבראָכן, אָבער ס'איז נאָך גענוג פאַרבליבן פאַר זיי צו צוטיילן.

אויך דער מאַגיסטראַט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אוקריינער, האָט אָנגעהויבן צו פאַרקויפן פאַר פּאָליאַקן יידישע הייזער פאַר ביליקע פרייזן.

אין פוילן איז די פריערדיקע פוילישע געלט אַנולירט געוואָרן און ס'איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן עמיסיע־זלאָטעס און ביי אונז אין וואָלין איז ספּעציעל אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַן אוקריינישער רובל, געשריבן אין דייטש און אין אוקריינִיש מיט אַ בילד פון אַ דאָרפס־פויערטע מיט זאַנגען. די דייטשע מאַרקן האָט מען ווייניק געזען אין אומגאַנג, נאָר די אוקריינישע רובל וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין ראָוונע. די באַפעלקערונג האָט ווייניק צוטרוי געהאַט צו די דאָזיקע געלט, און דער גרעסטער האַנדל איז געווען דאָס בייטן. ווען מען האָט געהאַט שטאָף, מלבושים, שיך, האָט מען זיי געביטן אויף שפייז ביי די פויערים. די יידן פלעגן פון שטוב אַלץ אַרויסנעמען ווען זיי פלעגן גיין אויף דער אַרבעט אויסערן געטאָ בכדי צו ברענגען אין געטאָ אונטער דער פאָלע עסנוואַרג.

ווען דער געביטס־קאָמיסאַר פלעגט כאַפּן אַ יידן מיט אַ שטיקל פּוטער אָדער אַ ביסל קאַרטאָפל, פלעגט ער דאָס צונעמען, אַריינשיקן אין קיך צו אונז און פלעגט אָנשרייען אויף אונזער „מושל" קודיש, וואָס ער דערלאָזט צו דעם. דער געביטס־קאָמיסאַר אונזערער איז געווען אַ קלוגער דייטש אַ יונגער היטלעראָוויעץ אָבער אַ קלוגער. ער האָט אין פיל פאַלן נאָך פאַרן פּאָגראָם פאַרהיט אונז פון פיל אומגליקן. ווען עס פלעגט צו אונז קומען די געשטאַפּאָ, פלעגט ער פריער אָנזאָגן וועגן דעם אין יידנראַט, מען זאָל זיך ווייניקער דרייען איבער די גאַסן און זען מהנה זיין די „חברה" מיט שיינע מתנות, זיי זאָלן קיין קרבנות ניט נעמען. ווען דער יידנראַט האָט אים עטליכע טעג פאַרן ערשטן פּאָגראָם געפרעגט וואָס וועט זיין, האָט ער געענטפערט:

— איך בין ניט מער ווי אַ בשר־ודם, אַ דייטש און אַ מיליטער־מאַן, און אַ מיליטער־מאַן ווען ער באַקומט אַ באַפעל, מוז ער אים אויספירן.

דער יידנראַט האָט ניט געגלויבט אַז דאָס וועט פאָרקומען, כאָטש דער געביטס־קאָמיסאַר האָט זיי די פינגער אין

מויל אַריינגעלייגט, אַז ער איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך, ווען ער וועט באַקומען אַ באַפעל פון די העכערע מאַכט. עס איז ריכטיק אַז ער האָט דעם פּאָגראָם אָפּגעצויגן וואָס לענגער, און די העכערע מאַכט האָט אים געצוווּנגען דאָס דורכצופירן.

ער האָט ניט שלעכט באַהאַנדלט אונז. אין דער צייט ווען אין אַנדערע שטעט איז געגעבן געוואָרן נאָר געציילטע מינוטן זיך אַריינצוציען אין געטאָ, איז אונז געגעבן געוואָרן צוויי וואָכן צייט. אין דער צייט ווען אין קאָוועל האָט מען אויפגעהאַנגען צוויי יידן פאַר טרעפן זיי שעכטן אַ קעלבל, האָט ער ביי אונז נאָר אָנגעשריען, און אָפּט זיך בכלל נישט וויסנדיק געמאַכט. ער פלעגט אָפּט אַריינקומען אין די הייזער און וועלן זען וואָס מען קאָכט, און ווען ער פלעגט געפינען פיל שפּייז, פלעגט ער עס צונעמען און שיקן עס צו אונז אין קיך אַריין, אָבער ער האָט געשוויגן. דאָס האָט אַ ביסל צוגעגעבן מוט די יידן, זיי זאָלן זיצן אין געטאָ, כאָטש עס איז ניט געווען ווו צו לויפן, דאָס פייער האָט געברענט אַרום און אַרום. אין געטאָ האָט זיך דאָך דער ייד געפילט פרייער, צווישן יידן און געלעבט מיטן „היינט". מען איז געווען שוואַך, צעבראָכן, נישט אַלע האָבן געקענט ליגן מאָנאַטן באַהאַלטן, אָן לופט, אָן עסן.

דער געביטס־קאָמיסאַר האָט אויך איצט באַפוילן אַראָפּנעמען די שאַנד־לאַטעס און אויף זייער אָרט, אויפן לינקן אַרבל האָט ער געהייסן טראָגן ווייסע פּאַסקעלעך פון לייוונט. אַלס צייכן אַז מען איז אַ ייד, דאָס איז געווען פיל שענער ווי די געלע לאַטע אויפן פאָרנט און אויף דער פּלייצע.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך באַוויזן אין געטאָ קודיש, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט פאַרן ערשטן פּאָגראָם ביים שיקן די יידן צו אַרבעט און ביים טיילן די פּאַך־אויסווייזן. קודיש האָט איבערגענומען די מאַכט אין פרישן געטאָ.

ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע אַרבעטס־טעג פאַר יידן. און ווידער האָבן יידישע פּאָליציאַנטן אַרויסגעשלעפּט פּאַרטאָג יידן צו אַרבעט. ווידער האָבן זיך יידן געשטעלט פּאַרטאָג ביי דער יידישער גימנאַזיע, ווו ס'איז יעצט געוואָרן דער לאַגער, די דייטשן זענען געקומען און גענומען פּאַרטיעס־ווייז צו שווערער אַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אין צוויי וואָכן אַרום נאָך קודישן איז אויך געקומען פון דער באַהעלטעניש שיינקאַסטל מיט זיין משפחה. ער איז געוואָרן קודישס אַדיוטאַנט, בעל יועץ. אַזוי אַרום האָבן אַלע דריי: קדוש, שיינקעסטל און רעגאַל איבערגענומען די מאַכט איבער די איבערגעבליבענע יידן.

דער הויפּט־רעדלפירער איז געווען קודיש. וועגן אים איז אַ באַזונדערער קאַפּיטל. ווי אַזוי ער האָט פאַרפירט דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן, און זיך נישט געלאָזט אַנטקעגנשטעלן. אים איז אַלץ איינס געווען, ער האָט געמיינט, אַז די גאַנצע עדה מעג אומקומען, אַבי ער וועט ראַטעווען זיין לעבן.

אין מיינע ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועגן מיינע איבערלעבונגען, וועל איך וועגן אים גענויער דערציילן.

איך האָב אַוועקגעוואָרפן מיין אַרבעט פון גיין איבער די הייזער און צוזאַמענעמען דאָס יידישע גוטס. מיט נאָך אייניקע חברים זענען מיר געגאַנגען איבער די יידישע הייזער און צונויפגענומען דאָס עסנוואַרג, וואָס איז אין יעדער שטוב געווען פיל. די יידן אין די באַהעלטענישן האָבן מערער מורא געהאַט צו בלייבן אָן שפּייז, ווי פאַרן טויט. די צוזאַמענגעבליבענע שפּייז האָב איך געפירט אין קיך, ווו מען האָט געקאָכט עסן פאַר די לעבנגעבליבענע יידן. דאָך האָבן געהונגערט די מענטשן וואָס האָבן געאַרבעט אין געשטאַפּאָ, און איך האָב געזען מיט וואָס נאָר מעגלעך זיי צו העלפן, אַריינוואַרפנדיק זיי עפּעס וואָס צו עסן.

אין געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ בעקעריי, ביי קרישטאַל אין קעלער, ווו מען האָט געבאַקן ברויט פאַר די יידישע באַפעלקערונג, פון דעם מעל וואָס מען האָט צונויפגענומען אין געטאָ.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז צוריק נאָרמאַליזירט דאָס לעבן אין געטאָ, ווו מען האָט פאַרגעסן שוין דעם ערשטן פּאָגראָם און ווידער געאַרבעט, און ווידער געהאַט שלאָפלאָזע נעכט צוליבן ביטערן גורל וואָס דערוואַרט אונז מאָרגן. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער טאָג וועט קומען, און מען איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, ווייל קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען, און ס'איז נישט געווען וווהין צו לויפן.

ביי די טויערן פון געטאָ איז די אוקראַיינישע פּאָליציי ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן, און זיי האָבן גוט אַכטונג געגעבן מען זאָל חלילה ניט אַריינברענגען אַ ביסל קאַרטאָפל. אָבער מיר האָבן זיך דאָך אַן עצה געגעבן.

אין דער נישט באַוווינטער זייט פון געטאָ זענען אַרומגעגאַנגען גרופּעס יידן און צונויפגענומען דאָס גוטס און עס אָפּגעבראַכט אין דער רויטער שול. און ווען דאָרט איז שוין געווען פול, האָט מען אָפּגעפירט דאָס יידיש פאַרמעגן דאָרט ווו עס איז געווען דער יידישער אַרבעטס־אַמט; דאָרט האָט מען אָנגעפילט מיט יידיש גוטס אַלע צימערן.

אין דער רויטער שול איז די אַרבעט געגאַנגען מיטן גאַנצן ברען. עטלעכע יידן בראש מיט שלמה פויקער און שלום בורשטין האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, געוויינלעך אונטער קודישעס השגחה. אַ גאַנצער שטאָב מיידלעך און עטלעכע מענער האָבן סאָרטירט די זאַכן, געוואַשן און געפּרעסט. יעדן טאָג איז דאָרטן געווען ווי אויף אַ יריד. פיל הויכע דייטשע באַאַמטע, אָפיצירן, ס־ס־לייט, אָפּט אויך דער געביטס־קאָמיסאַר, פלעגן קומען דאָרטן נעמען פון שענסטן און בעסטן, בכדי צו שיקן מתנות פאַר זייערע משפחות קיין דייטשלאַנד. ספּעציעל גוטע זאַכן, פּאַקענע און קאַראַקולענע פוטערס, שטאָפן און זיידענע וועש, פלעגט אויסטיילן לויט זיין איינזען דער געביטס־קאָמיסאַר. דעם געביטס־קאָמיסאַרס קאָקאַנקע „אננא" האָט שוין נישט געוווּסט וואָס יעדן טאָג אָנצוטאָן. די בעסטע דאַמען־שניידער האָבן איר גענייט און ס'איז נישט געווען מעגלעך איר צופרידן צו שטעלן, אַלץ האָט נישט געטויגט.

ספּעציעלע צימערן זענען געווען פאַרנומען מיט שוכוואַרג, וואָס מען האָט געבראַכט צוריק פון די גריבער און פון שטאָט. אויפן הויף האָבן זיך געוואַלגערט קאַסטנס מיט זילבערוואַרג, געפעס, מעסערס. אַנטיקע יידישע מנורות און הענגלאָמפּן, זילבערנע און מעשענע סאַמאָוואַרן, פּרימוס־מאַשינקעס, און פאַרשיידענע כלים. אַלץ האָט זיך געוואַלגערט אויפן הויף פון דער „בלוטיקער רויטער שול", ווייל אין די צימערן איז שוין קיין אָרט נישט געווען.

עטלעכע מאָנאַטן פאַרן ערשטן פּאָגראָם האָט זיך גערודערט אין דעם אַמאָליקן פּוילישן גרויסן גאַלאַנטעריע־געשעפט, וואָס איז געשטאַנען לײדיק די לעצטע צײט. מען האָט צוגעגרייט דאָס געשעפט פאַר פרישע סחורה. מיט גרויסע „לבנה־אותיות" — „האַמבורג—וולאַדימיר" האָט מען אָנגעזאָגט אַז מען רעכנט זיך, אַז די דײטשן וועלן ברענגען סחורות פון האַמבורג פאַר דער לודמירער באַפעלקערונג. אָבער ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז דאָס געשעפט איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר די יידישע צוראַבירטע סחורות און אַז נאָכן פּאָגראָם וועט מען דאָרט פאַרקויפן די ביליקע זאַכן, וואָס עס האָט נישט געלוינט צו שיקן קיין דײטשלאַנד. די איבערגעבליבענע פון די דײטשן סחורות זענען געוועזן באַשטימט ספּעציעל פאַר פּאָליאַקן און דאָרפס־פּויערים מיט ספּעציעלע שײנען פון אַרבעטס־אַמט. דאָס יידישע האָב און גוטס, שטוב־זאַכן און שפּייז־זאַכן, איז דאָרטן געשיקט געוואָרן פון דער רויטער שולע.

אין פענצטער פונעם געשעפט איז ספּעציעל געווען געשריבן:

„פאַר יידן אײנטריט פאַרבאָטן!"

און ניט אײנמאָל האָט מיר געוויטאָגט דאָס האַרץ זעענדיק ווען כ׳פלעג דאָרט פאַרבײגײן, ווי די שונאים אונזערע טראָגן אַרויס פון געשעפט אונזער גוטס, וואָס אונזערע עלטערן, אונזערע באָבעס און זיידעס האָבן אַזוי פיל יאָרן אויף זיי געהאָראָוועט, בכדי צו פאַרזיכערן דאָס עקזיסטענץ פון זייערע קינדער.

אין דער נישט־באַווינטער געטאָ איז אָפט מאָל אויסגעבראָכן שריפות. דאָס האָבן די קריסטן בײנאַכט געראַבֿעוועט און געזוכט איבערגעבליבענע יידיש גוטס. גייענדיק אומפאָרזיכטיק מיט ליכט, האָבן זיי אָפט מאָל פאַראורזאַכט שריפות. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט דעריבער באַשטימט יעדע נאַכט אַ וואַרטע פון יידן, זיי זאָלן היטן פון גנבות און שרפות.

די אָרגאַניזירטע יידישע חברה, האָבן געוואָלט פאַר יעדן פּרייז אַרײנברענגען אין געטאָ געווער, בכדי צו קענען כאָטש זיך נוקם זײן אין פאַל פון טויט — זיי האָבן געוואָלט זיך כאָטש נוקם זײן דורכן אונטערצינדן די יידישע הײזער, בכדי אַלץ זאָל אַוועקגײן מיטן רויך, און בכדי אונזער פאַרמעגן זאָל אין די שונאים׳ס הענט ניט אַרײנפאַלן.

אַ גרויסע שריפה איז אויסגעבראָכן יום־כיפּור ביי נאַכט תש״ב. אַ קלײנע גרופּע יידן, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין אַ צימער פון אונזערן אַ חבר. אין פונקט ווען מען האָט מיט גרויס געוויין געזאָגט כל־נדרי, איז אויסגעבראָכן לעבן דער שול אַ גרויסע שריפה. די אוקראַינער זענען אַרײן אין געטאָ און אונז אַרויסגעטריבן לעשן דאָס פײער. ווער עס האָט זיך קעגנגעשטעלט איז רוצחות׳דיק געשלאָגן געוואָרן. עס זענען דעמאָלסט פאַרברענט געוואָרן עטלעכע גרויסע מויערן, צווישן זיי מײן זיידנס מויער, ווו עס האָבן לעצטנס געוווינט מײנע עלטערן.

די גרויסע שול איז געבליבן שטײן, און שטײט נאָך ביז הײנט אַלס סימבאָל און זכר פון אַ יידישן ישוב. די טירן און פענצטער זענען נישטאָ, צעבראָכן. באַשמוצט איז געוואָרן אויך איר הייליקייט. די אוקראַינישע באַנדעס האָבן די ספר־תורה׳ס פאַרברענט, די ספרים צעריסן. די ווענט זענען געבליבן, און עס פינקלען נאָך פון ווייטן די יידישע אותיות פון אַמאָליקן יידישן גביר און נדבן ישראל שולמאַן, וואָס האָט די שול פאַרריכט, און געלאָזט זײן נאָמען אויף דער שול אָנשרײבן. די צוויי גרויסע „מגן־דוד"ס, וואָס האָבן די גאַס באַלויכטן יאָרנלאַנג, זענען לויט אַ באַפעל, נאָכן צווייטן פּאָגראָם אַראָפּגענומען געוואָרן און איבערגעגעבן געוואָרן דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן צו באַהאַלטן. מיר זאָלן עס אַלס אָנדענק האָבן — האָט דער דײטש געשמייכלט און געזאָגט צו קודישן — „פון אייער הייליקן טעמפּל".

מיר האָבן זיי באַהאַלטן, אָבער ביים לעצטן, דריטן פּאָגראָם, זענען זיי פאַרלוירן געגאַנגען צוזאַמען מיטן ביסל יידן.

פונעם באַוווסטן מפורסמדיקן לודמירער רבין נחומ׳צע ז״ל, וואָס מ׳פלעגט פון דער גאַנצער סביבה קומען צו אים מיט קוויטלעך, און וועלכער איז פאַר דער מלחמה נפטר געוואָרן, איז איצט נאָכן ערשטן פּאָגראָם געבליבן אַ זון, אַ קאַליקע אויף די פיס. ער איז געווען ממלא מקום פון זײן פאָטער. די עטלעכע חסידים, וואָס זענען איצט געבליבן האָבן אים אײנגעאָרדנט אין אײנע פון די דערלויבטע הײזער. די אויפגאַבע פון אים און פון זײנע חסידים איז באַשטאַנען אין צונויפנעמען די פאַרברענטע ספר־תורה׳ס און הייליקע ספרים. מען האָט אים געזען טאָג־טעגלעך זיך אַרומדרייען, מיט זײנע מענטשן, אין באַגלייטונג פון אַ וועגעלע, ווו זיי פלעגן צונויפזאַמלען די צעריסענע ספרים, טליתים, תפילין, צעריסענע שטיקער פאַרמעט פון די ספר־תורה׳ס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן פון געטאָ. זיי האָבן מיט גרויס יראת־הכבוד און ליבשאַפט געהאָפט מיטן גרויסן בטחון, אַז דער השם יתברך וועט זיך מרחם זײן, און דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן וועלן דאָך בלייבן לעבן און וועלן קענען אויסנוצן די אַלע איבערגעבליבענע ספרים נאָכן גרויסן חורבן.

בין מנחה למעריב פלעגן זיך ביי ר׳ נחומ׳צ׳ס זון פאַרזאַמלען עטלעכע יידן, פאַריאַוש׳דיקע, פלעגט ער זיי טרייסטן:

— מען דאַרף תשובה טאָן, מיר האָבן צו פיל געזינדיקט, און מיר דאַרפן פאַר אונזערע זינד אָפּקומען. אָבער אַ צו גרויסע שטראָף גיט אונז דער רבונו של עולם. פאַר אונזערע זינד לײדן נעבעך אונזערע קינדער, וואָס האָבן נאָך גאָרנישט געזינדיקט, מיר דאַרפן איצט תשובה טאָן. אויף מײן טאַטעס קבר קענען מיר איצטער ניט גײן, אָבער איך בין זיכער, אַז מײן טאַטע רוט ניט איצטער אין קבר, זײנע קולות רײסן זיך פאַרן כסא הכבוד, און בעטן רחמים, תשובה פאַרן ביסל עם ישראל!

און נאָך מעריב האָט מען יעדע נאַכט פסוקים תהילים געזאָגט, מיטן איכה ניגון, מיטן וויינענדיקן קול פון תשעה־באב.

איך האָב זיי מקנא געווען דאָס ביסל יידן צוזאַמען מיט נחומ׳צ׳ס זון, וואָס האָבן נאָך געהאַט דעם גרויסן בטחון, אַז דער רבונו של עולם וועט סוף כל סוף דערהערן זייערע תפילות און מבטל מאַכן די גזירות.

די טאָג טעגלעכע אַרבעט אין געטאָ האָט ווי פריער פאַרטומלט די רעשט ביסל איבערגעבליבענע, אַזוי אַז עס איז ווידער קיין צײט נישט געווען זיך צו מאַכן אַ קלײנעם דין וחשבון פון דער איצטיקער ביטערער לאַגע, וואָס איז

מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרכמאַרעטער און פאַרוואָלקנטער געוואָרן. דער פּחד פאַרן ביטערן פינצטערן מאָרגן האָט גע־בראַכט שלאָפלאָזע נעכט. מען איז די גאַנצע נעכט אַרומגע־גאַנגען און אויסגעקוקט אויפן מאָרגן, ער זאָל קומען אָן אַ פרישן פּאָגראָם.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן שושקען, שמועסן, מען האָט מורא געהאַט פון מויל דאָס וואָרט אויסצורעדן, אַז מען ריכט זיך אויף אַ נייעם פּאָגראָם.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן פאַרשיידענע וועגן צו אַנט־לויפן. מיר האָבן געהערט וועגן פּאַרטיזאַנער, אָבער ווו גע־פינען זיי זיך האָבן מיר בשום אופן נישט געקענט זיך דער־וויסן. שליחים פון אונז, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט, פאַר־שטענדלעך, אָן קודישעס וויסן, זענען צוריקגעקומען אָן אַן ענטפער. מיר האָבן געהערט, אַז אין די פּאָלעסיער וועלדער געפינען זיך פּאַרטיזאַנער, אָבער דער וועג אַהין איז געווען נישט דערגרייכבאַר, געפערלעך. עס האָבן דאָרט געבושעװעט די אוקראַיינישע באַנדעס, און ווען זיי האָבן געטראָפן אַ יידן, האָבן זיי אים לעבעדיקערהייט אויסגעשניטן די צונג און אַרויסגענומען די אויגן.

אַלע וועגן זענען פאַר אונז געווען פאַרמאַכט, און מיר האָבן געמוזט זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז מיר מוזן זיצן און וואַרטן אויף אונזער גורל.

איין טאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען גראָבט נייער גריבער אין פּיעטידין. אין געטאָ איז געוואָרן אַ טומל. מיר האָבן דאַן אַרויסגעשיקט אַ קריסטלעכן שליח, ער זאָל אונז ברענגען אַ ריכטיקע ידיעה, וואָס עס טוט זיך אין פּיע־טידין. די קלאַנגען האָבן זיך טאַקע באַשטעטיקט, אָבער זיי האָבן געזאָגט, אַז די גריבער זענען נישט פאַר אונז, נאָר פאַר די רוסישע מלחמה־געפאַנגענע, וואָס זענען ביי אונז אין שטאָט געווען איבער 20 טויזנט. מען האָט זיי ביסלעכ־ווייז אויסגעשאָסן, פריער די געזונטע און נאָכדעם די קאַ־ליקעס. הונדערטער זענען געשטאָרבן פון הונגער, קעלט און טיפוס. מען האָט זיי אויסגעשאָסן אַ ביסל אין פּיעטידין און אַ ביסל לעבן די קאַשאַרן, ווו זיי זענען געווען הינטער פאַר־צוימונגען אין פיל ערגערע באַדינגונגען ווי די יידן.

טאָג טעגלעך האָט מען געקענט זען די רוסישע געפאַנ־גענע ווי מען האָט זיי אונטער אַ שטרענגער וואַך געפירט צו דער אַרבעט. אָפּגעריסענע רוסישע שינעלן, הילצערנע שיך, וואַטאָווע היטלען מיט גרויסע נומערן אויפן האַלדז. ווען עמעצער פון זיי האָט זיך איינגעבויגן אויפצוהויבן אויפן וועג אַ שטיקל פּאַפּיר, אָדער אַ פאַרפוילט עפּעלע, וואָס האָט זיך געוואַלגערט, האָט מען אים מכות רצח געשלאָגן, און ווען איינעם פון זיי איז אין מיטן וועג נישט גוט געוואָרן, פאַר־חלשט פון הונגער, און געפאַלן, האָט מען אים גלייך אַ קויל אין קאָפּ געגעבן, און די חברים האָבן אים געמוזט נאָכהער טראָגן ביז אַ באַשטימטן אָרט, ווו מען האָט אים ווי אַ הונט אין גרוב אַריינגעוואָרפן.

שרעקלעך האָט דאָס געווירקט אויף מיר, ווען כ'האָב געזען ווי דאָס רוסישע פאָלק ליידט אַזוי שרעקלעך, צוגלייך מיט אונז.

ווען איך האָב שפּעטער. נאָכן צווייטן פּאָגראָם געאַרבעט עטלעכע מאָל ביי די קאַשאַרן, ווו עס האָבן זיך געפונען די רוסישע געפאַנגענע, ווען פון זיי איז שוין קיין זכר נישט געווען, האָב איך געזען אונטער וואָס פאַר אַ דראָטן־פאַר־צוימונג מען האָט זיי געהאַלטן. דאָרט זענען געווען דריי דראָט־פאַרצוימונגען, פּונקט ווי מען וואָלט דאָרטן געהאַלטן, ניט־מענטשן, נאָר חיות. דאָך זענען פון זיי אייניקע אַנטלאָפן, מאַכנדיק אונטערערדישע גריבער. ווען מען האָט זיי גע־כאַפּט, האָט מען אַלס שטראָף אייניקע געהאָנגען און די אי־בעריקע דערשאָסן.

די יידיש־רוסישע זעלנער, וואָס זענען געפאַנגען גע־וואָרן, האָט מען די ערשטע טעג נאָך זייער איבערפירן אַהער, אויסגעשאָסן, אַ טייל האָט מען אויף פאַרן טויט געפּייניקט.

דער סאַדיזם פון די דייטשן איז געווען גרויס. די קאַ־ליקעס פון צווישן די רוסישע געפאַנגענע האָבן זיי געהיילט אין די שפּיטעלער, בכדי מען זאָל זאָגן אין דער וועלט, אַז זיי היילן געפאַנגענע. אָבער נאָכהער, האָט מען די קאַליקעס מחנות'ווייז געפירט אויף וועגעלעך, אָן פיס און אָן הענט, קיין פּיעטידין, און אויסגעשאָסן זיי. איין גרוב פון פּיעטי־דין איז טאַקע אַ בשותפות'דיקע: אַ האַלבע גרוב איז אָנגע־פילט מיט רוסישע געפאַנגענע און אַ צווייטער העלפט מיט יידן.

## פרישע פאַך־אויסווייזן אין קליינעם געטאָ

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך אין געטאָ פאַרשפּרייט אַ ידיעה: פרישע, בלויע־„פאַך־אויסווייזן" פאַר פאַכמענער, וועלכע וועלן אַריבערגיין וווינען אין אַמאָליקן „לעבעדיקן־געטאָ".

אין איין אויגנבליק איז די ידיעה פאַרשפּרייט געוואָרן אין קליינעם געטאָ, און עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן רודערן, מענטשן זענען געלאָפן אַהין, אַ הער. מען האָט אָנגעהויבן זיך נאָכצופרעגן וואָס דאָס באַדייט, און מען איז געקומען צו דער דעה, אַז דאָס אויף וואָס מען האָט זיך געריכט, וועט פאָרקומען: מען ריכט זיך יעדן טאָג אויף אַ נייעם פּאָגראָם.

קודיש האָט דעם עולם באַרואיקט, אַז עס וועט חלילה גאָרנישט פּאַסירן, ער האָט אַליין גערעדט מיטן געביטס־קאָ־מיסאַר, און אונז, די געטאָ־פאַכלייט, וואָס האָבן אים געגעבן שיינע מתנות, פאַרזיכערט ער, דער געביטס־קאָמיסאַר פול־שטענדיקע רו.

אַזוינע פּאַפּירלעך צום לעבן, שיינען, האָט קודיש באַ־קומען אין צאָל פון 500, און ער דאַרף אַליין אויסקלייבן די אמתע פאַכמענער, און זיי איינאָרדנען לעבן דער רויטער שולע, ווו זיי וועלן ארבעטן פאַר דער רעגירונג.

טראָץ דעם, וואָס דער עולם איז שוין געווען אָפּגעבריט פון די פריערדיקע פאַך־אויסווייזן, האָט מען איינגעלייגט וועלטן, ביז מען האָט זיי באַקומען. און דער סוף, האָבן מיר דאָך געזען, אַז ער האָט קיינעם ניט אויסגעמיטן, דאָך איז דער מענטש פאַרנאַרישט, ווען מען טרינקט זיך כאַפּט מען זיך דאָך אויך אָן אַ שטרוי. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פריש געיעג, אַ פריש לויפעניש, מען איז נאָכגעגאַנגען קודישן און שיינקעסטלען און יעדער איינער האָט געטענהט, אַז ער איז אַ גוטער מאָלער, אָדער אַ גוטער שוסטער: — פאַר וואָס קומט מיר נישט קיין אויסווייז, איך וועל ניט שווייגן, כ'וועל לויפן צום פריץ.

קודיש האָט פאַר קיינעם ניט מורא געהאַט, מען האָט געציטערט פאַר אים. און אין געטאָ האָט זיך געטומלט, מען האָט זיך געקריגט, געשריען לעבן דעם ביוראָ, ווו מען האָט אַרויסגעגעבן די אויסווייזן פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט. נישט יעדער איינער האָט אָבער זוכה געווען צו באַקומען דעם צעטל פון אַרבעט.

נישט יעדער וואָס האָט זוכה געווען צו באַקומען דעם פאַך־אויסווייז האָט זיך געאײלט אַריבערצוגיין ווינען אין יענעם געטאָ. דאָ האָבן פילע זיך שוין געגרייט באַהעלטענישן אין פאַל אויב עס וועט אויסברעכן דער פּאָגראָם. און דאָרטן דאַרף מען ערשט פריש אָנהויבן זוכן, גראָבן און מאַכן זיך אַ כּריש באַהעלטעניש. בכלל האָט מען קיין גרויס צוטרוי צו דעם פּאַפּירעלע ניט געהאַט.

מיר האָבן אין דער שטיל אָפּגעהאַלטן עטלעכע באַראַטונגען, וועגן קעגנשטעלן זיך און זיך נוקם זיין אין פאַל אויב עס וועט האַלטן שלעכט.

אין די דערפער איז נישטאָ ווו צו גיין. די פּויערים האָבן מורא פאַר זיך. יעדן זונטאָג ווערן זיי געוואָרנט אין קלויסטער פונם גלח, ניט אויסצובאַהאַלטן קיין יידן, די גרעסטע שונאים זייערע. אין די וועלדער איז ביטער, מען זוכט, מען באָמבאַרדירט, און דער עיקר — ס׳איז נישטאָ קיין עסן און קיין וואַסער.

און דאָ אין געטאָ איז יעדן טאָג די לאַגע געוואָרן שווערער, מען האָט זיך געריכט אויפן פינצטערן מאָרגן.

בײנאַכט, אויסער די יידישע שומרים, וואָס האָבן געהאַט דעם נישט באַוווינטן געטאָ פון שריפות, האָט מען אויך געקענט זען אַרומגיין מענטשן, וואָס האָבן זיך מורא געהאַט צו לייגן שלאָפן, מען האָט זיך געריכט, אַז היינט, מאָרגן וועט מען אַרומשטעלן דעם געטאָ מיט פּאָליציי און די אַקציע וועט זיך אָנהויבן.

געציילטע מענטשן זענען אַוועק פון געטאָ, זיי האָבן פאַר גוט באַצאָלטע פּרייזן, פאַר גאָלד און טייערע חפצים, זיך באַהאַלטן ביי היימישע קריסטן. אָבער דאָס זענען געווען געציילטע. דער רעשט מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין גרויס דחקות און אָרעמקייט זענען פאַר׳יאושט געזעסן און געוואַרט.

ביסלעכווייז זענען אַריבער אין יענעם געטאָ געציילטע משפחות, איינצלנע וואָס האָבן באַקומען דאָס צעטעלע. קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַז ווען עס וועט עפּעס פּאָרקומען, זאָל דאָרט אויסגעמיטן ווערן. מען האָט געמיינט, אַז דאָס איז ווידער אַ שפּיצל, נישט צו אַנטלויפן, נישט מאַכן קיין פּאַניק אין געטאָ.

אָבער דאָס מאָל איז גראָד געווען פאַרקערט. ווער עס איז געווען דאָרט אין יענעם געטאָ איז געבליבן לעבן צייטווייליק. און דאָ איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ שיינעם פרימאָרגן אַ פרישע אַקציע אויף אונז.

## קודיש און שיינקעסטל האָבן אונז פאַרראַטן!

טראָץ דעם וואָס קודיש האָט באַקומען פינף הונדערט אויסווייזן צוצוטיילן צווישן די פאַכמענער, האָט ער די לעצטע מינוט נאָר אויסגענוצט — (ווי מען איז שפּעטער געוויר געוואָרן) — 365 אויסווייזן, וועלכע זענען אויסגעטיילט געוואָרן: מער קיין פאַכמענער זענען נישט געווען.

די לעצטע צוויי טעג האָט זיך שטאַרק געטומלט אין געטאָ. דאָס איז געווען מיטוואָך און דאָנערשטיק דעם 11־טן און 12־טן נאָוועמבער 1942. קודיש האָט ווייזט אויס, שוין פריער געוווּסט, אַז דער פּאָגראָם וועט פאָרקומען. און ער האָט זיינע ידידים געהייסן זיך אַריבערכאַפּן אין יענעם געטאָ. ווען מען האָט אים געפרעגט, האָט ער פאַרזיכערט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט אַז לעת עתה וועט גאָרנישט פאָרקומען, און מען קען שלאָפן רואיק.

— יידן, כל זמן איך בין מיט אייך, וועט אייך גאָר געשען!

דאָך האָט דאָנערשטיק דעם 12־טן נאָוועמבער געהערשט אַ שפּאַנונג אין געטאָ. מענטשן זענען געלאָפן אַהין און צוריק, מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אַ סך מענטשן האָבן געהאַט דאָ גוטע באַהעלטענישן. פאַרנאַכט, ווען דאָס לויפעניש האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען זיך באַרואיקט אַ ביסל און בפרט ווען מען האָט געזען, אַז קודיש מיט שיינקעסטל זיצן זיך פראַנק און פריי אין ביוראָ אָדער אין מאַגאַזין פון די בעסערע זאַכן, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ ספּעציעל פאַרן געביטס־קאָמיסאַר. דער לעצטער פלעגט יעדן מאָל קומען מיט הויכע אָפיצירן און אַרויסטראָגן גוטע שטאָכן, לעדער אויף שטיוול, פערסישע טעפּיכער, קאַראַקולנע מאַנטלען, וואָס זענען צונויפגענומען געוואָרן אין די יידישע הייזער.

און ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז זיי האָבן שוין פריער געוווּסט, אַז מאָרגן פרי הויבט זיך אָן ווידער דער צווייטער פּאָגראָם, און זיי האָט דער געביטס־קאָמיסאַר געהייסן ספּעציעל בלייבן, בכדי די יידן זאָלן זיך ניט צעלויפן. קיינער האָט זיך ניט געקענט ריכטן, אַז זיי וועלן אָפּנאַרן זייערע אייגענע ברידער.

## דער צווייטער פּאָגראָם. פרייטיק פרי דעם 13 נאָוועמבער 1942

דאָנערשטיק ביינאַכט. אין געטאָ איז שטיל. אַ פינצטערע נאַכט. דער הימל איז פאַרכמאַרעט, אַ דראָבנער רעגנדל טריפט. ביים טויער פון געטאָ שטייט ווי אַלע מאָל די וואַרטע. מענטשן רוען נישט אין געטאָ. מען ריכט זיך אויף עפּעס, אָבער דאָך קען מען נישט גלויבן, אַז מאָרגן זאָל דאָס פאָרקומען. אַלע קוקן אויף קודישן, וואָס דרייט זיך נאָך אַרום שפּעט אין אָוונט. קאָנטראָלירט אַליין די וואַרטע, זי זאָל זיין אין אָרדנונג. נאָכדעם גייט ער שלאָפן. און פאַרזיכערט דעם עולם, אַז היינט וועט גאָרנישט געשען.

מענטשן כאַפּן זיך אַריבער אין יענעם געטאָ, און קומען צוריק אַהער. מען ווייס אַליין ניט וואָס צו טאָן. קודיש און שיינקעסטל שלאָפן דאָ, וועט דאָך קיין שלעכטס נישט געשען.

אין לאַגער ביי נאַכט ווערט פון מינוט צו מינוט רואיקער. מענטשן שלאָפן אָנגעטאָן, מען רעדט, מען דיסקוטירט.

אַרום פיר פאַרטאָג לויפט איינער אַריין און שרייט נישט מיט זיין קול:

— חברה, מיר זענען פאַרלוירן. מיר זענען אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן, נישטאָ איצט ווו צו לויפן. מיר זענען פאַרלוירן, פאַרלוירן!

עס איז ניט איבערצוגעבן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין לאַגער און אין געטאָ. איך כאַפּ זיך אויף. לויף אַראָפּ אין הויף, אין גאַס. שוואַרץ פון מענטשן. ווי ווילדע חיות אין אַ שטייג לויפט מען אַרום. מיר זענען אַרומגעשטעלט יעדן האַלבן מעטער מיט דער אוקראַיִנישער פּאָליציי, מיט די ביקסן גרייט צו שיסן, ווער עס וואַגט אַריבערטרעטן אַ טריט אויסערן געטאָ. מען רייסט זיך צו דעם נישט באַוואַכטן געטאָ. אָבער אומזיסט, יעדער וועג איז פאַרשטעלט.

ווי איך האָב זיך שפּעטער אינפאָרמירט, איז דריי אַ זייגער ביינאַכט געקומען דער געהילף פון געביטס־קאָמיסאַר, קראַוזע, און אַריבערגענומען די וואַרטע אין צווייטן געטאָ, מיטן אויסרייד אַז מען וויל באַגנבענען די רויטע שולע: ער נעמט זיי צו הילף.

מורא האָבנדיק זיי זאָלן דאָ נישט אויפוועקן דעם עולם ביים אַרומשטעלן מיט פּאָליציי דעם געטאָ. און אַרויסנעמענדיק קודישן מיט שיינקעסטעלן פון געטאָ, איז מיטן אויגנבליק דער געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן, בכדי דורכצופירן אויף אונז די צווייטע אַקציע.

## ווידער בין איך אין תפיסה צום שיסן!

מיר זענען אַ גרופּע חברים אַראָפּ זוכן קודישן, אָבער אומזיסט, קיין זכר פון אים איז נישט געווען. מיר אָרגאַניזירן זיך דורכצורייסן די קייט פון דער פּאָליציי און אַריבערגיין אין צווייטן, נאָך נישט באַוואַכטן געטאָ. קוילן פון אַלע זייטן באַגעגענען אונז. פילע פון אונז פאַלן. עס הערט זיך פון אונז דער געשריי: הורא, הורא, אַ טויט די דייטשן, די אוקראַיִנישע פּאָליציי, די בעסטיעס. און מיר רייסן זיך דורך. עס הערן זיך געשרייען פון פאַלנדיקע חברים. מיר קוקן זיך נישט אום און לויפן ווייטער. אָבער דאָרט איז ווידער געווען באַוואַכט, און ווידער באַגעגנט מען אונז מיט פייער. ווי ווילדע לויפן מיר פון אָרט צו אָרט, נישט געפינענדיק קיין באַהעלטעניש. זיי, די פּאָליציי רירן זיך נישט פון אָרט, נאָר זיי שיסן פון אַלע זייטן. עס איז שווער צו לויפן. די עטלעכע שמאָלע געסלעך זענען פול מיט מענטשן, וואָס זוכן אַ שטיקל באַהעלטעניש פאַר זיך. מיר לויפן דורך אין לאַגער, וואָס איז ליידיק פון מענטשן, און מיר כאַפּן זיך אַריין אין אַ קעלער אונטערן לאַגער, ווו דער אַריינגאַנג איז געווען דורכן שוועל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, און צוריק זיך אויטאָמאַטיש פאַרמאַכט. דאָס איז פריער אַזוי צוגעגרייט געוואָרן.

מיר האַלטן איין דעם אָטעם. עס הערן זיך קולות פון דער זשאַנדאַרמעריע. וואָס שרייען און געוואַלדעווען. מען טראָגט אַרויס אויף אַן אויטאָ די סחורה פון די לאַגער־מאַגאַזינען. עס הערן זיך שטימען פון מענטשן וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי באַפרייען, שטימען פון פרויען, קינדער, וואָס שעלטן די יידן, שלאָגן זיך.

דאָס אַלץ מישט זיך צונויף אין אַגרויסן געשריי, וואָס דערטראָגט זיך צו אונז אין קעלער. מיר ליגן שטיל, האַלטן איין דעם אָטעם, און שווייגן. מיר הערן שווערע טריט אויף אונזערע קעפּ. מיר הערן ווי מען רייסט, מען זוכט, מען קלאַפּט אין די ווענט: מען זוכט אונז. פּלוצים ווערט ליכטיק ביי אונז אין קעלער. זיי האָבן די שוועל אַנטדעקט, אויפגעהויבן זי און עטלעכע מאָל אַריינגעשאָסן און געשריען: „אַרויסגיין, ווען ניט — שיסן מיר ווייטער!"

די פרויען, וואָס זענען מיט אונז געווען דערשראָקן זיך און לויפן אַרויס פון קעלער. עטלעכע פון אונז בלייבן, און מיר ווילן נישט אַרויסגיין. האָבן די זשאַנדאַרמען מורא געהאַט און שיקן אַראָפּ אַ אוקראַיִנער. מיר דרייען אים אויס דעם ביקס און הויבן אָן מיטן ביקס אים צו שלאָגן. מיר האָבן נישט וואָס אָנצווערן, אַלץ איינס דערוואַרט אונז דער טויט. דער אוקראַיִנער האָט אָנגעהויבן שרייען, צו אים זענען געקומען צו הילף נאָך עטלעכע, און מיר האָבן געמוזט אַרויסגיין פון קעלער. אונז האָבן שוין באַגעגנט מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן אַ סך פּאָליציי־אַגענטן, זשאַנדאַרמעריע און אָפיצירן.

— די הענט אין דער הויך, שווײַנעץ, יידן פאַרפלוכטע!

— שרייען צו אונז די זשאַנדאַרמען. און מיט אויפגעהויבענע הענט בלייבן מיר שטיין אין דער רייע מיט נאָך פיל יידן, וואָס מען ברענגט פון אַלע זייטן.

דער אוקראַיִנער, וואָס מיר האָבן אים געשלאָגן, האָט גערעדט, געמאַכט מיט די הענט פאַר די זשאַנדאַרמען, אָבער זיי האָבן אים ניט פאַרשטאַנען אין דעם גערודער מיט די קולות פון אַרום און אַרום. האָט מען אים נישט אויסגעהערט און געשריען צו אים:

— שווייג. גיי צו דיין אַרבעט. איצט איז קיין צייט נישטאָ.

זיי האָבן די אוקראַיִנער אויך פיינט געהאַט, זיי פלעגן זיי אָפט אָנרופן שווײַנעץ, אָבער זיי אויסגענוצט ביים דורכפירן די אַקציעס איבער אונז.

איך שטיי צו צו דער שורה מיט די הענט אין דער הויך, און קוק זיך אַרום, מאין יבוא עזרי. וואָס טוט מען ווייטער, ווי דרייט מען זיך אַרויס פון זייערע הענט. איך קוק זיך אַרום און זע עטלעכע באַקאַנטע חברה, וואָס דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי מיט דער פּאָליציי. עס וווּנדערט מיך. צווישן זיי מיינס אַ באַקאַנטער, חבר אברהם אהרן צווילין. ווען ער דערזעט מיר, לויפט ער צו און דערציילט מיר פון ווייטנס:

— איך בין שוין געווען אין תפיסה, מיך און נאָך עטלעכע האָט מען באַפרייט, ווייל מיר האָבן די בלוי־ווייסע אויסווייזן, וואָס מיר האָבן יעצט באַקומען. די זשאַנדאַרמעריע גייט מיט אונז, און ווו אַ קעלער, שיקן זיי אונז אַריין זען צו ס'געפינען זיך דאָרטן מענטשן, ווייל זיי האָבן מורא אַליין אַריינצוגיין.

— מען דאַרף עפּעס טאָן פאַר דיר, שמואל, מען דאַרף דיך זען באַפרייען, כ'וועל ריידן מיטן מייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע — רופט ער זיך אָן צו מיר.

איך האָב נישט באַקומען דאָס צעטל, ווייל איך בין נישט קיין פאַכמאַן און נישט קיין באַקאַנטער פון קודישן. איך ציטער אויף אין גאַנצן. ווייזט אויס, אַז היינט איז דאָס פאַכצעטל, דער פאַך־אויסווייז יאָ עפּעס ווערט. און ווו נעמט מען היינט אַזאַ צעטל.

דער חבר רעדט מיטן מייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע, אַז איך האָב אַזאַ צעטל, נאָר אים נאָך נישט באַקומען, ער געפינט זיך ביי דעם ה' רעגאַל (רעגאַל איז געווען דער סעקרעטאַר וואָס האָט אויסגעשריבן די צעטלעך), און ער בעט מיך באַפרייען. דער מייסטער, וואָס האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט מיר געהייסן אַרויסגיין צו אים. אָבער ווען עס

איז געקומען דער פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר און געפרעגט מיך וואָס איך שטיי דאָ, און ווען מיין חבר האָט אים געענטפערט דאָס דער מייסטער האָט דערלויבט, און אַז דאָס צעטל האָט ה׳ רעגאַל, האָט ער זיך צובייזערט און מיר געהייסן צוריקגיין צו דער ריי פון די יידן:

— דו בלייבסט לעבן, און ער וועט צום טויט געשלאָגן ווערן! — האָט ער צו אים אויסגעשריען אויף אַ קול. די אוקריינער האָבן גלייך מיר דערלאַנגט עטלעכע גוטע קלעפּ, און מיך געפירט ווידער אין דער ריי צווישן די יידן, מיט אויפגעהויבענע הענט.

ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ ביסל יידן, האָט מען אונטער אַ שטרענגער וואַך געפירט גלייך אין תפיסה אַריין.

איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַמערקט ווי מיין חבר גיסן זיך טרערן פון די אויגן, אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט טאָן.

אין תפיסה איז שוין געווען פיל מענטשן. די תפיסה, וואָס איז מיר געווען שוין באַקאַנט, און ליגט מיר גוט אין די ביינער, האָט מיך פונדעסטוועגן איצט שוין נישט געשראָקן. אין קאָפּ האָבן זיך נאָך געפּלאָנטערט פאַרשידענע געדאַנקען, אַז איך מוז אויף יעדן פאַל זיך אַרויסדרייען פון זייערע הענט.

די קולות און די געשרייען פון די קינדער און די פרויען, און די שטימען פון דער אוקריינישער פּאָליציי האָבן זיך צונויפגעמישט צוזאַמען. די אוקריינער האָבן צעטיילט באַזונער די מענער און די פרויען.

גאָטס צאָרן, וואָס איז אויף אונז אויסגעגאָסן געוואָרן, האָט נאָך ווי ס׳ווייזט אויס נישט אָנגעפילט דעם בעכער מיט טרערן. זייער קול ווערט נישט דערהערט.

## איך פאַרליר נישט די האָפנונג און ווער באַפרייט פון תפיסה!

די אַכט טעג תפיסה וואָס איך האָב דורכגעמאַכט ביים ערשטן פּאָגראָם, האָבן מיר פיל געלערנט. און איצט קוק איך זיך אַרום ווו בין איך דאָ און וואָס דאַרף איך טאָן.

אין אַ באַזונדערן ווינקל שטיין זיך עטלעכע מענטשן באַזונדער און האַלטן אין די הענט בלויע צעטלעך, די פּאַך־אויסווייזן. איך רייס זיך צו זיי, און פרעג זיי וואָס איז דאָס. זאָגן זיי מיר, אַז זיי האָט מען געהייסן שטיין באַזונדער, מען וועט זיי באַפרייען, ווייל זיי האָבן די צעטלעך, וואָס קודיש האָט זיי לעצטנס געגעבן.

— מיר האָבן נישט געגלויבט, אַז די צעטלעך וועלן העלפן און מיר זענען דאָ פאַרבליבן, און דאָ האָט די זשאַנדאַרמעריע זיי געהייסן שטיין באַזונדער. וואַרטן זיי.

איך קלער נישט לאַנג און שטעל זיך לעבן זיי, און ווען דער אוקריינישער פּאָסטן פרעגט מיך, זאָג איך אַז איך האָב אויך אַ צעטל.

וואָס טוט מען, ווו נעמט מען אַ צעטל? דאָס שטיקל פּאַפּיר צום לעבן! נאָר גיי, שריי, דאָס וועט דאָך דאָ גאָרנישט העלפן.

ס׳קומען אַריין זשאַנדאַרמען און קאָנטראָלירן די עטלעכע מענטשן, און ווי געוויינלעך באַקום איך נאָך גוטע קלעפּ פאַר מיין שטיין דאָ אָן אַ צעטל.

עס ווערט באַפעלט דעם אוקריינישן פּאָסטן נישט צולאָזן דאָ קיינעם אָן אַ צעטל, נאָר ווער עס האָט אַ בלוי צעטל. איך כאַפּ זיך ווידער צו צו דער חברה, אַמפּער זיך מיטן פּאָסטן, אַז כ׳האָב אַ צעטל. און איך קלער, וואָס טוט מען? ווו נעמט מען אַ שטיקל בלויע פּאַפּיר, דערווייל פאַרן אוקריינער, ער קען דאָך נישט לייענען, וואָס כ׳וועל אים ווייזן וועט זיין גוט.

איך זוך אין די טאַשן און צום גליק געפין איך אַן אַמאָליקע בלויע ברויט־קאַרטע, וואָס מיר האָבן געהאַט אין די גוטע יאָרן פאַרן ערשטן פּאָגראָם. איך גלייך אויס די קאַרטע און האַלט זי אין דער הויך.

דער אוקריינער גלויבט אַז איך האָב אַ צעטל און לאָזט מיך שטיין. אָבער איך ווער ווידער אַרויסגעשטופּט פון פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר, וועלכער איז געקומען מיט אַן אייזערנעם העלם אויפן קאָפּ, מיטן האַקן־קרייץ אויף דעם אָרעם, מיטן גרויסן רעוואָלווער אין האַנט. ער איז אין קריגס־צושטאַנד. היינט הויבט זיך ווידער אָן די אַקציע אויף יידן. ער קאָנטראָלירט די צעטלעך. פאַר אים האָב איך דאָך ניט וואָס צו ווייזן. און ווידער ווער איך אַרויסגעשטויסן צו די איבריקע יידן, וואָס ווערן פון יעדער מינוט גרעסער אין צאָל. מען ברענגט אַלץ נייע גרופּעס פון געטאָ.

אָבער ווען איך באַמערק, אַז ער איז אַוועק, לויף איך ווידער אַריבער און שטעל זיך צו צו דעם ביסל יידן מיט צעטלעך. איך האַלט ווידער די בלויע ברויט־קאַרטע אין האַנט. איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס עס האָט מיר געטריבן אַהער, מיטן געדאַנק, אַז איך וועל דאָ געראַטעוועט ווערן.

די טויערן פון געטאָ רוען נישט, עס ווערן אַריינגעשליידערט אַלע מאָל מער מענטשן. די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט ביים ערשטן פּאָגראָם, ווערן ווידער ווי הינט געכאַפּט און געבראַכט אין תפיסה צום טויט.

מען האָט געבראַכט אַ בחור אין גאַנצן שוואַרץ פון סאַזשע. ער איז געווען באַהאַלטן אין קוימען פון אַ בעקער. מען האָט אים פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט. נישט קענענדיק אַרויס פון קוימען, האָט ער דאָרט זיינע שטיוול מיטן פוטערל איבערגעלאָזט, און מען האָט אים געבראַכט אַ באָרוועסן אין תפיסה. ער האָט דערציילט ווי אַזוי די אוקריינער האָבן אים געפונען און געוואָלט אין קוימען דערשיסן. ער האָט זיך געבעטן, אַז ער וועט אַליין אַרויסגיין. האָבן זיי איינגעשטימט. וויפל ער וואַשט זיך ביים ברונעם, ווערט ער נאָך אַלץ שוואַרצער. די אוקריינער לאַכן און שרייען צו אים, אַז אַלץ איינס דאַרף ער זיך שוין נישט וואַשן.

די עטלעכע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען מיט די פּאַך־אויסווייזן האָבן געקענט מיט זיך מיטנעמען אַ פרוי און קינדער. און יעדער איינער האָט אַריבערגענומען צו זיך אַ פרוי אָדער אַ קינד פון די געבראַכטע, אַבי צו ראַטעווען זיי.

איך שטיי ווי צעטומלט. מען שרייט צו מיר: ראַטעווע אַ קינד! און די קינדער האָבן שכל און שרייען: דו ביזט דאָך מיין טאַטע, טייערער טאַטע, ראַטעווע מיך, נעם מיך צו דיר!

אָבער איך האָב דערווייל גאָרניט געקענט טאָן, איך האָב גאָרניט וואָס צו ווייזן, און זיי קלערן, אַז איך האָב אַן אויסווייז. איך קען זיי ניט דעקלערן. איך שטיי צעטומלט, עס

רייסט מיר דאָס האַרץ אויף די קינדער, וואָס בעטן מיך איך זאָל זיי נעבעך ראַטעווען. זיי ווילן בלייבן לעבן.

עטלעכע מאָל בין איך אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אָרט, און איך ווי אַן עקשן בין ווידער געשטאַנען. און דאָ האָבן זיך מענטשן געריסן אַהער פון אַלע זייטן. די אוקראַיִנישע פּאָליציי האָט געשלאָגן, און נישט צוגעלאָזט צו אונז. אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט אַן עצה געבן מיט די מענטשן, וואָס האָבן זיך געריסן צום לעבן.

דער מייטער פון דער זשאַנדאַרמעריע מיטן פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר האָבן געזען ווי מען רייסט זיך צו אונז, און זיי האָבן באַפוילן אונז אַרויפפירן אין איינע פון די צעלן פון דער תפיסה.

ער האָט מיך נישט באַמערקט, אַז איך געפין זיך אויך צווישן די אויסדערוויילטע, אָדער ער האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. אָבער איך קען עד היום נישט פאַרשטיין וואָס ער האָט געקלערט בשעת־מעשה, אַז איך בין אויך מיט די איבעריקע אַריינגעפירט געוואָרן אין תפיסה־חדר.

בעת מען האָט אונז געפירט, האָב איך נאָך געכאַפּט אַ קינד, וואָס האָט געשריען צו אונז, טאַטע, טאַטע, ראַטעווע מיך. איך האָב אים אָנגענומען פאַרן הענטלע און געשריען, אַז דאָס איז מיין קינד און עס געקושט. פאַרן טויער ווו מען האָט אונז אַריינגעפירט האָט זיך אויך אַריינגעשטופּט דער חבר מיינער הערשל ביק, אברהם ביקס עלטסטער זון מיט־שלעפנדיק צוויי קינדער, און ער איז אַריין מיט אונז צוזאַמען אין צעלע פון דער תפיסה.

אין תפיסה האָבן מיר שוין געפונען זיצן עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם צעטל פון לעבן און געוואַרט אויף זייער באַפרייאונג.

יעדן איינעם וואָס האָט מיר געפרעגט, האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב אַ צעטל, אָבער עס האָט מיר גוט געווייטיקט דאָס האַרץ און די פראַגע האָט געברענט ביי מיר און מוח: וואָס וועט זיין, וועט מען נאָך אַ מאָל קאָנטראָלירן ביים אַרויסגאַנג? דאַן האָב איך גאָרנישט וואָס צו ווייזן. ווינקען מיר זיך איבער מיט הערשלען, מיר פאַרשטייען זיך גוט איינער דעם צווייטן. מיר שווייגן און וואַרטן אויף אונזער מזל.

דורך די גראַטעס פון חדר זעען מיר, ווי אין תפיסה־הויף רודערט זיך, עס הערן זיך געוויינען, קולות, געוואַלטן. דאָס האַרץ ווייטיקט.

גראַדע אָט דער גורל געוואָלט, אַז איך זאָל זיין ווידער אין דער זעלבער צעלע, ווי פאַרן ערשטן פּאָגראָם, ווו צווישן די פיל אויפשריפטן אויף דער וואַנט פון די ערשטע קרבנות, געפינט זיך אויך די אויפשריפט וואָס איך האָב געמאַכט, מיט מיין נאָמען, מיט דער פריערדיקער דאַטע. איך ווער דערשראָקן, וואָס מיין גאַנצע פאַמיליע שטייט זיך מיר פאַר די אויגן. מענטשן טרייסטן מיר, עס איז דאָך איצט פיל בעסער ווי פריער. דעמאָלסט ביסטו דאָך געווען צום טויט, און היינט וועסטו באַפרייט ווערן.

איך האָב זיי דערציילט וועגן מיינע אַכט טעג אין תפיסה ביים ערשטן פּאָגראָם, ווען איך האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן ווי מען האָט מיינע קינדער אַרויסגעפירט צום טויט, ווען איך האָב זיך דעם קאָפּ געריסן און גאָרנישט געקענט טאָן. און מיין גאַנצער ראַנגלען זיך יעצט פאַרן לעבן איז נאָר צוליב נקמה, נקמה אָן די בעסטיעס פאַר אונזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט.

איך האָב זיי איצט ניט געקענט דערציילן, אַז איך בין איצט אויך אין געפאַר, ווייל איך פאַרמאָג נישט דאָס צעטל פון לעבן פון קודישן.

איך האָב יעצט אויך ניט געקענט רעדן עפּעס אויף קודישן, ווייל אויב איך וועל באַפרייט ווערן, מוז איך דאָך אָנקומען צו אים נאָך אַזאַ צעטל. איך האָב באַשטימט געוווסט אַז ער מיט שיינקעסטל לעבן, און זיי האָבן אונז פאַרפירט מיר זאָלן ניט לויפן.

— מיט זייער בלוט האָבן די קרבנות זייערע נעמען אָנגעשריבן, און געבעטן מען זאָל נקמה נעמען פאַר זייער אומשולדיק בלוט, אָבער ווער וועט זוכה זיין נקמה צו נעמען, ווען מען וויל אונז מיטן שורש אויסראָטן.

איך שטיי ביי די קראַטעס פון פענצטער און קוק אַראָפּ אין הויף. מיט צוויי מאָנאַטן צוריק בין איך דאָ געווען, און היינט בין איך ווידער דאָ, צווישן די נעגל פון טויט, ווו איך ראַנגל זיך.

איך טראַכט, וואָס בין איך אַנדערש פון אַלע מענטשן וואָס געפינען זיך דאָ אין הויף, פאַרוואָס זיצן מיר דאָ אויף באַפרייט צו ווערן, און אויף דעם נישטיקן צעטל, וואָס צעטיילט „מי לחיים, מי למות", וואָס פאַר אַ זכות האָבן מיר, וואָס מיר וועלן באַפרייט ווערן?

דער דראַנג צום לעבן איז אַזוי גרויס, אַז דער מענטש פאַרגעסט ווו ער איז, ער פאַרגעסט אַז ער איז אַ מענטש מיט אַ נשמה, מיט אַ האַרץ, עד האָט נאָר אין זינען זיין אייגענעם „איך", ער וויל באַפרייט ווערן און מער אינטערעסירט אים גאָרניט. איך קען דאָס בשום אופן ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז מען עס דאַן געווען, מען זעט ווי מען פירט די אייגענע ברידער צום טויט און מען האָט גאָרניט געקענט טאָן.

שטייענדיק אַזוי פאַרטראַכט אין מיינע אייגענע געדאַנקען, וואָס האָבן מיר ניט צורו געלאָזט, זע איך ווי עס עפנט זיך די טיר און מען באַפעלט אונז מיר זאָלן אַראָפּגיין.

אין תפיסה־הויף טרעפן מיר פיל באַקאַנטע, אַ סך ווערן צו אונז צוגעשיקט, וואָס דער קאָמיסאַר דערלויבט זיי באַפרייט צו ווערן אָן צעטלעך.

מיר שטעלן זיך אין אַ ריי צו דריי. מיין האַרץ קלאַפּט. איך האָב מורא פאַר פרישע קלעפּ, ווען מען וועט קאָנטראָלירן, און עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז איך האָב ניט קיין צעטל.

עס עפנט זיך דער גרויסער אייזערנער טויער און דער פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר קראַוזע פירט אונז אַרויס פון טורמע. אַליין, אָן באַגלייטונג פון פּאָליציי. ער פירט אונז דורך ווו מען פלעגט פאַרן ערשטן פּאָגראָם גיין פון איין געטאָ צו דעם צווייטן, נישט קאָנטראָלירנדיק מער גאָרנישט. און ברענגט אונז אין הויף פון דער רויטער שולע, ווו עס דרייען זיך אַרום יידן און אַרבעטן גלייך ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. ער הייסט אונז זיך באַהאַלטן אין די הייזער:

— נישט אַרויסגיין פון געטאָ, ווער עס טרעט אַרויס אַ שריט, וועט גלייך ווערן דערשאָסן.

און ווידער בין איך אויף דער פריי. איך האָב זיך זעלבסט נישט געגלויבט. דורך מיין אייזערנעם ווילן און

שטאַרקע אָריענטאַציע, אָפּנאַרנדיק מיט מיין בלויע ברויט־
קאַרטע, האָב איך זיך ווידער אַרויסגעדרייט צייטווייליק פון
די נעגל פון טויט. און אויף דער פריי הויבן זיך אָן די קלע־
רענישן ווי אַזוי צו ראַטעווען פרישע מענטשן פון טויט, די
וואָס ליגן באַהאַלטן דאָרטן אין געטאָ.

## דער צווייטער פּאָגראָם אין פולן גאַנג!

די עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס געפינען זיך דאָ
אין געטאָ, זעט מען נישט זיך אַרומדרייען. יעדער איינער
ליגט באַהאַלטן. מען זוכט, מען גרייט צו באַהעלטענישן, ווייל
מען איז זיכער, אַז אויך דאָ וועט באַלד זיך אָנהויבן דאָס
פייער, ווי עס איז פאָרגעקומען אין ערשטן פּאָגראָם. אַ ביסל
מענטשן אַרבעטן אין דער „בלוטיקער רויטער שולע" — די
אַרבעט ביי די צוגערויבטע יידישע מלבושים איז אָנגעגאַנגען
אין גאַנצן ברען. פיל מיידלעך אַרבעטן דאָרטן ביים סאָרטירן
די זאַכן, פילע אין דער וועשעריי, ווייל אַלע זאַכן זענען
געוואַשן געוואָרן. אייניקע מענער אַרבעטן ביים סאָרטירן די
זאַכן אין הויף. דאָרט שטייען קאַסטנס מיט גלאָזוואַרג, גע־
פעס, זילבער.

דער איינציקער פּאָליאַק, וואָס אים האָט מען אָנגע־
טרויט דעם שליסל פון אַלע מאַגאַזינען, לויפט אַרום אין
הויף און אין די צימערן און שרייט אויף די אַרבעטער מען
זאָל מער אין אָרדנונג ברענגען די זאַכן. ער פילט זיך מעשה
בעל־הבית ווי פון אַן אייגן געשעפט. פון אַלע זייטן שרייט
מען צו אים:

— פּאַניע דיינאָווסקי! (אַזוי האָט ער געהייסן), פּאַניע
דיינאָווסקי, ווו זאָל איך אַריינטראָגן די פּאַקענע פוטערס, ווו
די שטיקער שטאָף און ווו די לעדער?

און ער לויפט אַרויף און לויפט אַראָפּ מיטן בינט שליס־
לען אין האַנט, און פירט אָן מיט דאָס ביסל יידן, וואָס אַר־
בעטן דאָ ביים צונויפנעמען דאָס ביסל גוטס פון זייערע איי־
גענע ברידער.

און קודיש דרייט זיך דאָ אַרום, אין הויף ווו ער שטעלט
איין די אַרבעט, פון דאַנעט שיקט ער צו רעמאָנטירן די היי־
זער פאַר די מענטשן, וואָס וועלן דאָ וווינען. ער רעדט מיט
יעדן הכנעה'דיק, פונקט ווי ער וואָלט זיך געשפּירט היינט
שולדיק אין עפּעס. ווען ער דערזעט מיך, רופט ער מיך צו
און זאָגט מיר גלייך:

— ברוך מתיר אסורים, וועסט שוין לעבן און דערלעבן!

— אַז דאָס קוויטל פון לעבן ליגט ביי אייך אין האַנט,
און דאָך בין איך אָן אייער קוויטל פון תפיסה באַפרייט גע־
וואָרן, און נאָך מיטגענומען מיט זיך אַ קינד!

— ביסט אַ העלדישער בחור, רופט ער זיך אָפּ — וועסט
באַקומען אַ קוויטל.

מיין בלוט האָט מיר אויפגעקאָכט, אָבער איך האָב זיך
איינגעהאַלטן. איך דאַרף נאָך אָנקומען צו אים. דאָך האָב
איך אים געפרעגט:

— איך וועל באַקומען, אָבער וואָס וועט זיין מיטן רעשט
ביסל יידן, וואָס ווערט איצט געפירט צו דער שחיטה?

איך האָב אים נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט גע־
ווּוּסט פריער, און נישט מודיע געווען. איך האָב זיך גע־
טראַכט, זיין טאָג וועט נאָך קומען.

— וואָס זאָל מען טאָן? — רופט ער זיך אָן — עס איז
אַ גרויסער חורבן צו אונז.

— ווען מיר וואָלטן געוווּסט פריער, וואָלטן מיר זיך
אָרגאַניזירט אַנטקעגנשטעלן זיך, כאָטש נוקם זיין זיך אָן אונ־
זערע מערדער, וואָס פאַרגיסן אונזער אומשולדיק בלוט.

איך האָב אים געוואָלט אַריינזאָגן, ער זאָל וויסן, אַז מען
האָט געוואָרנט פריער, און כ'האָב זיך אָנגערופן צו אים נאָכ־
אַמאָל, ווען עטלעכע מענטשן זענען שוין געווען מיט אונז:

— איך גלויב, אַז מענטשן האָבן פריער געוווּסט און
ניט דערציילט.

ער האָט גאָרניט געענטפערט און געזוכט אַ געלעגנהייט
זיך אַרויסצודרייען פון איצטיקן שמועס, און געזאָגט:

— קינדערלעך — אַזוי פלעגט ער אָפט אונז רופן —
מאַכט ניט קיין רעדלעך דאָ איצט, עס איז איצט ניט די צייט
צו דיסקוטירן, גייט אַריין אין די הייזער.

איך האָב אים אָפּגעמאָסטן מיט מיין בליק פון אויבן
אַראָפּ, ער האָט גוט געוווּסט, וואָס איך מיין. זיך אויסגע־
דרייט, אויסגעווישט די צווייטע, גלעזערנע אויג, וואָס איז גע־
ווען ביי אים אַריינגעשטעלט, און זיך געלאָזט גיין אין דער
ריכטונג צו דער רויטער שולע.

— עס איז איצט ניט די צייט זיך אָפּרעכענען מיט אים,
אָבער זיין טאָג וועט קומען, שריי איך צו די מענטשן, ער
האָט גוט געוווּסט אַז דער פּאָגראָם וועט היינט זיך אָנהויבן,
און זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, אפילו נישט אויסגענוצט די
פולע פינף הונדערט לעבנס־צעטלעך וואָס ער האָט געהאַט,
און וואַרט איצט דאָס צו געבן זיינע נאָענטע מענטשן.

עס איז פאַרפאָרן אין הויף אַן אויטאָ, וואָס האָט גע־
בראַכט אָנגעוואָרפן מלבושים, שיך, היטלעך, פּאַלטאָס, און עס
אַראָפּגעוואָרפן אויפן הויף.

— דאָס איז פון פּיעטידין, פון די פרישע קרבנות פון
היינט!

דאָס האַרץ ווייטיקט און בלוטיקט אויף די פרישע קרבנות,
וואָס זענען היינט ביים ברודער־קבר דערשאָסן געוואָרן.

אין געטאָ איז דער פּאָגראָם אין פולן גאַנג. די אוקריי־
נישע מערדער זענען זיך נוקם אכזריות'דיק אָן די ברידער
אונזערע. עס איז ניט צו באַשרייבן וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן
די ערשטע פּאָר טעג, עס איז נאָך געווען פול יידן.

לויטן באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַר האָט קודיש גלייך
אַהין אַרויסגעשיקט דעם צווייטן טאָג עטלעכע גרופּעס מענטשן.
געווייינלעך די וואָס האָבן געהאַט די בלויע צעטלעך, די פּאַך־
אויסווייזן. זיי האָבן געדאַרפט רייניקן די הייזער פון ערשט
אַרויסגענומענע יידן צום טויט.

איך האָב געוואָלט גיין אַהין, אָבער איך האָב ניט גע־
האַט קיין צעטל. כ'האָב זיך געווענדעט צו קודישן ער זאָל
מיר געבן אַ צעטל, כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'וועל גיין צו־
נויפנעמען פּראָדוקטן פאַר דער קיך, וואָס ווערט געשאַפן פון
דאָס ניי.

ער האָט מיר אָן טענות געגעבן אַ פּאַך־אויסווייז. מיט
עטלעכע חברים צוזאַמען זענען מיר אַריבער אין יענעם געטאָ
צונויפנעמען שפּייז פאַר דער קיך. באַלד אין די ערשטע
טעג האָט מען געזען דעם חורבן אין פולן גאַנג. די טירן און
פענצטער אָפן, אויפגעריסן. אויף יעדן טריט זענען מיר קאָנ־

טראָלירט געוואָרן צי מיר האָבן דעם בלויען אויסוויז. ווער עס האָט אים נישט געהאַט איז תיכף אָפּגעפירט געוואָרן אין תפיסה.

מיר האָבן זיך איצט געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אַרי־בערפירן יידן פון דעם געטאָ אין צווייטן, אין „געטאָ פון לעבן".

נישט יעדערער האָט געוואָלט געבן זיין אויסוויז אויף אַ שטיקל צייט, בכדי מיט אים אַריבערצופירן אַ יידן. יעדער האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן דאָס צעטל, דאָס הייסט דאָס לעבן.

דאָך האָב איך געקריגן אַ צעטל און אָנגעהויבן ביס־לעכוויז אַריבערפירן מענטשן פון די באַהעלטענישן אין יענער זייט.

אַמשווערסטן איז געווען מיט פרויען און קינדער. קיין פרויען האָבן דאָך ניט געאַרבעט ביים צונויפקלייבן די זאַכן. מיר האָבן געמוזט איבערטאָן פרויען אַלס מענער. אַזוי איז אונז געלונגען צו ראַטעווען פון טויט עטלעכע מענטשן יעדן טאָג.

אין דעם קליינעם וועגעלע אויף צוויי רעדלעך, מיט וועל־כע מיר האָבן אַרויסגעפירט פאַרשידענע פּראָדוקטן, האָבן מיר אויך קינדער אין זעקלעך אַריינגעלייגט און אונטער די פּראָ־דוקטן אַריבערגעפירט אין צווייטן געטאָ. די אוקריינישע פּאָלי־ציי האָט קאָנטראָלירט ביים טויער ביים אַרויסגאַנג, און אין לעבעדיקן געטאָ זענען מיר ווידער ביים אַריינגאַנג קאָנטראָ־לירט געוואָרן. ערשטנס די בלויע אויסווייזן, און דערנאָך וואָס מיר פירן דאָרטן. פאַרנדיק גיך מיטן וועגעלע, פלעגן מיר גיך אַריינפאָרן טיף אין געטאָ, און אונזער לעבעדיקער שמוגל איז ניט געכאַפּט געוואָרן. אויך אין מיטן די אויטאָס, אונטער די זאַכן, וואָס מען האָט צונויפגענומען און געפירט אין דער רויטער שולע, האָט מען אָפט איבערגעפירט אַ מענטשן און אים אַריינגעשמוגלט אין געטאָ. אָפט מאָל איז דאָס ניט געלונגען. און דאַן, ווען עס זענען געווען פיל זשאַנדאַרמען און מען האָט געפונען אַ מענטשן אָן אַן אויסוויז, האָט מען אים גלייך אָפּגעפירט אין תפיסה.

עס איז געווען אַ פאַל ווען איינער האָט זיין צעטל גע־געבן אַ צווייטן אַריבערצוגיין, און גראַד דאַן איז ער קאָנ־טראָלירט געוואָרן, און איז דעריבער גלייך אַריבערגעפירט געוואָרן אין תפיסה. די פאַך־אויסווייזן זענען געווען אָן פאָ־טאָגראַפיעס, נאָר דער נאָמען איז געווען געשריבן, דעריבער האָט מען לייכט געקענט זיי איבערגעבן איינער דעם צווייטן. דאָס שטיקעלע פּאַפּיר האָט יעדערער געהיט ווי די אויגן אין קאָפּ. ביינאַכט האָט מען עס אָנגעבונדן אויפן האַלדז אין אַ טיכעלע. אויף יעדן אָרט און טריט האָט מען געקענט ווערן קאָנטראָלירט, און צו יעדער צייט האָט מען דעם אויסוויז געמוזט האָבן ביי זיך.

ווען מיר זענען געגאַנגען אַריבערברענגען שפּייז, האָבן מיר געזען ווי די זשאַנדאַרמען און די אוקריינער זוכן און נישטערן, רייסן באַהעלטענישן און געפינען אויס יעדן טאָג נייע קרבנות, אויסגעמאַטערטע מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן פון שרעק פאַרן טויט. די אַקציע ווערט איצט דורכגעפירט מיט דער גאַנצער אכזריות.

קודיש דרייט זיך ארום אין פוסטן געטאָ און פירט אָן מיט דער אַרבעט ביים רייניקן דעם געטאָ. עס גייען אים גאָרנישט אָן די געשרייען פון די פרויען און די געוויינען פון די קינדער, וואָס ווערן מערדערלעך געשלאָגן. ער גייט נאָר פון שטוב צו שטוב און ווו נאָר עפּעס אַ טייערע זאַך, אַ אַנטיק, אַ שטאָף וואָס ער האָט נאָר ערשט געפונען, נעמט ער דאָס באַזונדער צו, און פירט עס באַזונדער אין דעם פרישן קאַנטאָר, וואָס איז איצט געשאַפן געוואָרן אין דעם נייעם קליינעם געטאָ. דער נייער געטאָ באַשטייט פון עטלעכע און צוואַנציק הייזער, ווו עס דאַרפן זיך געפינען די עטלעכע הונ־דערט פאַך־אַרבעטער.

יעדער איינער פון די ארבעטער וויל זיך אונטערחנפענען צו קודישן און טראָגט אים צו אַן אַנטיק:

— פאַניע קודיש, וואָס זאָגט איר צו דעם פּעלכל לעדער, נאַט עס אייך.

און קודיש נעמט צענויף די בעסערע זאַכן אויף א באַזונ־דער וועגל. א ביסל פון די דאזיקע זאַכן גיט ער דעם געביטס־קאָמיסאַר, און א ביסל גיט ער ארויס זיינע היימישע פאַליאַקן פאַר פּראָדוקטן וואָס ער ברענגט אין שטוב אריין.

— פאַרניכטן, צערייסן דאַרפן מיר אלץ, עס זאָל ניט אריינפאַלן אין די הענט פון אונדזערע שונאים — האָב איך כסדר געטענהט צו זיי.

אונזער הילפאַרבעט איבערצופירן די איבערגעבליבענע ביסלעכוויז אין צווייטן געטאָ ווערט פון טאָג צו טאָג אלץ שווערער. די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך דערוואוסט און אלץ שטאַרקער קאָנטראָלירט די ארבעטער ביים ארויסגיין צו דער ארבעט און ביים אריינגיין צוריק. עס האָט געמוזט שטימען די זעלבע צאָל. מיר האָבן קודם כל געגעבן אינער־לעכע הילף, וואַסער מיט ברויט; אויסער דעם האָבן מיר גוט פאַרמאַסקירט די באַהעלטענישן, ביז עס וועט זיך מאַכן א געלעגנהייט זיי אַריבערצונעמען.

אין צווייטן געטאָ ווו מיר האָבן זיך געפונען איז דער־ווייל געווען רואיק. עס איז געשאַפן געוואָרן דורך קודיש פרישע יידישע פּאָליציי, וואָס פלעגן יעדן טאָג צעשיקן אויף ארבעט די מענטשן. עס איז געשאַפן געוואָרן א ביורא מיט צוויי סעקרעטאַרקעס, און קודיש מיט שיינקעסטל האָבן אָנגעהויבן פירן ווייטער דאָס רעדל מיט די פאַר הונדערט איבערגעבליבענע יידן. פון די אַנטלאָפענע האָבן נישט אלע געהאַט די זכיה צו באַקומען דאָס לעבנס־צעטל. מען איז נאָך געלאָפן אין אלע זייטן, און קודיש האָט געשריען געלי־אָרמט, אז ער קען נישט מער געבן, עד האָט נישט מער, שוין אלע צעטלען אויסגענוצט, און דער געביטס־קאָמיסאַר גיט אים נישט קיין פרישע.

דער יעצטיקער קליינער געטאָ, וואָס האָט זיך גערופן „האַנטווערקער־געטאָ" איז א דאַנק קודישן מיטן געהילף פון געביטס־קאָמיסאַר געשאַפן געוואָרן, אבער דערפאַר האָט קודיש געגעבן זיי א שיינע מתנה. די עטלעכע טויזנט יידן, וואָס זענען פאַרבליבן פון ערשטן פּאָגראָם ווערן איצט דער־שאָסן אין פּיעטידין, און שוין נעמען צענויף יידן דאָס ביסל פאַרמעגן, און שוין זאַלמען זיך אויך דאָס הייפעלע איבער־געבליבענע יידן, בכדי צו וואַרטן אויף דעם פינסטערן טאָג פון דריטן פּאָגראָם.

מיר האָבן געוווּסט אז ער וועט קומען, מיר האָבן זיך געריכט אויף אים, נאָך פריער ווי ער איז געקומען. געקומען

איז ער ערשט אין דריצן מאנאט שפעטער נאכן צווייטן פאג־ראם, אבער אין די דרייצן מאמאנטן האבן מיר דא אין קליי־נעם געטא פיל איבערגעלעבט, פיל צרות אויסגעשטאנען פון דייטש, צרות פון אונזערע אייגענע ברידער.

שוין העכער א מאנאט ווי די אקציע אויף אונז ווערט געפירט אן אויפהער. טאג טעגלעך קומען גרופעס אוקריינ־ער און זוכן פרישע קרבנות. מיר עלפן די אומגליקלעכע וואס ליגן שוין העכער א מאנאט אין דער פינצטער, אין די באהאַ־לטענישן און ראנגלען זיך מיטן טויט. איבערפירן זיי צו אונז איז אומעגלעך; דער געטא איז באוואכט, מיר ווערן קאנטראלירט אויף יעדן שריט און טריט.

קודישן זענען נאכגעלאפן פיל מענשן, וואס האבן דארט געהאט נאענטע, וואס ליגן באהאלטן. געבעטן ער זאל פאר זיי געבן לעבנס־צעטלעך. ער האט כסדר מיט זיי געטענהט:

— וואס ווילט איר פון מיר קינדערלעך, איך האב מער קיין צעטלען נישט, איך האב ניט.

אבער שטילערהייט האט ער יא געהאלפן וועמען ער האט געוואלט פון זייע נאענטע. מיטגעהאלפן אונז האט זייער א סך איינער הערשל באש, משה מארגענשטערנס איידים פון שרייב־מאטעריאל מאגאזין. ער האט אריבערגענומען זיין שווער און שוויגער און פיל מיטגעהאלפן פרעמדע מענשן אריבערנעמען זיי אין לעבעדיקן געטא.

הערשל באש האט גענומען אויף זיך די פליכט איינאר־דנען אין געטא די האנטווערקער אין פארשיידענע אפטיי־לונגען. אזוי, אז אין משך פון עטלעכע וואכן האט אלץ דא געקלאפט אין פולסטער ארדנונג. אלע האבן געארבעט פאר מיליטער, פאר הויכע באאמטע, פאר געסטאפאָ און ס.ס.

ער אליין האט אנגעפירט מיט דער שוסטער אפטיילונג, וואס איז געווען דער באזיס פון געטא. די גאנצע זשאנדאר־מעריע האט זיך געלאזן אויפנייען שטיוול פון די בעסטע לעדער.

באש האט אויך איינגעארדנט א ספעציעלע בעקעריי, וואו מען האט אנגעהויבן באקן ברויט פאר די עטלעכע הונ־דערט יידן.

צו קודישעס געשעפטן האט ער זיך נישט געמישט און האט ווי ווייט מעגלעך געהאלפן יעדן מיט וואס ער האט נאר געקענט.

אויך רעגאל, וואס איז געווען צוזאמען מיט קודישן האט ווי ווייט מעגלעך ניט געוואלט גיין אין די וועגן פון קודישן, אבער ער האט פאר קודישן מורא געהאט. קודיש האט געהאט צו טאן מיט אלע הויכע באאמטע און דער געביטס־קאמיסאר האט נאר מיט אים געהאט צו טאן.

## די אומלעגאלע אין געטא

דאס קליינע געטא וואס האט געציילט, ווי דער געביטס־קאמיסאר האט געוואלט, פינף הונדערט מענשן, איז געוואַקסן פון טאג צו טאג. אין געטא האט מען אנגעהויבן שמועסן אז מען וועט זוכן די אומלעגאלע, וואס האבן נישט קיין צעטלעך. מענשן האבן אנגעהויבן זיך באהאלטן פון דאס ניי אין די לעכער.

די ידיעה איז באשטעטיקט געווארן. אין א שיינעם העלן טאג איז געקומען אין געטא פאליציי מיט זשאנדארמעריע און אנגעהויבן זוכן און קאנטראלירן יעדן איינעם. מיט דער הילף פון אונזערע יידישע פאליציילייט האבן זיי אַנגעהויבן זוכן אין יעדן הויז.

די אומלעגאלע האט מען צונויפגענומען אין א חורבה אין געטא, פון וואנעט זיי זענען אפגעפירט געווארן אין תפיסה צום שיסן.

עס איז אומעגלעך צו באשרייבן וואס עס האט זיך אפגעג־טאן יעדן מאל ווען מען האט געפונען א אומלעגאלן. געשריי־ען און קולות האבן זיך געטראגן צו קודישן ער זאל אים באפרייען און ראטעווען פון טויט.

עד היום שטייען נאָך די סצענעס פאר מיינע אויגן. אייגענע ברידער און שוועסטער זענען געשטאנען ביי דער ארבעט צוקוקנדיק זיך ווי מ'פירט די אייגענע צום טויט און גארניט געטאן. עס איז אומעגלעך צו פארשטיין, וואס דאסמאל איז פארגעקומען. יעדער איינער האט אלץ מפקיר געווען, מיינענדיק אז ער בלייבט לעבן.

פיינלעך איז געווען צו זען די ראלע פון אונזערע אייגענע פאליציי. דאס זענען געווען געוויינטלעך מענשן פון אונט־ערוועלט, ווייל ווער וויל דען ווערן א פאליציימאן און גיין זוכן די אומלעגאלע יידן? עס איז געווען א פאל ווען א פאליציימאן האט זיינע א אייגענע מאמע געלאזט נעמען צום טויט. אזוי פארשטיינערט זענען געווען די הערצער פון די מענשן, עס האט געפעלט די פארייניקונג, דאס שטיין איניינעם, דאס וועלן זיך קעגנשטעלן און נישט ארויסגעבן אונזערע אייגענע ברידער. אזוי איז עס געווען צום באדויערן, און איך קען דאס נישט פארלייקענען.

איך האב געארבעט אין דער בעקעריי פון געטא און כ'האב באהאלטן עטלעכע מענשן ביי אונז אונטער דער ערד. וויפל זיי האבן נישט געזוכט, האבן זיי גארנישט געפונען. עס האט נישט געהאלפן דאס שרייען צו אונז פון פארטרעטער קראוזע, אז מיר זענען פאראנטווארטלעך אויב מען וועט געפינען אומלעגאלע.

עד היום הער איך נאך די געוויינען און די געשרייען פון די יונגע פרויען:

— ראטעוועט אונז, איך בין איינע פון א גאַנצן דור, כ'בין נאכן פאגראם געבליבן לעבן, איך וויל לעבן, ראטעוועט אונז, וואו איז קודיש?

קודיש איז דאסמאל ניט געווען, ער האט זיך באהאלטן נישט וועלנדיק הערן די געשרייען נאך הילף.

אזוי האבן זיך עטלעכע וואכן איבערגעחזרט די אַבלאַוועס אויף די אומלעגאלע אין געטא, ביז ניי־יאר 1943. דערנאך איז געווארן שטיל, און קודיש האט די אומלעגאלע אנגעהויבן אריינצונעמען אין דער ריי צו ארבעט. זיי זענען געווען גליק־לעך, און זיי האָבן אנגעהויבן צו באקומען 2 קילא ברויט א וואָך, ווי יעדער לעגאלער אין געטא.

פון ארום און ארום, וואו נאר עס איז געווען באהאלטן ביי קריסטן א ייד, האט מען אנגעהויבן אריינצוגיין אין געטא. מען האט געהערט, אז אין לודמיר עקסיסטירט א געטא ווו יידן ארבעטן און באוועגן זיך פריי, האט מען פארלאָזן די לעכער און מען איז געגאנגען אין לודמירער געטא. מען איז געשלאפן אויף בוידימער אין ענגשאפט און שמוץ. מער הייזער איז נישט

געווען, און מען האט מורא געהאט צו פאדערן מען זאל פאר־גרעסערן דעם געטא, עס זאל זיך ווידער נישט אנהויבן קיין זוכעניש פון אומלעגאלע. די מאכט האט גוט געוווסט אז די צאל מענשן אין געטא פארגרעסערט זיך, אָבער עס האט זיי ניט געארט. זיי האבן געוואָלט, אז מען זאל צונויפקלייבן אלע צוזאמען בכדי קענען אלעמען אומברענגען און מאכן די שטאט „יידנריין". זיי האבן זיך נישט געמאכט ווייסנדיק, געלאזט אלעמען פריי און געהייסן אפילו אראפנעמען די ווייסע בענדער פון די ארעמס און צונעמען די דראטן, און אויך אפילו די אוקריינער אראפגענומען. דאס אלץ איז געווען געמאכט, מען זאל זיך נישט צעלויפן און מיינען אז מען איז פריי.

## דער קליינער פרייער האנטווערקער־געטא אין לודמיר

פון ארום און ארום, פון גאנץ וואלין האט זיך דערטראגן ידיעות, דורך פוילישע באקאנטע, אז אין ערגעץ איז שוין קיין סימן פון קיין יידן נישטא. מיר האבן געשיקט ספעציעלע קריסטלעכע שליחים, און יעדער האט אונז געבראכט דעם זעלבן ענטפער, נישטא! סוף יאר 1942 האט מען אומעטום געמאכט יידנריין. נאר אין לודמיר עקסיסטירט נאך א קליין הייפעלע יידן האַנטווערקער, וואס זיצן במנוחה און ארבעטן פאר דער מלוכה, דאס הייסט פאר דעם געביטסקאמיסאר, פאר דער זשאנדארמעריע.

די הענכערע מאכט פון ס.ס. האט זיך דערוווסט דערפון און פון ארום און ארום זענען זיי געקומען אהער, זיך אויפ־נייען אנציגער, שטיוול, וועש און דאמען־זאכן, בכדי עס אהיים צו שיקן. ארום און ארום זענען שוין קיין יידן נישט געווען, און ביי וועמען קען מען זיך אויפנייען א גוטן אנצוג ווען נישט ביי א ייד? האבן זיי איבערגעלאזט דאס קליינע געטא, בכדי אויסנצוצן די פאכמענער פאר זיך, און מכלו־מרשט האט דאס געהייסן, אז מען ארבעט פאר דער מלוכה.

נישט איינמאל איז פארגעקומען א אינספעקציע פון דער הענכערער מאכט צו באטראכטן ווי די ארבעט גייט אין דעם האנטווערקער געטא, וואס האט זוכה געווען צו בלייבן לעבן. עס איז געווען געמאלדן פון פריער, אז היינט וועט זיין א אינספעקציע, און מען קען זיך שוין פארשטעלן אז אלץ האט געקלאפט ווי א זייגער. מען האט ספעציעל ארויס־געגעבן מיליטערישע זאכן צו פאריכטן, הענטשקעס פאר מיליטער צום פראנט, ווארעמע הויזן. אלץ האט געקלאפט, האבן זיי אליין באשטעלט עטלעכע גוטע אנציגער, עטלעכע צענדליק גוטע כראמאווע שטיוול, און מיט דעם האט זיך געענדיקט.

מיט דער ארטיקער מאכט איז מען געווען אין גוטע באציאונגען, זיי האבן אונז פארזיכערט, אז מיר בלייבן לעבן. עס האבן געטראפן פאלן, אז מען האט געכאפט ערגעץ אין א דארף א יידן און אים געברכט אין תפיסה, האט מען גערופן קודישן און אים געגעבן דעם יידן אין געטא אריין, זאגנדיק:

— האסט קודיש נאך א ייד, וועסטו האבן צו דער ארבעט.

זיי האבן גוט געוווסט אז דער ייד וועט ניט פארפאלן גיין, דער קרבן איז זייערער.

די ארבעט אין געטא האט זיך פון טאג צו טאג פאר־גרעסערט. די פאכמענער זענען יעדן פרימארגן געלאָפן צו דער ארבעט, און די שווארצע ארבעטער צום ביורא, וואו זיי זענען פארטיילט געווארן אין פארשיידענע מיליטערישע אפטיילונגען אויף ארבעט.

די רווחים פון דער ארבעט וואס זענען אויסגעצאלט געווארן אין ביורא, האט מען נאכהער איינגעצאלט אין באנק אויף אונזער קאנטא, און מיר האבן אויף דער רעכנונג באַ־קומען גערשטן, מעל און אנדערע שפייזפראדוקטן, אין קליי־נער צאל, פאר אונזער געטא. געוויינטלעך איז דאס געווען ווייניק און מען האט געקויפט ביסלעכווייס פּראָוויאַנט ביי פוילישע פויערים און עס אריינגעבראכט אין געטא.

אין געטא האט קיין עסן ניט געפעלט, אבער דערפאר איז געווען א גרויסער מאנגל אין ווינערטער. דער ווינטער איז געווען א שרעקלעכער, די מענשן זענען ממש פארפרוירן געווארן שלאפנדיק אויף די בוידעמער, אין שטאלן, און נישט איינער איז אריין צו מיר פארטאג אין בעקעריי, א גאנץ פארפרוירענער נישט קענענדיק אראָפּשלעפן די שטיוול וואס זענען ביינאכט צוגעפרוירן צו זיינע פיס.

נאר איינס עגבערט מיר אין מוח עד היום, וואס איך קען עס בשום אופן נישט פארשטיין: די איינצלנע מענשן וואס זענען איצט דא פארבליבן האבן געשכורט, געשפילט אין קאָרטן, געוויינט און געלאַכט, אפילו חתונה געהאט אין געטא, כאָטש מען האט יעדע נאכט געציטערט פארן מארגן און געדאנקט גאט, אז דער געטא איז נישט ארומגערינגלט.

די מענשן האבן ווי פארגעסן, אז די בלוט־גריבער זענען נאך פריש, אז דאס בלוט זידט נאך אין קבר, און דא האבן מענשן געשכורט, געהוליעט. עס איז שווער צו פארשטיין צו איז דאס געווען דערפאר, וואס זיי האבן שוין נישט געהאט וואס אנצווערן, צו דערפאר, וואס זיי האבן זיך געריכט אויף זייער סוף, צו האבן זיי געוואָלט פארשיכורן זיך, פארגעסן די גרויסע טראגעדיע, וואס איז אונז דא געשען. עד היום קען איך נישט פארשטיין די פסיכאלאגיע פון די מענשן.

ס'רוב מענשן, וואס זענען געבליבן נאכן צווייטן פאג־ראם זענען געווען ארבעטער און סתם פשוטע מענשן. די אינטעליגענץ איז נישט געווען. די מענשן זענען טאג טעג־לעך געווען אין דער רויטער שול און מען האט גלאט גענומען זאכן און זיי פארקויפט די היימישע פאליאקן, און דערפאר געקויפט בראנפן און שפייז, און געהוליעט.

איך בין ביי דער רויטער שולע נישט צוגעגאנגען, און עס זענען געווען נאך מענשן, וואס זייער הארץ האט זיי נישט דערלויבט אנרירן די בלוטיקע זאכן און עס פארקויפן. אבער דאס רוב האבן נישט געקלערט און גענומען און פארקויפט, און געשכורט.

דער פוילישער אויפקוקער דיינאווסקי האט כסדר גע־זאגט די חברה, נישט לאזנדיק נעמען עפעס, גלייך ווי דאס וואלט געווען זיינע, און האט אפט געשריען:

— וואס טויג עס אייך, איר וועט דאס סיי ווי סיי איבער־לאזן.

עס איז ניט געווען די ארגאניזירונג, וואס זאל אים אפרוימען פון וועג, עס האט געפעלט די פארייניקונג וואס זאל א קלער טאן וועגן מארגנדיקן טאג, וועגן קודישן וואס רעגירט ביד חזקה און צעשטערט יעדע איניציאטיוו מיט

סטראשען, אז ער וועט איבערגעבן די זשאנדארמעריע יעדן, וואס וועט ארויסרופן אומרו אין געטא. קודיש האט געטראכט, אז ער וועט געוויס וויסן ווען עס וועט עפעס זיין, און זיך צו דער צייט אפטראגן. אבער דערווייל כל זמן מען קען זיצן, דארף מען אויסנוצן די צייט. קיינער האט גאר ניט געקלערט פון אונז, אז מען דארף עפעס טאן, אים אפרוימען פון וועג, און אנדערע מנהיגים אונזערע, וואס ווילן אונז פאר א קרבן אפגעבן. זיי האבן געוויס זיך נישט געריכט, אז זיי וועלן זיין די ערשטע קרבנות ביים פאגראם, אז זיי זענען אויך יידן, וואס מען נוצט זיי אויס, וויפל עס לאזט זיך.

## פורים אויף קבר־אחים אין פיעטידין

דער חודש שבט האט געבראכט פיל פאלן פון אפגעפרוירענע פיס און הענט פון מענשן. און דער חודש אדר, וואס ביי יידן זאגט מען: כשנכנס אדר מרבין בשמחה, איז געווען ביי אונז פארקערט. אונז האט דער פורים־טאג געבראכט א גרויסן אבל־טאג, וועלכן איך וועל אין מיין לעבן נישט פארגעסן.

מוצאי שבת, נאך מעריב ביים לייענען די מגילה, ווען מען האט צונויפגענומען געלט פאר נצרכים, און באש האט דערציילט פארשידענע מעשיות, און גערעדט וועגן שארית־ישראל, דאס מיר וועלן בלייבן לעבן און דערלעבן... איז אריין קודיש מיט געוואלטן:

— מארגן מוזן הונדערט מאן גיין קיין פיעטידין פארשיטן די גריבער. ער האט ווייטער דערציילט, אז דער געביטס־קאמיסאר האט אים דערלויבט גיין און פארשיטן די גריבער, וואס האבן זיך געזעצט, און פון פארשיידענע ערטער זעט מען ארויס קערפערס, וואס די פויגל האבן אויפגעשארט.

באלד פארטאג האט יעדער געאיילט זיך זיין פון די הונדערט מאן. קיין פרויען האט מען געוויינלעך נישט מיטגענומען כדי נישט מאכן קיין געשרייען דארט. מיט לאפאטעס זענען מיר שורות׳ווייז געגאנגען איבער דער שטאט קיין פיעטידין אויף אונזערע ברודער־קברים, וואס זענען ערשט נארוואס פארשאטן געווארן.

פאר אונזערע אויגן האט זיך אנטפלעקט עפעס שוידערלעכעס. צווישן הויכע פוסטע בערג, גרויסע גריבער, וואס האבן זיך פאר דער צייט פון האלבן יאר געזעצט, און קערפערס פון מענשן האבן ארויסגעקוקט.

איך בין צוגעגאנגען און באמערקט א פרויען־קאפ, ווי זי האלט ארומגענומען איר פיצל קינד. איך בין אין גאנצן אויפגעשיטערט געווארן. עס האט מיר אנגעהויבן צו שווינדלען און איך בין געפאלן. די חברה האבן אנגעהויבן מיר צו מינטערן און איך בין געגאנגען פון גרוב צו גרוב. איך האב געוווסט, אז מיינע עלטערן, וואס זענען אומגעקומען אין די ערשטע טעג, ליגן אין גרויסן ברודער־קבר פון 9 טויזנט מאן. מיר האבן פארשאטן ערד, נאכהער אל מלא רחמים געמאכט, און געדאווענט מנחה און אונזערע קולות האט דער ווינט צעטראגן אל ארבע פינות העולם מיט דעם אויסגעשריי: פארוואס?

עטלעכע נאענטע חברה ווייז איך דעם ארט, ווו איך בין מיט זעקס מאנאטן צוריק דא געווען, און דערקלער זיי ווי דאס איז צוגעגאנגען די ארבעט ביי די בעסטיעס בשעת דעם פאגראם. עס האבן זיך נאך געוואלגערט פאספארטן פון די מענשן, די פאטאגראפיעס זענען שוין געווען אפגעריבן, אבער דאך האט מען זיי דערקענט. איך געפין צווישן די פאספארטן אויך מיינע עלטערנס און מיין ליבן זיידנס פאספארט פון די רוסישע צייטן. איר קענט זיך פארשטעלן מיין געוויין און מיין האקן זיך אין קאפ. איך האב אין מיין לעבן קיינמאל אזוי נישט געוויינט, ווי דאס מאל. דאס הארץ האט געשניטן פאר ווייטיק, ווי אזוי מיינע טייערסטע זענען אומגעקומען צוזאמען מיט אנדערע אזוי טראגיש, אזוי ברוטאל, אויסטאן זיך נאקעט און גיין אין גרוב זיך לייגן אויף די ערשט נאר וואס פרישע מענשן, וואס האבן זיך נאך געווארפן, און ווארטן ביז זיי וועלן באקומען די קויל אין קאפ. איך שטעל מיך פאר זייערע לעצטע מינוטן. די טייערע מוטער מיינע, וואס איז אלע יארן געווען אזא ציטערדיקע, מורא געהאט פאר יעדע שלעכטע מינוט. איך ציטער פון קעלט, כאטש די זון האט שוין א ביסל געווארעמט, און אנגעזאגט אויף דעם גיכן פרילינג וואס וועט קומען, אבער נישט פאר אונז. פאר אונז איז די וועלט געשטארבן, פאר אונז איז קיין פרילינג נישטא. פאר אונז שטייען שאטנס, די פנימער פון אונזערע טייערע מיט אויסגעשטרעקטע פויסטן און שרייען: „אונזער בלוט וועט ניט רוען! נקמה!

איך שטיי אויפן קבר מיט די פאספארטן אין האנד, און טרערן גיסן זיך און קייקלען זיך אראפ אויף דער פרישער ערד, וואס מיר האבן ערשט פארשאטן און אויסגעגלייכט. מיר זאגן נאך א קדיש, און נאך א אל מלא רחמים, און טראכטן, ווער וויים ווער וועט נאך אונז קדיש זאָגן און ווער וועט אונז דערמאנען אויף אונזער קבר?

בייטאג איז געקומען צופארן מיט א פויעריש פורל קודיש, און רעגאל מיט עטלעכע פרויען. מען קען זיך פארשטעלן וואס עס האט זיך געטאן ווען די פרויען האבן דערזען די גרויסע קברים, ווי מיר שטייען און פארשיטן. די געוויינען און קולות האבן זיך געטראגן ווייט.

קודיש מיט רעגאלן זענען ארומגעגאנגען פון קבר צו קבר און איך האב אנגעוויזן רעגאלן ווו עס ליגט זיין טרייער פאטער, וואס זייענדיק צוזאמען מיט אים אין תפיסה, האט ער אים נישט געקענט ארויסראטעווען.

שעהן לאנג איז רעגאל געשטאנען פארגליווערט, ווי מחילה געבעטן ביים פאטער, וואס ער איז געבליבן לעבן און אים איבערגעלאזט אין תפיסה. ער האט קדיש געזאגט און א אל מלא רחמים געמאכט.

קודיש האט געבעטן מאכן א אל מלא רחמים דעם יידישן יודנראט, וואס האט זיך מוסר נפש געווען פארן כלל ישראל און באזונדער פאר שמחה בארגמאן וואס האט פיל געלייסטעט און פיל מענשן אפגעראטעוועט פונם פאגראם. בשעת דעם פאגראם האט מען אים אוועקגעזעצט פארן קבר, ער זאל זען ווי זיינע יידן שטארבן, און נאכדעם אים דערשאסן.

דערשלאגן, מיט א גרויס ווייטיק אין הארצן האָבן מיר זיך פארנאכט געזעגנט מיט אונזערע טייערע קדושים, איבערלאזנדיק זיי צווישן די רואיקע בערג, מיט פרישער ערד פארשאטן, וואו מיר האבן געשווארן, אז מיר וועלן זיי קיינמאל ניט פאַרגעסן און נקמה נעמען פאר זיי. מיר זענען טרויעריק, טריט נאך טריט, שורות׳ווייז אומגעקערט זיך אין

געטא, ווו מיר האבן פארבראכט א שלאפלאזע נאכט טראכטנ־דיק וועגן אונזער גורל, וועגן אונזער מארגן.

א שטיק צייט האבן מיר גרופעסווייז יעדן זונטיק באזוכט די ברודער־קברים אין פיעטידין, וואו מיר האבן פריש ערד פארשאטן און קדיש געזאגט, קאפיטלעך תהילים געלייענט, אל מלא רחמים געמאכט, בעטענדיק זיי, עס זאל שוין בלייבן דאס שארית ישראל, דאס ביסעלע וואס איז געבליבן, מען זאל אונז מיטן שורש ניט ארויסרייסן.

## פסח אין קליינעם געטא

דער שניי האט ביסלעכווייס אנגעהויבן צוגיין, און אין געטא איז געווארן בלאָטיק. די זון האט אנגעהויבן זיך מער באווייזן און אויסוואַרימען די פארפראַרענע פארגליווערטע אברים. אבער עס איז ניט געווען קיין טאג מען זאל נישט רעדן וועגן אַבלאוועס, וועגן פאגראם, און דאָך ווען עס איז געווען צוויי וואכן פאר פסח האט מען אנגעהויבן צו רעדן וועגן באזארגן זיך מיט מצות.

ערשל באש האָט זיך אנגענומען דורכצופירן די מצות־באזארגונג. עס איז אפגעזוכט געווארן א מאשין פון מצות, מען האט זי שטיל אויפגעשטעלט אין געטא. דער בעקער האט באזארגט מעל, נישט קיין גערשטענע, און מען האט אנגע־הויבן באקן מצות אויף פסח. די ארעמע מענשן האבן געקראגן מצות אָן געלט, און א סך אנדערע פאר א קליינעם פרייז. מיר זענען געשטאנען אויף דער וואך דער געביטסקאמיסאר זאל זיך וועגן דעם נישט דערוויסן. מיר האבן טאג און נאכט געארבעט, און אלע יידן האבן געהאט מצות אויף פסח.

מיין פסח קען מען זיך פארשטעלן, כ'בין די נאכט פון פסח געלעגן אויף מיין ארעם בעטל און שטיל עלנד אין זיך געוויינט. איינער אליין בין איך געבליבן אָן משפחה, אָן עלטערן, אָן שוועסטער, ברודער, אלע געפינען זיך אין גרויסן ברודער־קבר, און אט שטייען פאר מיינע אויגן מיינע צוויי בריליאנטענע קינדער, וואס מען האט זיי פאר מיינע אויגן דורכגעפירט צום שיסן, און איך האב גארניט געקענט טאָן, איך האב געוואלט נאכלויפן נאָך זיי, צוזאמען מיט זיי גיין, נאָר מען האט מיר נישט דערלויבט, און נאכדעם בין איך געבליבן לעבן, צו וואָס? פארוואָס דארף איך לעבן? איינ־זאַם, געבראָכן ליג איך איצט פסח ביינאכט און דערמאן זיך די שיינע סדרים אמאל ביים טאטנס טיש, און נאכדעם מיט מיין משפחה. כאטש איך בין געווען מיד פון דער אנגעשט־רענגטער ארבעט ביים באקן די מצות, האב די גאנצע נאכט ניט געקענט שלאָפן. עס האבן זיך מיר פארגעשטעלט פארשיי־דענע בילדער פון תפיסה און פון פיעטידין, דער שדים־טאנץ פון די מענשן, ווי זיי האבן זיך אויסגעטאָן, זיך געדרייט אין אלע זייטן מיט ווילדע אויגן און ייי עפסס עמיצער שטופט זיי, זענען זיי געלאָפן אין גרוב אריין און אוועקגעלייגט זיך. און עד היום קען איך נישט פארשטייען די פארשטיינער־טע הערצער פון די מערדער, צו זען דאָס אלץ, און שטיין און שיסן טויזנטער, טויזנטער יעדן טאג. איך קען ניט פאר־שטיין די הערצער פון אונזערע קדושים, קיינער אט ניט געחלשט, קיינער האט ניט געקראגן קיין הארץ־שלאַג, כאטש זיי זענען געווען אויסגעהונגערט און אויסגעדארט, און אלע זענען געגאנגען. זעלטן ווער איז אנטלאָפן, און יעדער ווער עס איז אנטלאפן איז דורכגעלעכערט געווארן פון די קוילן, וואס האבן אים באגלייט.

ווי אין א פילם־באַנד לויפן אַ גאנצע נאכט דורך פאר מיינע אויגן די טויזנטער קדושים מיט זייער ווילדן בליק און אויסגעשטרעקטן פויסט. פון מיין משפחה איז קיינער ניט געב־ליבן. זאָגנדיק קדיש ווייס איך ניט ווענמען איך זאל פריער דערמאנען. און די נאכט ציט זיך ווי א יאָר.

פון אלע זייטן האבן צו אונז געשטראמט יידן, וואס האבן זיך שוין מער נישט געקענט באהאלטן ביי די פויערים, אדער די פויערים האבן זיי נישט געוואלט מער האלטן. א סך זענען געקומען צו אונז פסח, נישט וויסנדיק, אז עס איז פסח. יעדער איינער האט אפגעשפארט עפעס פון זיך און געגעבן די אָנגעקומענע יידן מצות, אבער מיט שלאָפן איז געווען ערגער. עס איז פשוט נישט געווען קיין פלאַץ און אפט האט מען גענעכטיקט אויפן גאס ממש.

פסח האט מען אויך געארבעט, און גלייך נאָך פסח האט מען פונאנדערגעשיקט ארבעטן אין די פארשידענע פריציש הויפן, וואס זענען איצט אנגעפירט געווארן דורך די דייטשן. מען האט געשיקט צו פארשיידענע ערד־ארבעטן. די יידן האבן געארבעט שווער און ביטער און זיי זענען אויסגעניצט גע־ווארן ביזן לעצטן טראָפן בלוט. אונזערע פוילישע שומרים האבן אפט אונז נישט אפגעלאזן פון דער ארבעט פון גאנץ פרי ביז שפעט ביי נאכט.

אהיימקומענדיק פון דער ארבעט מיד צעבראכן צוריק אין געטא, ווו דער טויט האט אויף אונז געלויערט, האט מען זיך נישט איינמאל געווונשן דעם טויט. אבער נעמען דעם טויט האט קיינער נישט געוואלט, דער דראנג צום לעבן איז געווען גרויס. אין געטא האט זיך אין אוונט נישט פון איין שטוב דערטראָגן קולות פון געלעכטער, פון טרינקען און פון קאָרטן־שפילן, און פון אנדערע ערטער געוויינען פון פרויען און קינדער. דאס אלץ האט זיך אויסגעמישט צוזאמען אין דעם קליינעם געטא פון עטלעכע הונדערט איינצעלנע און קליינע צאל משפחות, וואס לעבן דא דעם צעבראכענעם לעבן מיט דעם נישט זיכערן מארגן.

קודיש וואס האט אנגעפירט מיט חוזק־יד דעם קליינעם געטא, האט דאך נישט איינמאל געראטעוועט מענשן פון תפיסה, ווען מען האט זיי געכאפט פאר אריינטראגן עפעס אין געטא, אדער ארומדרייענדיק זיך נישט אין די באשטימ־טע שעהן, אדער אָן א קוויטל ארויסגעגעבענעם פון ביורא.

אויף די געהיימע זיצונגען אונזערע האבן מיר ניט איינ־מאל באהאנדלט די פראגע וועגן אפרוימען קודישן פאר זיין שטיקל ארבעט, וואס ער האט אונז פארפירט פארן צווייטן פאגראם. איצט האט זיך געשטעלט די פראגע, צו מיטן אָפ־רוימען קודישן וועט דער גאנצער געטא ניט ווערן אפגע־רוימט, און מיר האבן נישט וואוהין צו גיין. אלע וועגן זענען פאר אונז געווען פארמאכט, מיר האבן אויסגעפארשט דורך באקאנטע פויערים, אדער אונזערע חברים אליין האבן געפ־רובירט זיך ארויסרייסן און א טייל זענען צוריקגעקומען. אין די נאָענטע וועלדער איז אוממעגלעך צו זיין צוליבן מאנגל אין וואסער און ברויט. צו די ווייטע וועלדער פון פאלעסיע קען מען נישט דערגרייכן, ווייל דער טויט לויערט אויף יעדן שריט. ווער עס האט א באקאנטן פויער, וואס קען אים בא־

האלטן אין א שטוב איז מה טוב, אבער ווער עס האט ניט, מוז זיצן און ווארטן. קודישן קען מען דערווייל נישט אומברענגען, ווייל ער איז דער איינציקער וואָס טויג זיך אויס מיט דער מאכט, און צייטנווייס ראטעוועט ער דאך א ביסל ייִדן, ער שלעפט אפּ אויף ווייטער און ווייטער, מיינענדיק צו ראטעווען זיך מיט זיין משפחה, אבער דערווייל געפינען זיך שוין כמעט 1800 מענטשן, און עס קומען יעדן טאג מענטשן זוכן א מקום מקלט. מענטשן האבן געארבעט און עס האבן געטראפן פאלן פון חתונות אין געטא. ווייל שוין העכער אכט מאנעטן ווי מיר לעבן אין געטא נאכן צווייטן פאגראם און עס איז דערווייל שטיל . . .

אבער מענטשן שלאָפן נישט. יעדער אין געטא האט ביי זיך אין וווינונג אין פאל פון נויט א באהעלטעניש, אויך ביי אונז אין בעקעריי האבן מיר לאנגע וואָכן געארבעט און מיר האבן אן אונטערערדישע באהעלטעניש מיט דרייערליי טירן ארייַנצוקריכן, מיט דאָפּלטע סופיטן. ווען מען רייסט אויף איינעם באמערקט מען אונז ניט. מיר האבן אויך צוגעגרייט וואסער מיט ברויט.

כאטש די זשאנדארמען איז געווען זייער גוט מיט אונז בכלל און מיט קודישן בפרט, און מענטשן האבן געזאגט, אז מען וועט יעצט וויסן, האבן פארשיידענע מענטשן זיך צוגעגרייט באהעלטענישן ביי פארשידענע קריסטן אין שטאָט און אין דארף, און מען האָט אנגעהויבן ארויסצישפירן פעק מיט זאכן פאר זיך און פאר די קריסטן, בכדי ביי זיי זיך אויסצובאהאלטן.

ביי אלע מיינע היימישע קריסטן, וואס איך האב געהאט, האט קיינער נישט געוואלט מיר אריינעמען מיטן תירוץ אז זיי האבן מורא. נאר דורך א צופאל, ווען איך האב זיך באשטייערט „אויסשטעלן אלץ", וואס מען דארף פארן קריסט האב איך מיט נאך צוויי באקאנטע אויף זיך באשטעלט אן ארט אין פאל פון נויט. איך האב געוואלט פריער אוועקגיין דאָרטן און זיצן, נישט ווארטנדיק אויפן פאל פון נויט, ווען מען וואט שוין גיין נישט קענען, נאָר איך האב נישט געקענט, ווייל איך האב מיט נאך צוויי מענטשן געארבעט אין דער בעקעריי און געבאקט ברויט פאר אונז אין געטא, און וועגן מיין אוועקגיין וואלט מען גלייך זיך דערוווסט. האב איך באשלאסן, אז וואס עס וועט זיין מיט אלעמען וועט זיין מיט מיר.

מענטשן זענען אוועק, זענען איבערגעזעסן א מאנאט, צוויי, און דא אין געטא איז געווען שטיל, און די קריסטן שרייען: צו וואס זיצן באהאלטן ווען אין געטא באוועגט מען זיך פריי, און מען קען לעבן מיט פרישע לופט? זענען טאקע א סך צוריקגעקומען. קודיש האט זיי נישט געוואָלט ארייַנעמען צוריק, ווייל זיי זענען אנטלאָפן, און זיי האבן געמוזט געבן פיל געלט מען זאל זיי צוריק דערלויבן זיין אין געטא.

אין איינעם א פרימאַרגן האט קודיש לויטן באפעל פון געביטס־קאמיסאר פון ראָוונע, אוועקגעשיקט קיין ראָוונע פון אונז 40 ארבעטער, עטלעכע שניידער, עטלעכע סטאָליערס און דאס רעשט פראסטע ארבעטער. דארט איז שוין לאנג יידנריין, און אָן יידן קען מען זיך ניט באגיין, האט מען ביי אונז גענומען 40 מענטשן און זיי אוועקגעשיקט. מען האט ניט געוווסט וואס איז געווארן מיט זיי. שפעטער האט מען זיך דערוווסט, אז מען האט זיי נאכדעם, ווי זיי האבן פארענדיקט די ארבעט, דערשאסן.

הארצרייסנדיקע געשרייען און געוויינען האבן זיך געטראגן ביים געזעגענען זיך מיט די מענטשן, וואס האבן נישט געוואלט פארן. מען האט זיי פארטאג פארשפארט אין דער קלייַנער תפיסה, וואס איז געווען ביי אונז אין געטא, ווו מען האט געוויינלעך פארשפארט פאר ניט וועלן גיין צו דער ארבעט, אדער פרישע מענטשן, וואס זענען געקומען פון אויסערן געטא. זיי האבן געמוזט עטלעכע טעג אפזיצן, און נאכדעם ווי זיי האבן באצאלט א ביסל געלט און צוגעזאגט נישט אוועקגיין מער, האט מען זיי באפרייט.

צוויי האבן אויפגעריסן דעם סופיט און זענען אנטלאָפן און זיי זענען מער נישט געקומען אין געטא, און איינער פון די צוויי איז געבליבן לעבן און איבערגעלעבט.

אזוי האט דער קליינער געטא יעדן טאג געהאט זיינע צרות און ליידן. דא האט מען געשאָסן א יידן, דא רעדט מען, אז דער פראנט איז גאר נאנט. קיין צייטונג האבן מיר ניט געהאט. מיר האבן געהערט, אז מען וועט מיט אונז מאכן אן ענדע, אבער קודיש איז געווען זיכער, אז אונז וועט גארניט געשען. עד האט דעם ערשטן ביישפיל געגעבן און ער איז מיט זיין משפחה געזעסן אין געטא, ווי אויך די משפחה פון שיינקעסטל, וואס איז באשטאנען פון א פרוי מיט צוויי קינדער, און רעגאל האט זיך פארליבט אין זיין טאכטער. זענען זיי אלע געזעסן אין געטא און קודיש האט פארזיכערט פולשטענדיקע רו, און אז ער וועט וויסן ווען מען דארף גיין. דערווייל זאל זיך קיינער פון אָרט ניט רירן.

אויך אין די דערפער ארום לודמיר איז געווען ניט רואיק. די געהיימע דייטשע האנט פון פארניכטונג האט געארבעט אויף אלע פראנטן. אין דער סביבה ווו עס איז געווען מער אוקריינער, האבן זיי אויסגעהרגעט די פוילישע קריסטן, וואס זענען מאסנווייז אנטלאפן אין שטאט איבערלאזנדיק אלץ אויף הפקר. און יעדע נאכט איז דער הימל געווען רויט פון ברענענדיקע שטיבער, דאס האבן די אוקריינישע באנדעס געברענט פוילישע הייזער. די שטאָט איז פארפילט געווארן פון די פוילישע היימלאזע, וואס האבן פארנומען די יידישע הייזער אין אלע עקן שטאט. יעדן טאג זענען געלאפן די פוילישע פויערים ראטעווען זיך דאס לעבן פון די אוקריינישע באנדעס, וואס האבן זיך געשאפן, און די דייטשישע מאכט האָט זיך נישט וויסנדיק געמאכט.

און פיל יידן וואס זענען געווען באהאלטן ביי די פאליאקן האבן געמוזט פארלאזן דעם ארט און קומען אין געטא. א סך וואס האבן ביי זיי געהאט באהאלטן זאכן, האבן אלץ פארלארן.

אין שטאט האט מען געקענט זען אז אין די יידישע שיינע הייזער און די גרויסע יידישע געשעפטן, וואס זענען געבליבן ליידיק, שטייען אין זיי היינט חזרים, עופות, און תבואה, דאס האב און גוטס פון די פויערים, וואס זענען אנטלאפן פון די דערפער.

די שטאט איז געפערלעך שמוציק, די גאסן ווערן נישט געקערט, טיר און טויער אָפן, טירן פון די געשעפטן אויסגעריסן און עס וואלגערן זיך אין די גאסן יידישע ביכער,

ספרים, צעבראכענע כלים, צעבראכענע מעבל און בערג מיסט, און די קאזעס לויפן ארום פראנק און פריי. אין די גאסן איז שווער צו אָטעמען,מענשן זענען ניטא, הייזער ווערן צענומען און פארקויפט דורך דער אוקריינישער שטאט־פאר־וואלטונג.

## מיר צונעמען אליין אונזערע הייזער

דער געביטסקאָמיסאר האט באפוילן שיקן עטלעכע הונ־דערט ארבעטער צו צונעמען די יידישע הייזער, ווייל זיי דאַרפן האָבן ציגל. טאג טעגלעך האבן געארבעט עטלעכע הונדערט אונזערע בחורים און צעבראכן די יידישע הייזער און די ציגל צונויפגעטראגן פאר דער מאכט.

נישט איינמאל איז געשטאנען דער געביטסקאמיסאר וועסטערהיידע מיט זיין געהילף קראַוזע און געשעפט נחת ווי עס צעפאלן די ווענט אין א גרויסן רעש, און פלעצער ווערן ליידיק, אזוי אז מען קען איצט זען פון איין גאס די צווייטע, און נישט איינמאל איז ער אליין ארויף אויפן מויער און געוויזן די ארבעטער ווי אזוי צו ארבעטן שנעל.

אזוי האבן מיר מיט אונזערע אייגענע הענט צענומען די הייזער, צענויפגענומען דאס האב און גוטס, אונזערע מיידלעך האבן געוואשן און געפרעסט אלע זאכן, וועלכע זענען אוועקגעשיקט געווארן קיין דייטשלאנד, פאר די דייט־שע פרויען.

פיל הייזער אין יידישן קווארטאל האבן מיר אליין פאר־ברענט, כדי עס זאל נישט אריינפאלן אין די דייטשע אדער אין די אוקריינישע הענט. מיר האבן די שולד ארויפגעלייגט אויף קריסטן, וואס גייען טאג טעגלעך זוכן אין די יידישע הייזער. דער געביטסקאמיסאר האט אפגעהיט אונזער פאר־מעגן, עס זאל חלילה נישט אומזיסט גיין צו גרונט — — —

## די פאליאקן ווערן אויך גערודפט און ניט געשאנעוועט

נאכדעם ווי מען האט דערליידיקט מיט די יידן, און מיר זענען געבליבן א קליין הייפעלע, האט מען זיך גענומען צו די פאלאקן. די אוקריינישע ס.ד., וואס איז לעצטנס געשאפן געווארן, האבן אין שטאט אנגעמאכט צרות. זיי האָבן איבער־געקערט און איבערגעזוכט יעדן הויז, זוכנדיק באהאלטענע יידן, און קריסטן וואס האנדלען, און פאלאקן וואס זענען קעגן די דייטשן.

אין געטא האבן מיר איינעם א פארטאג איבערגעלעבט עפעס שרעקלעכעס. דער געטא איז ארומגענומען געווארן מיט פאליציי. מיר האבן גערעכנט שוין, אז מיר זענען פאר־פאלן. עס איז שווער זיך פארשטעלן ווי מען איז ארומגעלאָפן זיך באהלטן. מען איז אפילו געשפרונגען אין נאענטן טייכל אריבערכאפן זיך אויפן צווייטן זייט וואסער. דארט איז מען באגעגנט געווארן מיט פייער ביי יעדן פרווו אריבערצוגיין.

עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן אז מען זוכט אין דער געגנט פאלאקן און מורא האבנדיק זיי זאלן זיך ניט באהאלטן אין געטא, האט מען געהיט ארום און ארום. דער פארטרעטער קראוזע איז אליין געקומען זעלבסט און אונז געטרייסט, דאס מען מיינט נישט אונז. ער האט זאגאר מיטגענומען אונזערע שומרים זיי זאלן העלפן זוכן די באהאלטענע פאלאקן.

אזוי האבן מיר יעדן מאל געהאט פארשיידענע שרעקלע־כע איבערלעבונגען מיט אנדערע זארגן און ליידן.

די תפיסות זענען פול געווארן מיט פאלאקן, פון וואנען מען פלעגט זיי אָפשיקן קיין דייטשלאנד אויף ארבעט, אדער מען פלעגן זיי האלטן מאנאטן פארשפארט און נאכדעם באפ־רייען. אבער זיי האט מען קיין איין פראצענט נישט געטאן דערפון, וואס מען האט געטאן מיט אונז. אין דער צייט ווען מען האט אונז כמעט אינגאנצן אזוי בארבאריש אויסגעשא־סן, האט מען איינמאל עטלעכע און צוואנציק פאַלאַקן אויס־געשאסן אויף פיעטידין, און אייניקע פארשיקט אויף ארבעט. זיי האבן אלע זיך צוריקגעקערט א היים.

מיר זענען מיט אונזער מאכט געווען אין גוטע באציאונ־גען און זיי האבן אונז פארזיכערט אז „מיר בלייבן אימער לעבן".

פון דער געהיימער ראדיא, וואס אייניקע פון אונז האבן געהאט (און דאס איז געווען בסוד סודות פארן געטא), האבן מיר געוווסט די לעצטע גרויסע מפלות פון די דייטשן. מיר האבן זיך געטרייסט, אז אפשר וועט פארקומען א רעוואלוציע אין דייטשלאנד, ווו דאס פאלק און דאס מיליטער ליידט אזוי פיל, און וואס זייערע זין פאלן אויפן פראנט. אפשר וועלן זיי אוועקוואַרפן דאָס געווער און מיר וועלן געראטעוועט ווערן. אבער מיר האבן אומזיסט געהאָפט אין שרעק און שטענדיקן פחד, און די מאנטן זענען געלאפן. אַט איז שוין ווידער שניט־צייט און דער דייטש נעמט אראָפ אלע תבואות און שיקט זיי קיין דייטשלאנד.

שווער און ביטער האבן מיר געארבעט אין די פריצישע הויפן אונטער דער אָנפירונג פון די דייטשן. אלע פריצים זענען נאך פאר דער רוסישער אקופאציע אוועקגעשיקט גע־ווארן קיין סיביר. טויזנטער פויערים־קינדער זענען אוועק־געשיקט געווארן קיין דייטשלאנד אויף ארבעט, און די יידן האט מען אויסגעהרגעט. אזוי אז עס האבן אויסגעפעלט אר־בעטס־הענט. ביז שפעט אין דער נאַכט האָט אונדזער הייפעלע יידן געאַרבעט טאָג־טעגלעך אין די פעלדער ביים שניידן, צע־נויפנעמען און דרעשן די תבואה, וואס איז דערנאך אוועקגע־שיקט געווארן אין טויזנטער וואגאנעס קיין דייטשלאנד.

שפעט יעדן אוונט פלעגן מיר קומען אהיים, אויסגע־מאטערט פון דער שווערער ארבעט; מיר זענען אנגעפירט געווען פון די פוילישע שומרים, וועלכע פלעגן אונז יאָגן ביי דער ארבעט, אזוי אז אָפט פלעגן מענשן פאלן אין חלשות, און פילע זענען פון דער שווערער ארבעט קראנק געווארן.

אזוי זענען מיר אויסגעמוטשט געווארן ביז דער לעצטער מינוט.

## מיר גייען זוכן פארטיזאנער!

מיר האבן געפילט אין דער לופט, אז מיר וועלן דא קיין לאנגע צייט נישט זיין, און עטלעכע חברים האבן מיר געהיים באַשלאסן זוכן א מקום מקלט, א פארטיזאנער־גרופע אין די ווייטע פאלעסיער וועלדער. דער וועג איז געווען סכנות'דיק אבער מיר מוזן איינשטעלן.

שווער איז געווען דער וועג, אבער נאך ערגער איז געווען דער טראגישער סוף פון אונזערע שליחים, וואס זענען דער־

שאסן געווארן דווקא פון א פארטיזאנישער גרופע, וועלכע האט פשוט געוואלט צורויבן דאס געווער, א יקר המציאות דאן ביי פארטיזאנער.

דער איינציקער שליח איבערגעבליבן ביים לעבן, פסח וואגמאן, האט איבערגעגעבן, אז דאס איז געווען אן אפטיי־לונג פון א רוסישן אטריאד (אפטיילונג). די פארטיזאנער האבן דערקלערט, אז זיי נעמען אן אונזערע שליחים אלס שפיאנען און זיי דערשאסן. פסח וואגמאן אליין איז אנטלאפן און קוים מיטן לעבן איז ער געקומען צוריק.

ווי מיר האבן זיך ניט געהיט, האבן די ווענט אויערן, און קודיש האט זיך דערוווסט וועגן דעם און ער האט געוואלט וואגמאנען ארעסטירן, אדער ער זאל פארלאזן דעם געטא.

אייניקע וואכן האט זיך דער יונגערמאן געוואלגערט אויסערן געטא, וואו געטאגט ניט גענעכטיקט. ביז נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען און פאר א געוויסער סומן געלט האט קודיש אים דערלויבט קומען צוריק אין געטא.

און ווען מען האט אוועקגעשיקט קיין ראוונע די גרופע ארבעטער, האט ער אים אויך אוועקגעשיקט, און ביז היינט ווייסן מיר ניט וואס איז געווארן מיט אים און מיט דער גאנ־צער גרופע ארבעטער.

אזוי האבן מיר זיך געראנגלט און געוואלט ארויסגיין פון געטא, נאר עס איז ניט געגאנגען. קודיש האט צעשטערט יעדן פלאן פון ראטעווען זיך און קעגנשטעלן זיך. אזוי איז ער געווען בלינד און האט געגלויבט אין זיינע צוזאגן, און שטענדיק בארואיקט אונז מיט זיין ווערטל: „— קינד־ערלעך, דערווייל איז שטיל, מיר האבן פיל ארבעט מיליטער־רישע, אויף וואכן און מאנאטן, און מען מעג דערווייל שלאפן רואיק, אבי ארבעטן. ארבעטן מוזן מיר גיין און ניט באהאלטן זיך. ווען מען רופט זאל קומען צו דער ארבעט. אזוי גלויב איך וועלן מיר אריבערלעבן. און טאמער חלילה דארף עפעס וואס געשען, וועלן מיר דאסמאל וויסן. —"

## דער ערשטער יארצייט נאך אונזערע קדושים אין געטא

אין עטלעכע הייזער פלעגן מיר אין געטא איינארדנען טאג־טעגלעך א מנין אין דער פרי און פארנאכט. עס פלעגן זיך צונויפקומען ניט נאר די פרומע, נאר אויך סתם יונגע־לייט און מען פלעגט אויך כאפן א שמועס וועגן וועלט־פאליטיק.

מען האט אויסגעזוכט פארשיידענע יארצייטן פון רבנים און גוטע לייט בכדי צו טרינקען לחיים און כאפן א שמועס. די פרומע יידן זענען אנגעפירט געווארן דורך משה מארגענ־שטערנס איידים, הערשל באש, וואס איז געווען א יונגערמאן א משכיל, און ער פלעגט ביי דער געלעגנהייט דערציילן פארשידענע אמאליקע מעשיות וועגן רביים. ער פלעגט דער־ציילן, און דערנאך פלעגט מען טרינקען א לחיים און זיך צוגעווונשן אויסגעלייזט ווערן פון זייער האנט.

טרויעריק איז געווען אין געטא י"ט אלול, דער ערשטער טרויעריקער יארצייט נאך אונזערע קדושים. גאנצע צוויי וואכן האט זיך געצויגן דער טרויער. פון יעדער יידישער שטוב איז די פרייד און געלעכטער אוועקגענומען געווארן. מען האט זיך דערמאנט, אז היינט א יאר ווי אונזערע טייערע זענען אזוי טראגיש אומגעקומען, און מיר זענען נאך היינט אין די נעגל פון טויט מיט נישט קיין זיכערן מארגן, נישט וויסנדיק וואס פאר א ביטערער גורל עס ווארט אונז.

היינט ווערט א יאר ווי איך האב זיך געפונען אין תפיסה. א גרויל און קעלט גייען דורך מיין לייב דערמאנענדיק זיך מיין איבערלעבן, מיינע קינדער שטייען מיר פאר די אויגן. אלע קדושים פון תפיסה, פון פיעטידין, גייען דורך פאר מיינע אויגן און איך לעב. שוין א יאר ווי איך מאטער זיך אליין, עלנט, אן משפחה. כ'ראנגל זיך צו בלייבן א לעבעדיקער עדות פון אונזער שטעטל, דערציילן דער וועלט, נקמה נעמען אן די בארבארישע מערדער פאר אומשולדיק פארגאסן בלוט. און נישט איינמאל שטעלט זיך מיר די פראגע: צוואס? צוואס די גאנצע מאטערניש, אז אלץ איינס איז אלץ פארלארן.

## שמחת תורה אין קליינעם געטא

די ימים נוראים אין קליינעם געטא האט זיך שטארק געפילט. די טעג האט מען נישט געארבעט, און אין די הייזער ווו עס איז געווען איינגעארדנט א מנין, זענען געווען איבער־ערפולט. כאטש מען האט זיך געווונשן לשנה טובה תכתבו, האט יעדער איינער געטראכט, ווער ווייס צי מיר וועלן דער־לעבן א צווייטן ימים טובים.

אין די יום־טוב טעג האב איך זיך געפילט זייער ניט גוט. איך בין געלעגן אויף מיין געלעגער און געוויינט שטיל אריין אין קישן, דערמאנענדיק זיך די אמאליקע ימים נוראים אין אונזער טאטנס שטוב, און דערנאך מיט מיין משפחה. און היינט איז נישטא אפילו פאר וועמען אויסרעדן דאס הארץ. ווער ווייס צו וועל איך נאך צו עפעס דערלעבן, כאטש צו זען מיין איינציק איבערגעבליבענעם ברודער אין ארץ ישראל. ווען איך קען אים זען, אויסרעדן מיין ביטער הארץ, און דאן שטארבן. עפעס מאדנע געדאנקען האבן זיך געפלאנטערט אין מוח; עס איז שוין בעסער ווען מען ארבעט און מען פארגעסט.

וועלנדיק א ביסל דערמונטערן דעם עולם האט קודיש איינגעארדנט אין געטא א שמחת־תורה אוונט. אין דעם גרוי־סן עס־זאל האט ער איינגעלאדן פון יעדן פאך עטלעכע דעל־עגאטן, ווייל דער זאל איז געווען צו קליין פאר אלעמען. ביי געדעקטע טישן האבן קודיש מיט רעגאל אויפגענומען די מענטשן. קודיש האט אונז געטרייסט אז מיר וועלן בלייבן לעבן און דערלעבן אן די באנדיטן צו פראווען, בשנה הבאה, א פרייליכן שמחת תורה. רעגאל האט שוין גערעדט מער ליטעראריש וועגן אמאליקע גרויסע שרייבער און געלערנטע, וואס האבן אויך פיל געליטן ווי מיר ליידן, און מיר וועלן איבערלעבן. באש האט גערעדט וועגן תורה וועגן אמאליקע גרויסע רביים, און אז עס איז געשריבן אין די הייליקע ספרים אז עס וועט אויפשטייען אזא מין היטלער, וואס וועט איינ־עמען די גאנצע וועלט און וועלן אומברענגען די יידן, אבער ער וועט באקומען די מפלה און מיר די איבערגעבליבענע וועלן אויסגעלייזט ווערן און פראווען שמחת תורה אויף דער פריי. דערנאך האבן עטלעכע קינדער דעקלאמירט און געזונ־גען. דערנאך האט איינער מארגנשטערן פארגעליינט וואס ער האט באשריבן: אונזער מארש קיין פיעטידין.

אין צרות און ליידן איז אוועק דער זומער, מיט זיינע ימים טובים. עס בלאזן שוין אין דרויסן ווינטן, עס רעגנט, בלאָטעס, די אוונטן זענען שוין גרעסער און אויפן הארצן קאלעמוטנע.

פון די ידיעות ווייסן מיר, אז דער דייטש טרעט אפ אויף אלע פראנטן. די גרויסע מפלות זיינע עקבערן אונז דעם מוח: וועט ער אונז איבערלאָזן? פון קיין רעוואלוציע הערט מען נישט. און וואס וועט זיין מיט אונז?

יעדן טאג גייען אַוועק עטלעכע מענשן, און יעדן טאג קומען מענשן, וואס ליגן שוין מאנאטן באהאלטן, און קיין ענדע איז נישטא. דער פויער וויל נישט אויסבאהאַלטן מיר.

קודיש פירט אן בחוזק יד און באשטראפט די אלע, וואס קומען; ארעסטירט זיי און האלט זיי טעג און וואכן אין תפיסה פון געטא, צוליבן אוועקגיין און קומען צוריק.

די פאכמענער אין געטא זענען פארוואָרפן מיט ארבעט; פון דער ארומיקער געגנט, פון קאָוועל, ראָוונע, לוצק, קומען די געסטאפא־לייט אהער בכדי זיך אויפנייען שיינע גוטע אנציגער און לאזן זיך מאכן שטיוול און שיך.

דער געביטס־קאמיסאר דערלויבט אריינפירן האלץ פארן געטא אויף ווינטער, און דאך גייען מענשן ארום און שושקענען זיך. מען האט מורא פארן מארגן. און עס האט זיך אנגעהויבן א געיעג פון ארויסגעבן פעקלעך זאכן פאר די באַקאנטע פויערים פון שטאט און מאכן פארשיידענע באהעלטענישן אין געטא און אויסערן געטא. אבער דערווייליע איז יעדער געזעסן און געווארט, עס וועט נאך זיין צייט צו אנטלויפן. מען וועט זיך עפעס דערוויסן. אזוי האט מען זיך געלעבט און זייער אַ קליינער פראצענט איז אוועק פון געטא.

ביי אונז אין הויז ווו איך האב געארבעט האבן מיר זיך צוגעגרייט א גוטע באהעלטעניש, וואס איז שוין געווען פארטיק, און איך האב מיר אויך פארזיכערט אן אָרט אויסערן געטא. אבער קיינעם איז נישט איינגעפאלן, אז קיינער וועט ניט ווייסן, נישט קודיש און נישט שיינקעסטל, נישט די אלע מיוחסים, וואס האבן געפירט געשעפטן מיט דער זשאנדארמעריע; און אין איינעם א פרימאָרגן זענען מיר ארומגערינגלט געווארן בכדי צו מאכן דעם געטא „יידנריין".

## קודיש פראוועט זיין זילבערנע חתונה

ביי קודישן אין שטוב האט זיך געפירט ווי אין פרידנסצייטן. דאס שענסטע און דאס בעסטע האט דארטן ניט געפעלט. מען האט געבאקן דאס שענסטע געבעקס, מען איז געווען גוט אנגעטאן, ער און זיין פרוי און די צוויי קינדער, און דאס אלץ פון יידישן גוטס, פון יידישן בלוט. פארקויפנדיק דאס יידישע גוטס די קריסטן, האט ער געמאכט א לעבן.

און דא מיט איינמאל האט זיך דערטראגן אין קליינעם געטא די שמועה, אז אין גיכן קומט פאר ביי קודישן די זילבערנע חתונה, וואס וועט געפייערט ווערן מיטן גאנצן קנאק און ברען; ער וועט איינלאדן אלע נאענטע און באַקאנטע און אלע אנפירער פון אלע ווארשטאטן.

די זילבערנע חתונה איז טאקע געפייערט געווארן מיטן גאנצן פאראד. דער קליינער געטא האט געשיקט מתנות און ווונשן צום 25־יאריקן יובילײ, און מען האט די גאנצע נאכט געהוליעט און געטאנצט.

ביי אונז אין בעקעריי האט מען געבאקן א גאנצן אוונט ווייצן־ברויט מיט געבעקס, געבראטן און געפרעגלט פלייש מיט קאטשקעס, און עס איז געווען ליהודים. ער האט זיך נישט פארגעשטעלט, אז דאס איז זיין לעצטע פייערונג. ער איז שטארק געווען באגליבט אין זיי, אין די דייטשן, אז ער וועט וויסן ווען מען וועט דארפן אוועקגיין און ראטעווען זיך דאס לעבן.

אבער דער גורל האט פארפאָלגט אויך אים. ער איז דער ערשטער צוגענומען געווארן אין דער פרי פארן פאגראם און אפגעפירט געווארן אין תפיסה צוזאמען מיט שיינקעסטל און רעגאלן. מען האט זיי פארברענט צוזאמען מיט דעם רעשט ביסל יידן וואס האבן זיך געמאטערט 13 מאנאטן נאכן צווייטן פאגראם, נישט האָבנדיק ווו צו לויפן אין דער גרויסער וועלט. און זיך דערווארט ביזן לעצטן דריטן פאגראם אין לודמיר, ווען זיי האבן געמאכט לודמיר „יידנריין".

די זילבערנע חתונה פון קודישן האט זיך געצויגן א גאנצע וואך, די וואס האבן נישט געקענט אָנטיילנעמען דעם אוונט, זענען אין משך פון דער וואָך געקומען, און אים מיט זיין פאמיליע אפגעגעבן מזל טוב. מען האט זיך געוואונשן דערלעבן איבעראיאָר צו פייערן פרייהייטס־שמחות ביי יידן. די יידישע פאליציאנטן האבן א גאנצע וואך געטרונקען אויף דעם חשבון יעדן אוונט ביי קודישן און געזונגען און געטאנצט.

אזוי האט דער קליינער געטא געפייערט קודישעס זילבערנע חתונה, אזוי ווי אנדערע חתונות, געלאכט, געטאנצט און געהוליעט, נישט פארויסזעענדיק, אז דער סוף איז אזוי נאנט.

מען איז לעצטנס אזוי געווארן פארכשופט פון די מנהיגים, אז מען האט כמעט אינגאנצן פארגעסן, אז מיר זענען יידן און געפינען זיך צווישן די בארבארישע הענט פון די דייטשן, וואס ווארטן שוין אויפן טאג פון אונזער לעצטער פארניכטונג.

אונזערע אלע ווארשטאטן זענען געווען פארוואָרפן מיט ארבעט, מיליטערישע און ציווילע, פאר דער זשאנדארמעריע און פאר דער געשטאפא, אזוי אז מען האָט אויסגערעכנט, אז מען האט ארבעט נאך אויף א האלב יאר, און אזוי האבן מיר נאך צייט צו אנטלויפן.

## דער דריטער און לעצטער פאגראם אין לודמיר

ווי איך האב זיך שפעטער אינפארמירט, איז א סברה אז דער געביטסקאמיסאר און די זשאנדארמעריע האבן אויך פריער נישט געוווסט ביז דער לעצטער מינוט, אז דער פאגראם דארף פארקומען, ווען ניט וואלט קודיש און עטלעכע אנדערע מענשן זיך געווען דערוווסט. עס זענען אנגקומען ספעציעלע ס.ס.־לייט פון לוצק מיט א ספעציעלן שטאב פון וולאַסאָווצעס (דאָס זענען רוסן, וואס האבן מיטגעארבעט מיט די דייטשן) און זיי האבן אויסגעפירט די לעצטע פארניכטונגסאקציע אין לודמיר.

מאנטיק פרי, דעם 13 דעצעמבער 1943 ארום 6 אין דער פרי ווען די מענשן זענען שוין געגאַנגען צו דער ארבעט, איז מיטאמאל ארומגערינגלט געווארן דער קליינער געטא פון אלע זייטן מיט וולאַסאָווצעס און א סך זשאנדארמעריע,

און זיי האבן גלייך געשאסן אין יעדן איינעם, וועלכער האט געוואגט צו אנטלויפן.

ווען איך בין פון דער בעקעריי ארויס אויף דער גאס אינפארמירן זיך, וואס עס טוט זיך, ווייל כ׳האב געהערט א טומל, א לויפעניש און שיסערייען, און זעענדיק אז עס ליגן שוין נייע קרבנות, בין איך אריין צוריק און געגעבן א געשריי:

— קינדער, מיר זענען פארלארן, אראפ אין דער באהעלטעניש, אבער שנעל, ס׳איז נישטא קיין צייט, זיי גייען שוין.

און טאקע באלד, זענען מיר עטלעכע ארבעטער, אראפ און זיך באהאלטן. האבן מיר טאקע באלד דערהערט טרעט פון די באנדיטן, וואס האבן געהאלטן אין שיסן און שרייען:
— ווו זענען זיי די פארפלוכטע יידן, שנעלער!

מיר האבן קוים איינגעהאלטן דעם אטעם, מען זאל אונז ניט געפינען, און קענען אפשר אין אוונט אנטלויפן.

וואס עס טוט זיך אין געטא ווייס איך נישט, איך הער נאר געשרייען, געוואלטן, שיסערייען. און יעדן מאל טריט איבער אונזערע קעפ. מען רייסט, מען זוכט.

דאס גליק, וואס א סך יידן האבן זיך געקענט ראטעווען איצט איז געווען דאס, וואס אין איצטיקן לעצטן פאגראם האבן נישט אנטיילגענומען די אוקריינישע פאליציי, וועלכע האט שוין פון פראקטיק פון די ערשטע צוויי פאגראמען געוווסט יעדע באהעלטעניש, און ווי צו געפינען די באהעלטענישן. די וולאסאוועס האבן נישט געוווסט ווו צו זוכן און זיי האבן בעסער געזוכט גוטע זאכן, מלבושים און געלד. אזוי פון לעצטן פאגראם, ווען עס האבן זיך אין געטא געפונען ביי 1800 יידן, האבן זיך געקענט ראטעווען ביי א 500 יידן. זיי זענען ביינאכט אנטלאפן אין פארשידענע פריער צוגעגרייטע באהעלטענישן אויסערן געטא. אבער צום גרויס באדויערן, זענען דארטן אויסערן געטא, פילע פון זיי צוגענומען געווארן. די פוערים אליין אין די אוקריינישע דערפער, ווו זיי האבן זיך געפונען, האבן ארויסגעגעבן די יידן, נאכדעם ווי זיי האבן צוגענומען דאס גוטס, וואס די יידן האבן געבראכט. די פוילישע פויערים זענען אליין פארפאלגט געווארן דורך די אוקריינישע און פיל פוילישע פויערים זענען אנטלאפן אין שטאט. במילא איז דער ייד געבליבן אויפן וואסער און איז אריינגעפאלן.

די אוקריינישע פויערים האבן מיט אייגענע הענט דערהרגעט פיל יידן אדער זיי געבראכט צו דער זשאנדארמעריע, ווו מען האט יעדע אנגעזאמלטע 50 מאן אפגעפירט אין תפיסה. אויסגעטאן זיי נאקעט און געפירט אין פארמאכטע אויטאס לעבן כוואלוועטשער פולווארק אין א קליין וועלדל, ווו די יידן זענען דערשאסן געווארן, און נאכדעם זענען די קערפערס באגאסן געווארן מיט וויטריאל און פארברענט, אזוי אז עס זאל קיין זכר ניט פארבלייבן. דער אש איז זיך צעפלויגן אין ארבע כנפות העולם אנזאגנדיק די וועלט אז עס איז פארברענט געווארן דאס לעצטע ביסל יידן פון וואלין, וועלכע האבן זיך געמאטערט מער פון אלע, נאך 13 מאנאטן זיך געראנגלט מיט די לעצטע כוחות־און דאך זיך נישט דערווארט צו וואס מען האט געהאפט.

שפעטער האב איך זיך דערוווסט, אז זונטיק ערב דעם פאגראם האט מען גענומען פון געטא פיר יידן כלומרשט צו באן־ארבעט, די פיר יידן האבן מיט אויטאס איבערגעפירט מצבות פון בית־החיים, און אזוי צוגעגרייט דעם ארט פארן פאגראם, צו קענען פארברענען דאס לעצטע ביסל יידן.

די פיר זענען נישט צוריקגעקומען. אויף דער פראגע פון קודישן: ווו זענען מיינע פיר יידן? ,האט ער באקומען אן ענטפער, אז זיי האבן נאך די ארבעט ניט געענדיקט, זיי מוזן ארבעטן א גאנצע נאכט. די פיר יידן זענען גלייך פארנאכט אפגעפירט געווארן אין תפיסה ווארטנדיק אויף זייער פינצטערן גורל. מען האט זיי ניט צוגעלאזט אין געטא, בכדי מיר זאלן זיך נישט דערוויסן און אנטלויפן.

זעקס טעג און זעקס נעכט זענען מיר, די עטלעכע ארבעטער פון בעקעריי געלעגן באהאלטן. יעדן אוונט, ווען מיר האבן פרובירט אנטלויפן האבן מיר ניט געקענט, ווייל דער געטא איז געווען שטארק באוואכט פון אלע זייטן. יעדן אוונט איז איינער פון אונז ארויף אויפן בוידעם און שעהן געשטאנען בכדי אויסקוקן צו מען זעט נישט. אבער יעדן מאל איז ער געקומען מיט גארניט. קיין פלאץ צו ליגן איז אויך נישט געווען, כאטש מיר האבן געהאט וואסער און ברויט. שבת אוונט בין איך ארויס. און זעענדיק אז דער פאסטן דרייט זיך אויס, לענג אויס, עס איז א שטארקער פאסט, בין איך אראפ און געזאגט צו די חברה: — היינט מוזן מיר פארלאזן דאס באהעלטעניש. איין פאסט איז נאך דא אין אונזער זייט, נאר יעדער זאל זיך אויסטאן די שיך, כדי ער זאל נישט הערן.

אזוי זענען מיר איינציקווייס ארויס און פארלאזט דעם געטא. יעדער איז געלאפן אין אן אנדער ריכטונג. מיר האבן זיך געזעגנט, זיך געווונשן מיר זאלן זיך טרעפן נאך זייער מפלה. איך בין ארויס דער לעצטער מיט נאך א חברה. מיר האבן געזאלט גיין אין שטאט. ווען מיר זענען אריבער דעם טויער און זיך דערווייטערט פון געטא, האבן מיר צוריק אנגעטאן די שיך. און זיך געלאזט פריי גיין אין גאס, אונטערזינגנדיק א פויליש לידל, מען זאל נישט דערקענען אז מיר זענען יידן.

די נאכט איז געווען א פראסטיקע, עס איז געווען דער 18־טער דעצעמבער די גאסן זענען געווען רואיק, ווו ניט ווו איז דורכגעלאפן א שאטן פון א מענשן, כאטש עס איז געווען פאר אכט, ווייל נאך אכט איז נישט געווען דערלויבט צו גיין.

כאטש די לבנה האט אונז באלויכט דעם וועג איז אונז געווען פינצטער און עס האט אונז געשווינדלט פאר די אויגן

איך האב געציטערט. ערשטנס ווייל איך בין געגאנגען נישט גוט אנגעטאן, און צווייטנס, ניט וועלנדיק האט געקלאפט דאס הארץ. און כ׳האב געציטערט מען זאל אונז ניט דערקענען. ווען אימיצער איז געגאנגען פון הינטן, האב איך אפילו דעם קאפ נישט אויסגעדרייט און געגאנגען פאראויס.

די פרוי, וואס איז געגאנגען מיט מיר איז געווען העניק פאלקאוויטשעס פרוי, וועלכער איז פארכאפט געווארן פון געשטאפא נאך פאר די פאגראמען. זי האט זיך געמאטערט, זיך געוואלגערט ביי די קריסטן אזוי לאנג ביז זי איז געקומען אין געטא. קודיש האט זי נישט אריינגעלאזן און מיר האבן זי געהאלטן אומלעגאל, און זיך דערווארט אויפן לעצטן פאג־

ראם. איצט גייט זי צוריק צו איר היימישן פויער אין שטאט און בעט גאט זי זאל אריבערגיין בשלום און ער זאל איר צוריקנעמען, ווייל ווען ניט מוז זי זיךווארפן אין וואסער.

איר גאנצע משפחה איז אין סיביר, וואו זיי זענען פארשיקט געווארן, און איר איינציקע האפנונג איז זיך זען מיט אירע עלטערן, און האלט אין איין בעטן גאט זי זאל דאס דערלעבן.

איך האב זי שפעטער געטראפן אין לודמיר און נאכהער אין שטאט פון וואנעט זי שטאמט, און מיר האבן זיך דערמאנט די אלע איבערלעבונגען.

מיר האבן דורכשפאצירט די פריערדיקע געטא, אראפ אויף וואקזאלנע גאס, אריין אין באד־גאס, ווו מיר האבן באמערקט פאליציי און מיר האבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד אונטער דער באד און זיך באהאלטן. נאכדעם איז זי ווייטער אוועק אויף גנוינע גאס צו איר היימישן פויער און איך האב זיך באהאלטן אין א קארטאָפל־גרוב ווארטן אויף פארטאג, ווען איך וועל קענען גיין איבערן שטאט צו מיין באקאנטן קריסט. איצט ביינאכט טאר מען נישט גיין. בין איך געבליבן נעכטיקן צוגעדעקט מיט שטרוי און געלעגן אין גרוב ביז פארטאג.

אסתר האט מיר געוואונשן איך דער שטיל, ביים געזעגענען זיך:

— זייט געזונט און זייט מצליח!

איך האב איר דאס זעלבע געווונשן און נאכגעקוקט איר ווי זי ווערט פאַרשוווּנדן אין די געסלעך, ווער ווייס צו מיר וועלן זיך זען מער.

א גאנצע נאכט האב איך קיין אויג נישט צוגעמאכט. דער פראסט האט געברענט, און די פיס זענען מיר געווען ווי העלצער, איך האב זיי נישט געפילט. איך האב אין גאנצן געציטערט פון קעלט און אין מוח האט געהאקט דער געדאנק, צו וועל איך בשלום אריבערגיין דעם וועג, און צו וועט מיר דער פאליאק אריינלאזן. ווען ניט, וואו זאל איך גיין?

פארטאג, ווען די קלויסטער־גלאקן האבן זיך צעקלונגען, און די פרומע קריסטן זענען געלאפן אין קלויסטער, בין איך ארויס, זיך אפגעטרייסלט פון שטרוי, אנגעריבן די פיס, זיי זאלן זיך באוועגן, און זיך געלאזט גיין איבער וועקזאלנע גאס, איבער דער שטאט.

איך בין געגאנגען שטאָלץ, יעדן געקוקט אין פנים, זיך אונטערגעזונגען און אונטערגעפייפט; אזוי האב איך פארלאזט די שטאט און איבער די פעלדער געקומען מיט הארצקלאפעניש אין הויף צום פויער אריין.

דריי קילאמעטער אויסער דער שטאט, נישט ווייט פון פולווארעק כוואלימיטש, דארט ווו עס איז אויפן שייטערהויפן פארברענט געווארן דאס לעצטע הייפל יידן, האט דער גורל געוואלט איך זאל דארט זיין. אין דעם שמאלן וועג, וואס פארנעמט זיך פון לוצקער וועג נאך שולמאנס פעלדער, געפינט זיך א קליינע פוילישע קאלאניע פון געציילטע הייזער, און דארט ביים וועג, ביים אוסאדניק י.א. האב איך פארטאג, זונטיק דעם 19־טן דעצעמבער דורכגעלאפן דעם הויף און אריין אין שטאל פון בהמות, נישט וועלנדיק אריין אין שטוב, מורא האבנדיק צו עס געפינט זיך ניט דארט א פרעמדער.

דער אוסאדניק האט באמערקט א שאטן דורך די פענסטער און נישט וויסנדיק ווער איז דאס, איז ער ארויס פון שטוב און אריין אין שטאל, און ווען ער האט מיר דערזען, האט ער זיך איבערגעציילעמט, מיר ארומגעכאפט, זיך מיט מיר צעקושט און געפרעגט:

— דו לעבסט נאך, גאט צו דאנקען, ווי אזוי קומסטו איצט אהער? די וועגן זענען דאך פול מיט פאליציי, דורך דעם וועג פירט מען דאך דורך די זשידקעס אייערע צו פארברענען, דא נישט ווייט אין נאנטן וועלדל, אונטערן פולווארק. און טאג און נאכט רויכערט זיך, און עס פילט זיך ארום און ארום.

— מען פירט אונז אהער — שריי איך אויס — מען פארברענט איצט אונזער גוף? ווי שרעקלעך דאס איז, גאט, פארוואס? פארוואס?

— בארואיק זיך מיין קינד — האט ער צו מיר געזאגט — און וואס ציטערסטו אזוי, עס איז דיר קאלט? איך ברענג דיר באלד ארויס ווארעמע מילך.

ער איז ארויס און באלד געקומען מיט א קרוג ווארעמע מילך און אזעלכע פויערשע קיכעלעך געפילט מיט קאשע, און מיר דערלאנגט.

איך האב ניט געקענט עסן, נאר א ביסל געטרונקען, דערווארמט מיינע פארגליווערטע גלידער. כ'האב זיך בשום אופן נישט געקענט בארויקן, הערנדיק די בשורה, אז אפילו קיין קבר איז נישטא פאר די לעצטע. נאר אש ווערט פון זייערע גופות צעפלויגן איבער דער גארער וועלט. איך לאז זיך אראפ אויף דער ערד אין א ווינקל, און פארגעס אינגאנצן ווו איך בין, אז איך דארף רעדן מיטן פויער, וואס וועט מיט מיר זיין, צו איך וועל קענען דא זיך ביי אים א שטיקל צייט אויפהאלטן.

— דא איז ניט קיין ארט צו זיצן — רופט זיך צו מיר אפ דער קריסט, עס קען נאך ווער אנקומען, דא ביסטו און איך פארלארן. קום אראפ אין דעם צוגעגרייטן גרוב, און דארט וועסטו זיין ביז...

דא איז ער געבליבן שטיין, און געקלערט וואס צו זאגן, און ווייטער גערעדט: — ביז גאט וועט העלפן, מיר וועלן פאטערן די דיישטן. דער פראנט איז נישט ווייט, די רוסן שלאגן זיך יעצט גוט, און די דייטשן טרעטן אפ יעדן מאל ווייטער פון רוסלאנד, און פילייכט אין גיכן וועט גאט געבן און מיר וועלן זיי פאטערן.

ער האט גערעדט אפט מיט גאָט, געגלויבט שטארק, און געהאלטן פון העלפן א ברודער אין נויט.

דערווייל איז אריין זיין פרוי און זיך דערפרייט מיט מיר, און מיר געבראכט פרישטיק, ווארעם עסן און געבעטן איך זאל שנעלער אפעסן און זיך באהאלטן, ווייל עס קענען קומען פרעמדע מענשן.

איך האב זיך דורכגעשלויכט דורכן הויף אין א זייט אונטער א צעבראכענעם דאך פון א אמאליקן שטאל. איך האב איינגעבויגן מיין קאפ און אריינגעקראָכן אין א שמאלן לאך, אלץ טיפער און טיפער, ביז איך בין אריין אין גרוב.

צו ערשט האט מיר דורכגענומען א שוידער, ביים געדאנק, אז איך וועל דא דארפן פארברענגען א שטיק צייט, און ווער ווייס וויפל. נאכהער האב איך זיך אביסל בארואיקט,

און זיך ארומגעקוקט דאס פינסטערע גרוב ווו איך וועל דארפן זיין אָן לופט טאג און נאכט.

דער פויער האט מיר גלייך געבראכט שטרוי און א קישן מיט א דעקע, און מיר אנגעזאגט נישט רופן און נישט שרייען, ער וועט אין אוונט קומען צו מיר. שטיין האט מען דארט ניט געקענט, ווייל עס איז געווען שטארק נידעריק. איך האב זיך אנידערגעלעגט און פארטיפט זיך אין מיינע געדאנקען וועגן דעם גורל פון די לעצטע ביסל יידן, וואס ווערן איצט ניט ווייט פון מיר, פארברענט.

דער ערשטער טאג אין פינסטערן גרוב האט זיך געצויגן ווי א יאר. פארשידענע מאדנע געדאנקען זענען אדורך אין מיין מוח; די פראגע וועגן מיין גורל האט מיר טאג און נאכט געעקבערט. עס גייען פאר די אויגן די שרעקלעכע בילדער פון דער גאנצער צייט. כ׳געפין זיך איצט אין פינסטערן גרוב אין די הענט פון א קריסט, און ווער ווייס זיינע געדאנקען צו האט ער ניט בדעה מיך איבערצוגעבן די דייטשן?

אבער דאך ווילט זיך איצט לעבן, דערלעבן די גרויסע מפלה פון די דייטשן. אבער ווער ווייס ווי לאנג מען וועט אויף דעם דארפן ווארטן, און ווי לאנג וועט מיר דער קריסט וועלן האלטן?

כ׳ווייס ניט אין גרוב צי עס איז נאכט, צי טאג. דער פאס ליכט, וואס שיינט אריין צו מיר, ווערט אלעמאל אלץ שמעלער. איך ווארט מיט אומגעדולד אויפן קריסט, מיין באשיצער, מיין נייעם בעל הבית, אין וועמענס הענט עס ליגט פון היינט אן מיין לעבן.

הונגעריק בין איך ניט, נאר כ׳וויל וויסן ווי אזוי וועט דער קריסט מיך אויפנעמען, כ׳וועל פון זיין פנים אראפלייענען ווו איך האלט.

טראָץ דעם, וואס אין גרוב איז ניט קאלט, ציטער איך אין גאנצן. איך ליג מיט דער דעקע אויף מיין פנים, און זאג צו זיך אליין: גאט, ווען כ׳וואלט שוין אין גרוב אזוי געקענט ליגן ביזן אנקומען פון דער גוטע בשורה, אז דער דייטש איז שוין ניטא...

איך דערהער ווי עס טומלט זיך עפעס איבער מיין קאפ. כ׳ציטער אויף. ווער ווייס, ווער עס גייט צו מיר.

מען שארט אוועק די ערד, מען עפנט אויף א טירל, און א קוישל אויף א שטריק לאזט זיך אראפ צו מיר. און נאכהער, דער קריסט, מיטן קאפ פאָרויס לאזט זיך אראפ און שמייכלט.

גוט אוונט דיר, זאגט ער שטילערהייט, וואס מאכסטו און ער נעמט ארויס א לעמפל מיט נאַפט, צינדט אָן און עס ווערט ליכטיק אין מיין פינסטערן גרוב. איך קוק זיך ארום ווו איך בין דא, און דער קריסט רעדט ווייטער:

— דאס איז געמאכט געווארן גוט. העכער א האלבן מעטער ערד אין דער הויך. וואַרעם וועט דא זיין, און גאט זאל העלפן, איך זאל זוכה זיין דיר זען אויף דער פריי, אלס מענטש פון גאטס באשאפן אויף אונזער ערד.

ער האט ארויסגענומען ברויט, א פלאש מילך, א ביסל פרישע ווארימע קארטאפל, און מיר דערלאנגט זאגנדיק:

— נא דיר עסן, און ווי געפעלט דיר דיין נייע דירה?

איך בין צעטומלט, איבערראשט פון דער ווארימער באציאונג צו מיר, און ווייס ניט וואס צו ענטפערן. ער רעדט ווייטער:

— איך בעט דיר מיר נישט צו רופן, ווייל צו מיר קומען אפט זשאנדארמען און אוקריינישע פאליציי, וואס מאכן ביי מיר בראנפן. און ווען זיי דערוויסן זיך, דאן בין איך פארלוירן, וועגן דיר איז דאך שוין קיין פראגע ניט.

ער געזעגנט זיך מיט מיר און איך דאנק אים הארציק. איך וויל אים אויך פרעגן וועגן אונזערע, וואס מען פירט זיי יעצט אהער. ער פארזיכערט מיר א צווייט מאל אלץ צו דערציילן. איצט זענען ביי אים דא געסט, היינט איז זונטיק. מארגן פארנאכט וועט ער ווידער צו מיר קומען. ווען ער דעקט מיך צו און פארשיט די גרוב, פאלט מיר אן עפעס א מרה שחורה און איך צעוויין זיך אין דער שטיל.

עס דוכט זיך מיר, אז איך האב אין מיין לעבן אזוי פיל נישט געוויינט ווי איצט. עפעס האט דאס הארץ אזוי געווייטיקט; עס האט זיך אלץ צוזאמען צונויפגענומען: קינדער, פרוי, עלטערן, די משפחה, באקאנטע, די גאנצע שטאט יידן. ווי לאנג איז דאס געווען, אז אין לודמיר האט זיך גערודערט און געשוויבלט. די פוילישע פאליציי פלעגט זיך וויצלען: די גאסן זענען אונזערע און די מויערן, די הייזער און די געשעפטן זענען אייערע. און איצט איז פון דעם אלעם איין קבר געווארן. עס דריקט דאס הארץ פון ווייטיק, און כ׳קען זיך נישט בארואיקן.

און אפילו אז כ׳וועל שוין איבערלעבן, צו וועמען וועל איך גיין? צו די גרויסע קברים? און וויפל וועל איך נאך דארפן זיך מאטערן, ביז כ׳וועל דערלעבן? איז אפשר וואלט שוין בעסער געווען ווען כ׳וואלט מיט אלעמען גלייך געגאנגען אין קבר?

איך זאג אין דער שטיל קדיש, און ענטפער זיך אליין אמן. לעש אויס די ליכט פון זיין קליין לעמפל און וויל איינדרעמלען, פארברענגען מיין ערשטע נאכט אין מיין גרוב.

ביסלעכווייז האב איך זיך צוגעוואוינט צו מיין נייעם לעבן, און טאג נאך טאג געווארט אומגעדולדיק אויפן קומען פון מיין בעל־הבית, וועלכער פלעגט מיר ברענגען פריש עסן און דערציילן די נייעס פון פראנט.

ער האט מיר דערציילט, אז מען פירט אפט דורך פארמאכטע אויטאס מיט יידן, פרויען מיט קינדער, וואס שרייען פון די אויטאס. זיי ווערן ניט ווייט פון דאנעט פארברענט. אין שטאט איז איצט נישטא קיין ייד. ווען מען טרעפט א יידן ווערט ער גלייך דערשאסן אין גאס.

אין געטא, ווו מיר זענען לעצטנס געווען — איז א חורבן. מען צעווארפט די הייזער, און מען שלעפט ארויס יעדן מאל פרישע יידן, און מען פירט זיי אוועק. מען האט זיך שוין גענומען צו זיי, צו די פאליאקן, מען ארעסטירט זיי פיל אין די טורמעס. א סך ווערן געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף ארבעט. די אוקריינער פאלן אָן אויף זיי אין פארשיידענע ערטער, ווו עס וואוינען ווייניק פאליאקן. פארברענען די הייזער און הרגענען אויס גאנצע משפחות. עס איז א מהומה אויף דער וועלט, איינער וויל דעם צווייטן איינשלינגען, ביז מיר וועלן אלע אונטערגיין.

אבער, מיר דארפן האפן — האט ער צוגעגעבן — אלץ וועט אריבערגיין, און מיר וועלן אונזער שונא פאטערן. דער דייטש כאפט מפלות יעדן טאג. שטעט און גאנצע געביטן אין דייטשלאנד ווערן חרוב, ער איז שוין באלד ארויסגעטריבן פון רוסלאנד. עס דארף נישט דויערן ביז די רוסן זאלן זיך שלאגן מיטן דייטש אויף אונזער ערד.

איך דריק אים די הענט, און דאנק אים פאר זיין טרייסטן מיר, און געבן מיר מוט אויף ווייטער. איך פארזיכער אים צו פארגיטיקן אים, ווען כ'וועל באפרייט ווערן.

— איך וויל גארנישט — זאגט ער מיר. נאר איינס, איך זאל זיין א לעבעדיקער עדות, אז ער האט געראטעוועט א מענטשן.

ער האט ניט געזאגט א יידן, נאר א מענטשן, ווייל ביי אים איז נישט געווען קיין אונטערשייד. נאר איינס האט עד געוואלט: ראטעווען מענטשן פון טויט. ער האט דאס געהאלטן פאר א גרויסע מצוה, אז ער האט עפעס וואס אויפ־געטאן אין זיין לעבן.

עס איז געווען טעג, ווען ער האט געשיקט עסן מיט זיינע קינדער, וועלכע האבן געוווסט, אז ער באהאלט אויס א יידן, און האבן עס נישט דערציילט קיין שום שכן. עס זענען אויך געווען טעג, ווען מען האט מיר אין גאנצן קיין עסן נישט געבראכט. איך האב געוווסט, אז עס זענען געווען צו גאסט אוקריינישע פאליציאנטן. נאר ברויט מיט וואסער האב איך אלעמאל געהאט, דאס איז געווען אנגעגרייט אויף עטלעכע טעג, אזוי אז איך האב נישט געהונגערט. די קינדער זיינע האבן מיר פארזארגט מיט עטלעכע פוילישע ביכער. איך בין געלעגן און געלייענט ביים ליכט פון קליינעם לעמפעלע, וואס האט געברענט טאג און נאכט.

שוין העכער א מאָנאַט ווי איך ליג אזוי אין פינצטערן גרוב. איך ליג, ווייל שטיין האב איך נישט געקענט, נאר זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. אפט געלייענט, אפט געשריבן, און אמערסטן געדרעמלט. די גרויסע נאכט האט זיך געצויגן אָן אויפהער. כ'האב נישט געהאט פאר וועמען א ווארט אויסצורידן, און גערעדט צו זיך אליין, בכדי כ'זאל נישט פארגעסן צו רעדן. וואס וועט זיין דער תכלית? כאטש היינט האט מען מיר איבערגעגעבן, אז די רוסן זענען שוין גאר נאענט, נאר די הילף איז נאך גאנץ ווייט

די אוקריינער פארברענען גאנצע פוילישע דערפער. און ווער ווייס צו כ'וועל נאך קענען דא לאנג זיין. מיין בעל־הבית אליין מיט זיין משפחה און שכנים נעכטיקן אויך אין א באַ־זונדער באהעלטעניש, וואס זיי האבן זיך איצט געמאכט. איך האב אים נישט געפרעגט וואס וועט זיין מיט מיר, אויב ער וועט דארפן אנטלויפן אין שטאט. כ'האב געוואלט הערן פון אים, וואס ער וועט זאגן. אבער ביז היינט האט ער מיר נאך גארנישט געזאגט. שווייג איך אויך און ווארט אויף זיין ווארט

שוין לאנג ווי כ'האב אים בכלל נישט געזען. דאס קינד ברענגט מיר נאר ארײן עסן. ער זאגט מיר, עס ברענט היינט א שטארקער פראסט אין דרויסן, און ער שלויכט זיך צוריק ארויס, פארדעקט מיך לעבעדיקערהייט, און ווידער בין איך אליין.

עס איז געווען טעג, ווען מיר איז געווען זייער דושנע און ווייניק לופט, ווען פון אויבן פלעגט אנשיטן א געדיכט־ער שניי, און דער בעל הבית האט אזוי גיך נישט אפגעשארט, און באפרייט דאס קליינע רעדל ליכט, וואס פלעגט ביי מיר ארײנשיינען. ער פלעגט אפט שטייען ניט ווייט פון מיין באהעלטעניש און כ'פלעג הערן ווי ער האקט האלץ. כ'באש־ליס אז כ'וועל שרייען צו אים, אפשר וועט ער דערהערן, ווייל כ'שפּיר, אז כ'וועל דערשטיקט, פון נעכטן האב איך שוין נישט קיין לופט.

איך שאר זיך ארויס און שריי צו אים ארויף, אבער אין קול ואין עונה. דאס דעקל קען איך נישט עפענען, ווייל עס איז פול מיט ערד פון דער הויך, און איך האב מורא צו עפע־נען. איך פאל אראפ צוריק, כאפ א ביסל וואסער פון פלאש, וואש דעם פנים, און ליג פארחלשט. אזוי בין איך עטלעכע שעה געלעגן, און ווייזט אויס איינגעדרעמלט. כ'האב זיך אויפ־געכאפט, ווען איך האב דערהערט עפעס רודערן זיך. ער אליין איז אראפ צו מיר, געבראַכן די הענט און מיר געזאגט:

— וואס האסטו מיר היינט אנגעמאכט אזא חורבן, אזא אומגליק. דו גייסט און שרייסט צו מיר בייטאג, ווען איך האב דיר געבעטן ניט שרייען.

— איך בין דערשטיקט היינט געווארן, עס פעלט מיר לופט — בעט איך זיך ביי אים — וואס זאל איך טאן, איך קען דאך לעבעדיקערהייט נישט דערשטיקט ווערן!

— יא, אבער ווען דו האסט געקלאַפּט, גערופן, בין איך נישט געווען, נאר א אוקריינישער פאליציאנט האט מיר אנגעהאקט א ביסל האלץ. פלוצלונג לויפט ער ארײן אין שטוב א דערשראקענער, רופט מיר ארויס און זאגט מיר: עס דוכט זיך אים, אז מען שרייט ערגעץ, עפעס הערט ער און ווייס נישט ווו... איך האב אים געזאגט, אז עס האט זיך אים געדוכט אזוי, געוויס דער ווינט. ער האט אבער נישט מסכים געווען מיט מיר, און ווער ווייס צו ער וועט נישט קומען מארגן מיט זשאנדארמען אהער זוכן, צו ס'געפינט זיך ניט ביי מיר א ייד. אזא אומגליק, וואס טוט מען איצט?

איך ציטער אויף אינגאנצן. וואס טוט מען איצט? ווו וועל איך איצט גיין? איך הויב אים אָן איינצורעדן, אז עס וועט גארנישט געשען, ער וועט נישט קומען.

— איך האב א ווייב מיט צוויי קינדער — זאגט ער מיר — איך וועל נישט אומברענגען מיין פאמיליע צוליב דיר. איך אליין, אַרט מיר נישט, אבער מיין ווייב, מיינע קינדער, וואס טוט מען איצט. טאמער קומט מען מארגן זוכן. דו מוזט אוועקגיין אויף עטלעכע טעג, און נאכהער וועלן מיר זען.

— אבער ווו גייט מען, — איך קוש אים די הענט — איך האב אזוי פיל איבערגעלעבט, און איצט די לעצטע טעג. וואס טוט מען?

—אבער וואס זאל איך טאן, מיין ווייב, מיינע קינדער, און ער בעט זיך ביי מיר איך זאל רחמנות האבן, ווי ער האט רחמנות געהאט אויף מיר.

טרערן שטייען מיר אין די אויגן. איך שטיי און איך ציטער אין גאנצן, איך ווייס ניט וואס עס טוט זיך מיט מיר.

ער זעצט זיך אוועק לעבן מיר, זיצט, קלערט, קוקט זיך ארום און זאגט צו מיר:

— אַן עצה איז דא, עס איז געוויס זייער שווער פאר דיר, אבער פארפאלן. די לאָך דא צו דיר, מוז איך איצט ביי נאכט אינגאנצן פארשיטן. נישט ווייט אין דער צווייטער זייט, אַן ערך א 4 מעטער די לענג, געפינט זיך דער קאר־טאפל־גרוב מיינער. מוזטו היינט ביינאכט אויסגראבן די גאנצע לענג א שמאָלן לאָך, דורך דאָרטן וועסטו באקומען עסן. און דאָ טאר נישט געדאכט ווערן, אז דאָ איז א גרוב.

— עס איז פאר דיר א גרויסע ארבעט — האט ער צו־געגעבן — מיט א קרעכץ, מען קען ניט שטיין, מען מוז גראבן ליגנדיק, ארונטערשארן צו זיך די ערד, ביזן קארטאפל־קעלער. אבער פארפאלן. כ'האב דיר געברענגט ברויט מיט וואסער אויף נאך צוויי טעג. דו וועסט היינט דא פארשאָטן, איך גיב דיר א לאָפּאטע, און דו מוזט דאס מאכן.

איך האב מסכים געווען. ער האט זיך מיט מיר הארציק געזעגנט, און געהערט, ווי ער שיט די ערד אויף מיין קאָפּ. דער גאנצער שמאלער פאס איז פארשאטן געווארן, און איך בין לעבעדיקערהייט איצט פארשאָטן געווארן.

איך ווייס ניט ווו האט זיך ביי מיר גענומען אזוי פיל כוח צו ארבעטן א גאנצע נאכט, גראבנדיק ליגנדיקערהייט, דעם לאנגן פיר־מעטערדיקן לאָך. איך האב נישט געענדיקט און בייטאג ניט געגראבן, בכדי מען זאל ניט הערן. און ערשט די צווייטע נאכט, נאך פיל מאטערניש, האב איך דערזען א שיין פאר מיינע אויגן. דער קריסט האט זיך דערפרייט מיט מיר, און מיר דערלאנגט עסן. ער האט פארמאכט די לאָך מיט ברעטלעך, מען זאל גארנישט דערקענען.

איבער צוויי מאנאטן ווי איך ליג אין פינסטערן קעלער, דער קריסט זאָגט מיר יעדן טאג, אז דער אויסלייז איז נאנט, און מען דארף האפן.

מיטאמאל איז ער געקומען מיט דער טרויעריקער בשורה, אז ער מוז פארלאזן דעם אָרט, ווייל די אוקריינער ברענען די הייזער, און זיי זענען שוין גאָר נאנט פון אים. מארגן פאָרט ער אין שטאָט צו זיין ברודער, מיט זיין פאמיליע. אין עטלעכע טעג ארום וועט ער קומען מיך נעמען, ווען ער וועט דאָרטן איינארדנען א שטיקל באהעלטעניש.

עס איז מיר טרויעריק געווארן אויף דער נשמה, נאך אזוי פיל ליידן!

ווער ווייס צו דעם קריסט וועט אויסקומען מיך צו נעמען, צו דער ברודער זיינער וועט מסכים זיין באהאלטן אין שטאט א יידן, מען זוכט דאך און מען נישטערט דארט אָן א סוף.

אויף מארגן איז דער קריסט געקומען מיט מיר זיך גע־זעגענען, און אוועקגעפארן מיט זיין גאנצער משפחה, איבער־לאזנדיק מיך אין פינצטערן גרוב.

אויפן צווייטן טאג זענען גוקומען די אוקריינישע טעראָ־ריסטן, אלץ פון שטוב ארויסגענומען און פארברענט דעם גאנצן הויף. און איך ליג מיך אין גרוב און הער מיך צו ווי זיי זוכן און נישטערן. אט זענען זיי אין קארטאפל גרוב, זוכן, שרייען, שילטן די פאלאקן. און דאס הויז פלאקערט ארום מיר. איך ציטער אין גאנצן, מען זאל מיך נישט כאפן. איך האב נישט מורא פארן טויט, נאר פאר פייניקונגען, זיי זאלן מיר ניט שניידן לעבעדיקערהייט.

איך גלויב און בין זיכער, אז אין די מינוטן, ווען זיי האבן געגראבן זוכנדיק וועמען עס איז פון דער פוילישער משפחה, נישט טראכטנדיק, אז דא געפינט זיך א ייד — בין איך ווייס געווארן. קיינמאל האב איך אזוי פיל שרעק נישט איבערגעלעבט ווי אין יענע מינוטן.

אומזיסט האב איך געווארט דער קריסט זאל מיר קומען נעמען. ער האט דעם צווייטן טאג דערזען פון ווייטן ווי דאס הויז ברענט, האט ער שוין מורא געהאט צו קומען און געטראכט, אז איך בין שוין נישטא: געוויס אין זייערע הענט אריינגעפאלן. ער האט די גאנצע צייט געטרויערט נאך מיר, ביז מיר האָבן זיך שפעטער געטראפן.

שוין אכט טעג ווי איך ליג מיר אין גרוב אָן וואסער און ברויט. איך ווייס נישט וואס צו טאן און ווו צו גיין. דער פראנט איז נאנט, אין לוצק זענען שוין די רוסן, פילייכט זענען שוין די רוסן דא, אבער ווער ווייס, וועמען קען איך דען פרעגן.

ביינאכט אין ברענענדיקן פראסט, קריך איך ארויס און נעם מיר אריין א ביסל פארפרוירן שניי, און איך טרינק דאס וואסער.

בייטאג די זון איז שוין הויך. עס טריפן אריין צעלא־זענע שניי טראפנס אויף מיין געלעגער, און ווער ווייס צו וועט מיין גאנצע גרוב ניט איינפאלן פון שווערן משא פון שניי, וואס ליגט פון אויבן?

וואו גייט מען? וואס טוט מען? הונגעריק, דורשטיק, נעמען זיך אליין דאס לעבן? ניין. כ'וועל נאך פרובירן מיין פינצטערן מזל. איך באשליס, אז מארגן גאנץ פרי פארלאז איך די מלינה און לאז מיך גיין אין שטאט אריין. וואס וועט זיין, וועט זיין. אפשר וועל איך טרעפן דעם קריסט, וואס האט מיר אמאל געזאגט זיין אדרעס. מיין באשלוס איז פעסט, איך וועל גיין, נישט וויסנדיק אז דער גאנצער פראנט איז איצטער אין אונזער שטאט.

## מיין לעצטע נאכט אין דער מלינה!

איך באשליס צו פארלאזן מיין מלינה, ווו איך האב אין משך פון עטלעכע מאנאטן געלעבט איינזאם, אין דער פינצ־טער, מיט דער האפנונג, אז עס וועט נאך פאר מיר ווען עס איז אויפשיינען די זון, און כ'וועל זיך קענען פריי באוועגן ווי אלע מענטשן. איך האב גוט געוווסט אז דער וועג איז איצט ריזיקאליש פאר מיר. אז אויף יעדן טריט און שריט לויערט דער טויט. אויב די דייטשן זענען נאך דא אין שטאט. אבער איך האב קיין אנדער ברירה נישט געהאט. דא בלייבן לענגער איז ניטא צו וואס. קיין וואסער האב איך ניט. די עטלעכע שטיקלעך ברויט זענען פון ליגן פארשימלט געווארן, אזוי אז כ'האב שוין נישט וואָס צום עסן.

איך הויב מיר אָן צו גרייטן צו גיין אין שטאט גלייך פארטאג, און איך בעט גאט ניט אריינצופאלן אין די האנט פון די אוקריינער.

איך לעש אויס די ליכט און דעק מיך איין, כ'וויל איינ־דרעמלען ביז פארטאג. אבער איך קען ניט. ליג איך, און געדאנ־

קען דרייען זיך אין קאפ. עס לויפן ווידער ווי א פילם פֿאַרביי די אלע איבערלעבענישן, די דריי פאגראמען, די אלע נאנטע.

די נאכט איז געווען א לאנגע. קוים דערלעבט דעם פאר־טאג. איך לאז אלץ איבער און קוק ארויס פון גרוב. עס איז באדעקט מיט שניי ארום און ארום און קיין סימן נישט פון מענטשלעכע טריט.

איך אטעם פרישע לופט, און לאז מיך מיט הארצקלא־פעניש גיין אין דער ריכטונג פון שטאט. אלע וועגן זענען פארשאטן מיט שניי, און ארום איז ניטא קיין הייזער. קיין סימן פון לעבן, נאר הוילע קוימענס קוקן ארויס פון פארשאט־ענעם שניי און זאגן אן וועגן חורבן. שטיל ארום. איך הער נאר סקריפענען די אייגענע פיס אין טיפן שניי. עס איז מיר זייער שווער צו גיין, ווייל כ׳בין עטלעכע מאנאטן געלעגן. כ׳גיי אויפן שאסיי וואס פירט צו לוצק, דארט ווער איך פארהאלטן פון א דייטשן סאלדאט, וואס פרעגט מיר וואו איך גיי.

אין מאך זיך תמאוואטע, כ׳פארשטיי ניט. כ׳זאג אים אויף פויליש, אז כ׳גיי צו דער ארבעט אין שטאט אריין.

ער קוקט מיר אריין אין די אויגן. איך ענטפער אים מיט א שמייכל, כאטש דאס הארץ קלאפט. ווען ער פאדערט פון מיר א דאקומענט, ווער איך ניט איבערראשט, איך נעם זיך צו די טאשן און ווייז אים א דאקומענט. דאס איז געווען א דאקומענט, אז איך ארבעט אין א מיליטערישער בעקעריי, מיט א שטעמפל, מיט מיין אייגענעם נאמען.

ער קוקט און קוקט, און מאכט מיט דער האנט איך זאל גיין ווייטער.

איך אטעם אפ א ביסל פריי און לאז זיך גיין אין שטאט אריין ניט וויסנדיק אליין וווהין איך גיי. נאר די פיס טראגן מיר, און איך פאלג זיי. אט בין איך אויף וואקזאלנע גאס ביי דער באן ליניע, ווו איך טרעף אן פארשידענע באקאנטע קריסטלעכע פנימער. איך פארדריי מיטן קאפ און גיי מיר שטאלץ אלץ ווייטער און ווייטער, נישט האבנדיק קיין אדרעס פון א קריסט וווהין איך זאל קענען אהינגיין.

די שטאט איז פול מיט דייטשן. ביי יעדן הויז שטייען דינסטמאשינען און דייטשן זיצן און עסן, טרינקען און שריי־ען. דער גאנצער פראנט איז דא אין שטאט. איך גיי מיך דורך מיט שטאלץ דורך די אלע דייטשן, און גיב מיר אליין נישט אפ קיין חשבון וווהין איך גיי. איך האב אליין נישט דערווארט אז דער טויט לויערט אזוי שטארק אויף מיר.

גייענדיק אפ פון די נייע עלעקטראוונע, צו מיקאלא־יעווסקע גאסן, לעבן רוסישן קלויסטער, אנטקעגן די בע־קעריי פון כעלמער בעקער, ווי מען האט אים גערופן, הער איך ווי מען רופט מיך פארן נאמען. איך ווער דערשראקן. כ׳וויל אויסמיידן קוקן אין די אויגן מען זאל מיך נישט דער־קענען, און דא רופט מען ווידער מיין נאמען אויף פויליש.

— שאַץ, וואס טוסטו דא? גיכער קום אריין אין בע־קעריי, ווייל דו ביסט דאך שוין א טויטער, ווען מען פרעגט דיר אויף א דאקומענט און מען נעמט דיר צו דער ארבעט.

איך ווער דערציטערט, איך זע א באקאנטן פוילישן בע־קער, וואס כ׳האב מיט אים געארבעט אין דער בעקעריי. כ׳פרעג אים וואס זאל איך טאָן.

ער רעדט נישט, נאר נעמט מיך און פירט מיך אריין אין דער בעקעריי ווו ער ארבעט. ער באהאלט מיך אין א שאפע מיט מלבושים, וואס שטייט דארט. באלנד ברענגט ער מיר א שטיקל ברויט, א ביסל וואסער, און פרעגט מיך ווי קום איך איצט אין שטאט, ווו מען כאפט אויף ארבעט, און בכלל ווי אזוי דריי איך מיך איצטער ארום, ווען קיין ייד איז נישטא. ווען מען כאפט א יידן, שיסט מען אים גלייך אויפן גאס. איך האב אים דערציילט מיין גאנצע טראגעדיע און געבעטן אים מיר צו העלפן, אָדער אויפזוכן א קריסט, ווער עס זאל מיר באהאלטן. איך זאג אים צו גוט דערפאר צו באצאלן.

דער אויפזעער פון דער בעקעריי, דער אוקריינער, וואס רעדט גוט יידיש, האט זיך זייער דערפרייט מיט מיר. ער האט בכלל קיין שלעכטס ניט געטאן קיין יידן, און בפרט מיר מיט וועמען ער האט זיך געהאט גוט איינגעלעבט פארן פאגראם. ער האט געארבעט מיט יידן און געמאכט מיט זיי געשעפט. מיין שוואגער, ווארשאווער מייטיק, וואס איז געווען הויפטבוכאלטער אין דער מיליטער־בעקעריי, האט אים געגעבן א סך צו פארדינען. דעריבער האט ער מיר גוט געקענט, און ער האט מיר דערלויבט צו זיין אין בעקעריי איבערן טאג. עד האט אפילו מיך געהייסן זיך אָנטאָן און ארבעטן מיט די ארבעטער, וואו מען וועט מיך נישט דערקענען.

גאנצע צוויי טעג האב איך געארבעט מיט די פאלאקן אין דער בעקעריי, אין דער צייט ווען אין שטאט האט זיך געטאן חושך. אט זאגט מיר איינער, אז מען האט היינט גע־שאסן דעם היטלמאכער קראַוועץ, מען האט אים געפונען אין שטאט באהאלטן, און נאך עטלעכע זשידקעס.

אין דער בעקעריי קומען אריין אלע ווילע דייטשן נאך ברויט, מיט זיי די זשאנדארמען און די אוקריינער. און איך אין ווייסן געקליידעט, שטיי און ארבעט. טראג ארויס און מייד אויס צו רעדן מיט זיי.

אבער דארטן זיין לאנג איז געווען צו ריזיקאליש. דער אויפזעער, דער אוקריינער זאגט מיר איך זאל אנטלויפן, ער האט מורא פאר זיך און נאך מער פאר מיר, ראט ער מיר ערגעץ גיין מיך באהאלטן.

דער באקאנטער מיינער, דער בעקער, דער פאלאק רוימט מיר אַריין א פריילעכע בשורה; דא ניט ווייט פון דאנעט געפינט זיך א פוילישע פארטיזאנקע, אין ביעלין און אומ־געגנט; עטלעכע יידן געפינען זיך שוין דארט. ראט ער מיר איבערצוגיין אהין און דארט צוזאמען ווארטן אויף אונזער באפרייאונג.

מיינע אויגן האָבן געגלאנצט פון פרייד, איך האב אים פשוט געוואלט קושן, מיין חלום און טרוים וועגן פארטי־זאנקע ווערט פארווירקלעכט. אבער ווי אזוי קומט מען אהין, ווי גייט מען אריבער די שטאט, און אויב מען פרעגט דאקומענטן, וואס זאל איך ווייזן?

דער פאלאק גיט מיר אן אדרעס אויף דובניצקע גאס צו א קריסט, וואס פירט איבער די יעניקע וואס ווילן גיין אין פארטיזאנקע, קעמפן קעגן די דייטשן, און קעגן די מער־דער, די אוקריינער. איך באשליס פארטאג גיין אהין.

די נאכט אין בעקערײ איז געווען לאנג. קוים דערווארט דעם מארגן. כ׳נעם א ברויט אונטערן ארעם און לאז מיך איבער די לודמירער גאסן, מיינע באקאנטע גאסן, און גיי צו דובניצקער גאס צום באקאנטן קריסט. אָבער וואָס געשעט? ווי איבעראשט בין איך געווארן, טרעפנדיק דארט די אוקריינישע ס.ד. פאליציי ארומגערינגלט דעם הויז, און פירן ארויס עפעס א קריסט אין א טאקסעווקע, און פארן אוועק מיט אים.

ביי אים אין שטוב בין איך געוואויר געווארן, אז מען האט אים ערשט צוגענומען אין טורמע אריין, און ווער ווייס צו מען וועט אים שוין פאר די אויגן זען. די פרוי זיינע קלאגט און וויינט, און זאגט מיר, אז זי וועט היינט אנטלויפן קיין בעלין אין דארף אריין צו די פארטיזאנער, מורא האבנדיק מען זאל איר אויך ניט ארעסטירן. זי הייסט מיר באלד אוועקגיין. איך האב גליק, וואס איך בין געקומען א פאר מינוט שפעטער, ווען ניט בין איך אויך פארלארן.

אבער ווו גייט מען? און ווי אזוי כאפט מען זיך אריבער אויף יענער זייט? זי גיט מיר צו פארשטייען אז דארט אין דער לענג אויס געפינט זיך א דייטשער פאסטן, אבער מען מוז איינשטעלן, און זיך דורכאפן צווישן די דייטשע פאסטנס, זיי זאלן נישט באמערקן. דאס איז גוט מיטאגצייט, ווען זיי זענען פארנומען מיטן עסן און מען ארבעט ניט אויף דער באן־ליניע די אקאפעס, וואס זיי גרייטן צו. זיי ווייסן גוט, אז זיי דארפן פון דאנעט אוועקגיין, אבער דערווייל ארעסטירן זיי פיל פאלאקן, און שיקן זיי אוועק. זיי האבן געענדיקט מיט די יידן, האבן זיי זיך גענומען צו די פאלאקן. מאסן פאלאקן אנטלויפן אין דארף צו די פארטיזאנישע גרופן, וואס האבן זיך געשאפן צו באשיצן זיך קעגן די אוקריינער.

אבער וואס טוט מען ביז מיטאג? אזוי ארומדרייען זיך איז נישט גוט, עס לויערט דער טויט. איך דערמאן זיך אן א היימישן קריסט אויפן עק גאס, און איך גיי צו אים. געזעגן זיך הארציק מיט דער פרוי און דאנק איר פאר די אינפארמאציעס. קומענדיק צו מיין באקאנטן, געפין איך א שטוב פול מיט מענשן. אויף מיין פראגע וואו איז דער קריסט. זאגט מען מיר, אז ער איז ביי די פארטיזאנער, מען האט אים געוואלט ארעסטירן, איז ער אנטלאפן. איך בין אין פארלעגנהייט און ווייס ניט וואס צו טאן. כ׳האב מורא פאר א פראוואקאציע, פארן איבערגעבן מיך צו פאליציי. זיי דערקענען אין מיר מיין צושראקנהייט און זאגן מיר: איך זאל זיך נישט שרעקן, זיי ווייסן איך בין א ייד. און ראטן מיר איצט דא זיין ביז מיטאג, און נאכהער אריבערגיין אויף יענער זייט ליניע צו די פארטיזאנער. איך האב נישט קיין ברירה, און זיי פירן מיר אריין אין א שטאל פון בהמות, און באהאלטן מיר. ווי כ׳האב נישט געוואלט אליין מיך בארויקן, האב איך געציטערט פאר קעלט און פחד, איך זאל אין דער לעצטער מינוט נישט אריינפאלן אין די הענט פון די באנדיטן.

די שעהן זענען געווען לאנג ווי טעג. און כ׳האב געווארט אויף דער מינוט, כ׳זאל קענען אריבערגיין אויף יענער זייט ליניע.

איך האב געקוקט דער קריסט זאל ניט קומען מיט פאליציי מיך ארעסטירן: ער האט געפונען א מציאה, א יידן. איך האב זיי הארציק געדאנקט, און בין אוועק פון אים אין דער ריכטונג פון דער באן־ליניע, אריבערכאפן זיך אהין, ווו כ׳וועל קענען פריי מיך באוועגן, נישט מורא האבנדיק פאר די באנדיטן און קענען עפעס טאן בכדי צו נעמען נקמה, דאס וואס איז געווען מיין איינציקע האפנונג, די איינציקע קראפט וואס מיר האט געשטויסן איבערצוקומען אלע מכשולים.

איך גיי מיט זיכערע טריט אלץ ווייטער און ווייטער קלערנדיק וועגן מיין לעצטע האפנונג, וואס איך דארף יעצט דערקעמפן.

עס האט זיך מיר געדוכט, אז דאס איז מיין לעצטע האפנונג. ווען איך נאר אריבער אהין, בין איך שוין געראטעוועט. כ׳האב אבער ניט געוווסט אז דארט וועל איך ווייטער מוזן קעמפן פאר מיין באפרייאונג. און איינשטעלנדיק איצט מיין גאנץ לעבן, טאקע די גאנצע האפנונג מיינע, בין איך געגאנגען בייטאג אין די גאסן צווישן אוקריינישע פאליציי, זשאנדארמעריע, מיליטער, צו דערגרייכן מיין ציל. אריבערכאפן זיך דערווייל אהין בכדי אנטיילנעמען אין זייערע קאמפן פאר מענשלעכער באפרייאונג בכלל, און פאר אונז יידן בפרט.

לענג דער באן־ליניע איז שטארק באוואכט פון דייטשע מיליטער, וואס לאזן קיינעם ניט דורך. נאר איין וועג איז פריי, וואו עס ווערן קאנטראלירט די יעניקע פון דער צווייטער זייט, וואס מוזן פארן אהיים. איך דריי זיך ארום נערוועאיש אהין און צוריק, און קוק זיך ארום ווי אריבערכאפן זיך אהין, און ווערן צייטווייליק געראטעוועט. איך האב וויניק געגלויבט אז פופצן קילאמעטער פון שטאט עקזיסטירט א פארטיזאנקע, און די דייטשן טוען זיי גארנישט. אבער איך האב קיין ברירה נישט, קיין אנדערן אויסוועג ניט.

איך נוץ אויס די געלעגנהייט וואס איין פאסטן פארוויכערט ביים צווייטן און שמועסן זיך דורך. איך גיי מיר אריבער גלייך מיט די פעלדער און נעם שטעלן פיס אלץ ווייטער און ווייטער. איך הער מען שיסט, איך פאל אנידער, צי זיך אויס אויף דער ערד, און ווי עס ווערט שטיל קריך איך ווייטער אויף אלע פיר א שטיק וועג. און נאכהער שטיל, הויב איך זיך אויף לויף איך אלץ ווייטער און ווייטער, נישט ארומקוקנדיק זיך צוריק. וואס די שאסן זענען געווען ווייס איך נישט, און עד היום קען איך נישט פארשטיין ווי האָט זיך ביי מיר גענומען אזא כוח צו לויפן, קריכן, און ווייטער לויפן אין טיפן שניי, אנטלויפנדיק פון זייערע אויגן בין איך געקומען אין ערשטן פוילישן דארף, פרעגנדיק וואו מען גייט קיין ביעלין.

## מיין ערשטע באגעגעניש מיטן פוילישן פארטיזאן.

אויפן וועג ווו איך גיי טרעף איך פורלעך מיט פאליאקן, וואס אנטלויפן פון שטאט און לאזן זיך אלע קיין ביעלין און אומגעגנט, וואו די פוילישע פארטיזאנקע אנטוויקלט זיך שטארקער און שטארקער.

איך גיי מיר לאנגזאם אין טיפן שניי, וואס בייטאג צוגייט ער שוין ביסלעכווייז און ווערט שווארץ. ווו ניט ווו אויפן וועג געפינען זיך שוין וואסער, און איך מיט מיינע צעריסענע שיך פול מיט וואסער, שפיר איך מיינע קראנקע פיס.

שלעפ איך מיך זיך נאך די פורלעך און פרעג זיך אלץ ווייטער קיין ביעלין, צו די פארטיזאנער.

— נאך 12 קילאמעטער קיין ביעלין — ענטפערט מיר א קריסט — דער וועג איז שווער, ביז נאכט וועלן מיר אנ־קומען אהין.

פון דערווייטנס, פון א וועלדל גייט זיך ארויס איינער מיט א ביקס. איך ווער דערשראקן, איך בין פארפאלן. לויפט מיר דורך א געדאנק: געוויס א אוקריינישער באנדיט, וואס לויערט נאך קרבנות.

קיין וועג צו לויפן איז נישטא. איך גיי מיר אלץ נאענטער צו אים, און ער דערנעענטערט זיך צו אונז, שטעלט אפ די אלע וואס פארן און פרעגט אויף דאקומענטן.

ווען איך ענטפער אים, אז איך בין א ייד און האב נישט קיין דאקומענטן, קוקט ער מיר אן און שאקלט מיטן קאפ.

— יא, זאגט ער — דער ייד אליין איז דער בעסטער דאקומענט, אלס שונא פון אונזער שונא, און האט דאס רעכט מיט אונז צוזאמען צו קעמפן פאר אונזער באפרייאונג.

איך האב זיך א ביסל בארואיקט, און טרערן פון פרייד האבן זיך ביי מיר צום ערשטן מאל באוויזן, טרעפנדיק זיך מיט א מענטשן, וואס איך קען מיט אים רעדן, פארשטייען זיך איינס דעם צווייטן. ער דערלויבט מיר ווייטער גיין מיט די אלע פאלאקן און זאגט מיר, אז אין ביעלין געפינען זיך שוין פיל יידן.

— יא, מיר מוזן קעמפן פאר א בעסערן מארגן, ער האט אונז אומגעברענגט און יעצט וועט ער אייך אויך אומברענ־גען — רוף איך זיך אן צו אים מיט מער מוט. מיר וועלן צוזאמען קעמפן צו דערשטיקן אונזער שונא.

ער האט געשמייכלט, דער פארטיזאן מיטן ביקס און געשאקלט מיטן קאפ. די פאלאקן דערוויסן זיך איצט, אז איך בין א ייד, זענען זיי מיר באפאלן מיט פארשיידענע פראגן ווו איך האב זיך אויסבאהאלטן, און ניט מורא געהאט איצט אין מיטן העלן טאג גיין אין שטאט און אריבערגיין די וואך, ווו יעדן טאג כאפט מען יידן אין פארשיידענע באה־עלטענישן ביי קריסטן און מען שיסט זיי.

פון בית המדרש בוידעם האבן זיי געזען נעכטן אראפנע־מען א פרוי מיט א קינד. די פרוי האט זיך געריסן די האר פון קאפ און געבעטן לאזן לעבן דאס קינד. די מערדער האבן פאר אירע אויגן דערשאסן דאס קינד. זי האט געחלשט און ספאזמירט. זיי האבן איר געוואלט פירן אין טורמע, נאר זי האט זיך נישט געלאזן, נישט וועלנדיק איבערלעבן דאס טויט פון איר קינד. מען האט איר דערשאסן אויפן ארט.

ביי דעם קריסט, וואס האט דאס דערציילט, האבן זיך טרערן געשטעלט אין די אויגן.

ווו איך גיי און ווו איך שטיי הער איך ווי מען גיסט דאס בלוט פון אונזערע אומשולדיקע. און טראץ דעם וואס די פיס זעצן זיך ביי מיר, פיל איך ווי די כוחות טראגן מיר ווייטער צו די פארטיזאנער. מיט שווערע טריט און מיט פיל האפנונג נקמה צו נעמען — גיי איך פארויס.

אלץ ווייטער ווי איך גיי, טרעף איך מער פארטיזאנער גרופנווייס, רייטער אויף פערד, וואס לויפן אין שליחות פון איין דארף אין צווייטן. איך באוואונדער דאס, ניט ווייט פון שטאט, פול מיט דייטשן מיט טאנקען. עס טוט זיך חושך אין שטאט, די גאנצע פראנטליניע איז איצט אין אונזער שטעטל. און דא פארן זיך ארום פריי די פוילישע פארטיזאנער, און גארנישט, דער דייטש לאזט זיי הוליען. זיי באפאלן יעדן מאל אוקריינישע דערפער, הרגענען אויס די אוקריינער. און די פאלאקן באזעצן זיך אין די אוקריינישע הייזער.

ערשט שפעטער האב איך זיך דערוווסט, אז די פארטי־זאנער האבן קיין דייטשן ניט געהרגעט. זיי האבן געטענהט, אז זיי ארגאניזירן זיך, בכדי זיך צו שיצן פון די אוקריינער צו די דייטשן האבן זיי גארנישט.

די דייטשע מאכט האט זיי צייטווייליק געלאזן טאנצן, און האט זיך מיט זיי שפעטער אפגערעכנט. דער גליק איז געווען, וואס ארום די פארטיזאנער האט זיך אנגעזאמלט א ביסל יידן, וואס האבן צייטווייליק פריי אפגעאטעמט, און זענען על פי נס שפעטער געראטעוועט געווארן.

איך האב דערוויילע געטאנצט פאר פרייד זעענדיק די פארטיזאנער. עס איז שוין געווען גאנץ פינסטער ווען איך בין געקומען אין דארף קיין ביעלין וואס איז געווען געדיכט באוואוינט פון פאלאקן. אין יעדן שטוב איז פול געווען מיט שטאטישע קריסטן, וואס זענען אהער פון שטאט אנטלאפן

אין איינע פון די הייזער האב איך זיך איינגעבעטן איבער־נעכטיקן ביז אין דער פרי, ווען איך וועל זיך טרעפן מיט די יידן, וואס געפינען זי זיך דא לויט די אינפארמאציעס, וואס מען האט מיר געגעבן.

אין א ווינקל אויף דער ערד, אונטער א ביסל שטרוי, זייענדיק שטארק מיד און צעבראכן פון די 16 קילאמעטער צופוס, בין איך שנעל איינגעשלאפן ביז גאנץ פרי.



**אליעזר גיטקליג, אַמעריקאַ**

# געטאָ־זכרונות

דעם ערשטן סעפטעמבער 1939, ביים אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאנד און פוילן, האבן א סך יידן אַנגעהויבן זייער וואַנדערונג קיין מזרח ד.ה. קיין רוסלאנד. א טייל איז אויך אוועק קיין רומעניע. די רוסישע ארמיי האט באלד פארנומען אונזער שטאט לודמיר, און יידן פון פארשיידענע פוילישע שטעט האבן אנגעהויבן צוצופליסן אין לודמיר, וועלכע האָט דאן שוין געציילט א יידישע באפעלקערונג פון 28 טויזנט נפשות.

זייענדיק נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ, האָבן מיר שוין געהערט וועגן די באַרבאַרישע מעשים פון די נאַציס. מיר האבן אלע געוואוסט וועגן די געטאס און די יידן פייניקונגען.

דעם 21־טן יוני 1941, דריי א זייגער פארטאָג זענען געפלויגן די דייטשע קאַנאָנען איבער לודמיר, און ספעציעל אויפן יידישן קווארטאל, וואָס איז אָנגעוויזן געוואָרן פון די שפּיאָנען. מיר האָבן באלד געהאַט קרבנות; דער יידישער קווארטאל איז באלד אוועק אין פלאמען. שוין זענען ארומגעלאפן אין די גאסן פארצווייפלטע יידישע יתומים און געשריען: — אוי, מיין מאמע, אוי, מיין טאטע!

דעם צווייטן טאָג, נאך א שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די רוסן, האבן די דייטשן געשיקט אויף לודמיר זייער לופטוואַפע. באלד איז פארברענט געווארן די גאנצע הויפּט־גאס (פארנע גאס) מיט דער ארומיקער געגנט, אלע בתי מדרשים, ווי אויך צוויי גרויסע קעלערן, וואו ס׳זענען געווען באַהאַלטן 550 יידן, וועלכע זענען גלייך פאַרשאָטן געווארן צום טויט. זיי זענען געווען אין די קעלערן פון נפתלי בוקסער׳ס הויז און ביי דר׳ ראַפּצעווסקי. דעמאָלסט זענען אומגעקומען מיינע עלטערן און די משפחות ביכלער, בוים, בוקסער, קרישטאל, בירמאן, קאלב און א סך אנדערע.

דעם 22־טן יוני 1941, איינס א זייגער בייטאג, זענען די רוסן אפגעטראטן, און די דייטשן זענען אריינמאַרשירט מיט שווערע טאַנקען און מיט מאָטאָריזירטע כוחות אין שטאָט. עס האט זיך דאַן אָנגעהויבן די גרויסע שלאַכט. די דייטשן זענען ארומגעלאָפן און געזוכט יונגע מענשע. זיי האבן ארויסגעשלעפט די פאמיליעס שמוקלער, רויטענשטיין (דער וואַלד־סוחר) און אנדערע, מען האט זיי געשטעלט ביי א וואַנד און גלייך דערשאָסן, באשולדיקנדיק די יידן, אז זיי האבן געשאָסן אויף דייטשן.

אין שטאט קומט נאכדעם אן א נאצי־קאמאנדיר און עס ווערט געשאפן א יידישער ראַט, בכדי צו האַלטן די אָרדנונג צווישן די יידן. מען האט אונז אָנגעטאן מגן דוד׳ס, און אָנגעהויבן שיקן יידן אויף ארבעט ביי די באַנען, אין די קאַזאַרמעס און אויף די שאָסייען. מען האט געשיקט אויף צוואַנגסארבעט, סיי מענער, סיי פרויען. עס איז כלומרשט געשאַפן געווארן א יידישער קאָמיטעט, וועלכער דאַרף צו־זאַמען מיט דער פאליציי אויפפּאַסן אויף די שקלאַפן־ארמיי. אבער די שטורמיסטן אליין פירן אויס די ארבעט. מען האָט פיינלעך געשלאָגן די ארבעטער, אויסגעטאָן זיי נאקעט און געשפּאָט פון זיי. די דייטשן זענען געשטאנען און געלאַכט פון די יידישע עינויים, זיי האבן זיך דערביי אמוזירט און געשריען „פאַרפלוכטעס פאלק". די יעניקע יידן, וועלכע פלעגן ניט שטייען גלייך, זענען דורך די דייטשן דערשאָסן געווארן. אין פינף מינוטן האָבן די אנדערע יידן געדאַרפט דעם טויטן פארשיטן מיט ערד. ווען מען פלעגט צוריק גיין פון דער ארבעט, פלעגן די שטוביקע ארויסגיין באגעגענען די ארבעטער און די יללות פון די משפחות פון די דערשאָסנע האבן געשפּאָלטן די הימלען.

אזוי זענען פארביי דריי חדשים. די געשטאַפּאָ האט שוין געכאפט טויזנט יידן אויף דער גאס און זיי אויסגעשאָסן. באלד איז געקומען א נייע גרויסע אויסראָטונג: הונדערטער יידן זענען פארשוואונדן. די געשטאַפּאָ האט אנגעגעבן, אז זיי זענען פארשיקט געווארן אויף ארבעט אין אַאנדער פלאץ. אין יעדער שטוב — איז געווען טרויער די פרייטיק־צו־נאכט ליכט זענען באגאָסן געוואָרן מיט בלוט און טרערן. אין די קעלערן האט מען געדאוונט, געוויינט און געיאָמערט. מאסן נייע קדושים און יתומים. די איבערגעבליבענע יוגנט איז געוואָרן שטארק פארצווייפלט.

עס איז געקומען יום־כפור. מיט דער הילף פון דער אוקריינישער פאליציי האט מען צוגענומען אלע יידן און זיי אריינגעזעצט אין תפיסה, נעבן בארג. מען האט די יידן אויסגעשטעלט מיטן פנים צו דער וואנט און פיינלעך געשלאגן מיט אייזערנע געווער איבערן קאָפּ. דער וואס איז געפאלן איז דערשאָסן געווארן אויפן ארט. די קולות האבן געריסן די הימלען. דאס יידיש בלוט האט באשפריצט די ווענט פון דער תפיסה. מען האט געוויינט און געשריען: „שמע ישראל".

אין די קעלערן האָבן באהאלטענע יידן געדאוונט כל נדרי. דאָס בילד פון די יידן איינגעוויקלט אין זייערע טליתים, וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן.

מען האט ווידער געהערט שיסערייען, נייע יידישע קרבנות זענען געפאלן. די יידן אין די קעלערן רייסן איבער די תפילות און זאָגן קדיש.

אין דער תפיסה האט מען דעם טאג אויסגעשאָסן אלע געכאפטע יידן, וואָס האבן ניט געהאט קיין פאך. ביז 10 ביינאכט זענען דערשאסן געוואָרן 180 מאן. אזוי איז פארביי דער ערשטער יום כפור.

ווער ס׳האט געקענט, האט זיך ווידער באהאלטן. דער יידן־ראט ווערט אויפגעפאָדערט צוצושטעלן נייע יידן צו דער

ארבעט. אונטער קאָנטראָל פון שטורמיסטן ווערן זיי געפירט צו דער ארבעט, זענענדיק געצוואונגען צו זינגען בשעת דעם מארשירן. די נאציס מאכן פון זיי חוזק, און ווען דאס זינגען ווערט שוואכער, הערט מען א באפעל: „העכער! העכער"!. אויף די יידישע גאסן איז פוסט, מען הערט נאר פון ווייטן א געזאנג וואס מען האט זיי געהייסן זינגען: „פאר מיר ביסטו שיין", א געזאנג פון דערשלאָגענע, צעבראָכענע, האָפנונגסלאָזע מענשן.

אזוי גייט פארביי דאס יאר 1941. גלייך נאך פסח 1942, ווערט פאראָרדנט, אַז אלע יידן מוזן אָנטאָן א נייע געלע לאַטע, איינע פון פאָרנט לינקס, און איינע אויפן רוקן אין מיטן, 8 צענטימעטער לענג.

גלייך נאכדעם ווערט ארויסגעגעבן, דורך דעם געביטס־קאָמיסאר וועסטערהיידע, א פאראָרדנונג וועגן שאפן א געטא. דער געטא ווערט געשאפן אין זייט פון דער תפיסה, און האָט צוויי טויערן אונטערן קאָנטראָל פון דער פאליציי. אלע יידן מוזן אריין אין געטא דעם 1 מאי 1942, מיטן אויסנאם פון די יידישע דאָקטוירים און די מיטגלדער פון יידן־ראט, וועלכע בלייבן וואוינען אויסערן געטא. דער נאצי־קאמאנדיר איבערן געטא, האט אלץ אויסגעפירט זייער פלאנמעסיק. עס זענען געשאפן געווארן צוויי געטאס, איינער פאר יידן מיט א האנדווערק, און א צווייטער פאר יידן אָן א פאך. אין געטא פארשפרייטן זיך גיך קראנקייטן. דאס צושטעלן פון עסן ווערט שטרענג קאנטראלירט.

עס קומען אָן ידיעות וועגן א מאסן־פּאָגראָם אין ראָוונע, וואו עס זענען אומגעקומען 22 טויזנט יידן. ענלעכע ידיעות קומען אָן פון קאָוועל און אנדערע ארומיקע שטעט. עס איז שווער צו גלויבן, אַז מען קען דערשיסן אַזאַ גרויסע צאל מענשן. די יידן גייען ווייטער ארבעטן. דער נאצי־קאמאנדיר פון געטא צאפט פון די יידן אלץ מער געלט, און מען גיט אוועק דאס אלץ, וואס מען פארמאָגט, מיינענדיק דערמיט זיך צו ראטעווען.

דעם ערשטן סעפטעמבער 1942 ווערט דער געטא ארומגערינגלט דורן די דייטשע און אוקריינישע פאליציי. 6 א זייגער אין דער פרי גייט אריין אין געטא די זשאנדאמעריע מיט געווער אין די הענט און הייסן אלעמען ארויסגיין פון די שטיבער. זיי רייסן די לאָדנס, די דעכער און די טירן, בכדי צו געפינען אלע די יעניקע, וואָס באהאלטן זיך. אלע ווערן אויפגעפאָדערט ארויפצוגיין אויף די אויטאס און זיך זעצן מיטן קאָפּ אראָפּ. זיי ווערן אָפּגעפירט 7 קילאָמעטער הינטערן שטאָט אין פיאטידיניע, וואו ס'איז אויסגעגראָבן א גרויסער קבר 30 מעטער לענג, 15 מעטער ברייט און 4 מעטער טיף. דער פלאץ איז ארומגערינגלט פון דייטשע זשאנדערמעריע. נישט ווייט פון דער ערשטער גרוב געפינען זיך נאך 2 גרויסע גריבער. די יידן האבן זיך געמוזט אויסטאָן נאקעט, און האלטנדיק איינער דעם אנדערן ביי די הענט, האבן זיי געמוזט שפרינגען אין גרוב און זיך לייגן מיטן פנים אראָפּ. יעדן איינעם האט א דייטש געשאָסן אין קאָפּ ביים אויער, ניט יעדערער איז געשאָרבן אויף אָן ארט. די גריבער זענען אנגעפילט געווארן מיט טויזנטער קדושים. אין משך פון פופצן טעג האט מען אזוי אויסגעשאָסן 18 טויזנטער יידן.

די, וואס זענען געגאנגען צום טויט, האבן געשריען: „יידן געדענקט, ווער עס וועט בלייבן לעבן, זאל געדענקען נקמה צו נעמען פאר אונזער בלוט!". קינדער האבן געשריען: „מאמע, נעם מיך צו זיך, כ'וויל דערשאָסן ווערן צוזאמען מיט דיר!

דער רב איז געגאנגען צום טויט מיט א קליין קינד ביי דער האנט, און האט צום קינד געזאגט: „מיין קינד, האב קיין מורא נישט, מיר גייען אויף א שענערע וועלט, עס איז א גזר דין.."

עטלעכע טויזנט יידן זענען געבליבן פארשטעקט אין די באהעלטעניש. צוליב מאנגל אין עסן און וואַסער זענען זיי ארויס אויף דער גאס. שרעקלעך איז געווען דאס בילד, וואס זיי האבן דערזען. צעריסענע הייליקע ספרים האָבן זיך געוואלגערט אין די גאסן. די וואוינונגען זענען צעראבירט.

אין א קורצער צייט ארום, זאגט דער געביטס־קאמיסאר אן דעם יידישן אויפזעער, אז עס זענען דא צופיל יידן. עס איז באשטימט געווארן, אז מען זאל די פאכלייט (250) ארויספירן, און די ניט פאכלייט (4000 יידן, די אלמנות און די יתומים) לאָזן אויף אָן ארט. דעם 13 נאוועמבער 1942, ווערן די ניט־פאכלייט ארויסגעפירט קיין פיאטידיניע וואו זיי ווערן דערשאָסן אין די גריבער. די יידן אין דעם „פאך־געטאָ" הערן די געשרייען פון זייערע ברידער בעת דער שחיטה, אבער זיי קענען זיי נישט העלפן. עס זענען געווען פאלן פון ווידערשטאנד, אבער קיינער פון זיי איז נישט געבליבן ביים לעבן.

דאס הייפעלע פאכלייט ציען זייער עקזיסטענץ ביז דעם 13־טן דעצעמבער 1943. ווען די רוסן האבן אריינגעמארשירט קיין זשיטאָמיר, האָבן די דייטשן געוואלט מאכן א סוף צו די לעצטע איבערגעבליבענע יידן. דאס קליין הייפעלע יידן אין לודמירער געטא ווערט ארומגערינגלט דורך די געשטאפא און אוועקגעפירט אין דער תפיסה. דאָרט ווערן זיי אויסגעטאָן נאקעט און אויף מאשינעס אוועקגעפירט קיין חוואלימיץ, 4 קילאָמעטער פון שטאט אויפן וועג צו לוצק. דאָרט ווערן זיי דערשאָסן, די קערפערס ווערן באגאָסן מיט בענזין און פארברענט, בכדי עס זאל נישט בלייבן קיין שפור.

אזוי איז אפגעווישט געווארן דאס יידישע לודמיר.

אט איז א ליסטע פון די לעבנגעבליבענע פון לודמיר, וואס זענען מגולגל געווארן אין א סך לענדער:

ראָכטשע רויטענשטיין מיט א טאכטער; ד"ר בעבציוק מיט א טאכטער; בתיה שולמאן; מאטקע רויטענשטיין מיט דער פרוי; הערשל רויטענשטיין מיט א קינד פון פיר יאר; שמואל שאץ; הערשל ביק; מאטל סאנדערס מיט זיין פרוי; מנשה כץ; חנא לישנער מיט דער פרוי; פייוול בראָדער מיט א טאכטער; יהודית גאלדשטיין; געניע הויזמאן; פריידע מיגדאל; ד"ר יצחק גרינבערג; אדוואקאט גרישע גרינבערג; שרגא אפרים מיט פרוי און טאכטער; דוד בובעס; טעל האכמאן; יעקב זאוועדאוויטש; נאטקה שטערן; ליפע מענדעלסאן; יוסף שאפיר; יולעק און פירע בארדאך; שמואל זעלאניק; יקותיאל גאלדבערג מיט פרוי; גיטקליג אליעזר מיט פרוי.

צפורה וינשטוק

# משדה־ההריגה

היינו משפחה של 6 נפשות. ראש המשפחה, יוסף וינשטוק התעסק במכלת סטונאי ברחוב קובלר. ברגע שהנאצים נכנסו, שדדו את כל רכושנו. חלק מהרכוש חילקנו בעוד מועד בין הגויים, וקיוינו שבמשך הזמן נקבל מהם את הרכוש בחזרה. אבל תוך זמן קצר העבירו את כל היהודים לגיטו. בין אלה שהוצאו לגרדום היו גם ההורים שלי ואחי הבכור אפריים. אז הייתי בת 13. מכל המשפחה נשארנו רק שלושה שהספקנו להסתתר, ואלה שנשארו שוב המשיכו בעבודות שונות ומבלי תקוה, כל אחד ידע מה צפוי לו.

הנאצים הקיפו את כל הגיטו על ידי שוטרים, גיסטפו וגם אוקריינים. אי אפשר לתאר את התמונה. שוב הצלחתי עם אחותי ואחי הצעיר להתחמק. נכנסנו למערה. מתוך חפושים מצאו אותנו, אספו את כולנו לבית הסוהר, ומשם בחרו חלק קטן לעבודות מקצועיות, ובין אלה גם אחי. אותנו הביאו באוטו משא לפיאטידין ששמה היה מוכן בור בשבילנו. בשעת הנסיעה היה אסור להרים ראש אי אפשר היה לברח. באנו למקום. ציוו עלינו לפשוט את הבגדים והמיתו את כל המובאים ע״י נשק אוטומאטי — תוך בור, אחד על השני. בין המובלים אל הבור הייתי גם אני ואחותי, והנחמה היחידה שהיתה לנו שידענו שנשאר אחד מהמשפחה בחיים, אחי. כל כמה שהתקרב תורי אל הבור שיירו בי, כבר לא יכולתי להסתכל מה שנעשה. למזלי נשארתי בין האחרונים. ירו גם בי. נפלתי בתוך הבור, והבור היה מלא מתים. נשארתי בשורה למעלה, פצועה בשלושה מקומות, הם חשבו אותי למתה, וגם אני בעצמי לא ידעתי מה אתי.

נרדמתי, ובלילה התעוררתי ומישהו דבר אתי מתוך הבור כמה מלים. זו הייתה אשה. ומיד הפסיקה. בבקר באו פולנים לכסות את הבור. הואיל ולא רציתי שיכסו אותי בחיים, הרמתי את ראשי, והם נפחדו בראותם אותי חיה בבור־המתים. אמרו לי לברוח. השאלה לאן? אני ערומה ופצועה, אבל הם צועקים לברוח. יצאתי והלכתי בשדה, ושכבתי בתוך ערימת קש. באו מהכפר לקחת מהקש, והרגישו בי. הביאו לי בגדים ולחם, ואמרו לי ללכת מכאן. הסתובבתי בכפר, ואחרי כמה ימים הלכתי העירה, מפני שעוד נשארו בגיטו בעלי־מקצועות ובין אלה גם אחי. הייתי רוצה אז לחדור לגיטו, אבל משום שהייתי פצועה לא יכולתי. נכנסתי לאשה הפולניה, שמסרנו לה את ביתנו בזמן שעברנו לגיטו. השתניתי עד כדי כך, שלא הכירה אותי, וחשבה אותי למבקשת נדבות.

ברגע שהכירה אותי התעלפה מתוך פחד, מפני שהיא ידעה שאני מתה כבר. הפולניה טיפלה בי, ואני בקשתי ממנה, להודיע לאחי הנמצא בגיטו, שאני חיה. היא הלכה וספרה ליהודים בתוך הגיטו, אבל הם לא רצו להאמין, אבל היא נתנה להם סמנים. אז יצא אחי ועוד מישהו, והצליחו להכניס אותי לגיטו. הסתירו אותי מבלי שהגרמנים ירגישו בי, הואיל והייתי פצועה והצטרכתי גם לטפול רפואי. לא היה קל הדבר הזה. שילמתי סכומים גדולים בזהב שנשאר לי מהבית. מפעם לפעם עשו בגיטו חפושים והוציאו להורג אנשים, ביחוד שלא היה בידיהם כרטיס העבודה, התחמקתי מהם כמעט שנה, כל זמן שהגיטו היה קיים. בשנת 1943 חיסלו את הכל, בשעה שהגרמנים התנפלו עלינו לפתע לא הספקתי לראות אפילו את אחי. פרצנו עם עוד משפחה לתוך מקלט. שמענו את הצעקות של משפחות שהוציאו אותם. כאשר לא יכולנו יותר להתקיים במחבוא, החלטנו לצאת, ולנסות לברוח לאיזה כפר. בזמן הבריחה ירו עלינו, וחלק מאתנו נפלו במקום. אני, עם עוד זוג הצלחתי לברוח. באנו למקום שידענו ששם יושבים יהודים. ישבנו כמה ימים ולא רציתי להישאר באותו מקום. אחרי שהלכתי משם מצאו שם אותם והוציאום להורג. זה נודע לי אחרי זמן מה.

אחרי נדודים שבלתי אפשר לתארם, חזרתי העירה ונכנסתי אל גוי אשר מסרנו לו את חפצי ביתנו, חשבתי אולי גם אחי נמצא שם. וברגע שנודע לי שאחי לא נמצא בחיים רציתי ללכת לאן שלא יהיה, אפילו שיירו בי, מתוך לב שבור וכאב, שלא נשאר לי כבר אף אחד מהמשפחה, אבל גורלי היה להישאר אחת מהמשפחה. בעלת הבית הסתירה אותי, בלי שהשכנים ירגישו בי. שם היו עוד כמה יהודים (ביניהם משפחה בשם שויב), שמה ישבתי, עד שהשתחררתי על ידי הרוסים.

צפורה (פיגה) וינשטוק־זהר

נחום ווייסמאַן

# אין די טעג פון די שחיטות

לודמיר 1941, 20־טער יוני.

שבת ביי נאכט. רוסישע פאטרולן גייען אין די גאסן. מען שיקט אין די קאַשארן אלע זעלנער, וואס געפינען זיך אין די גאסן. מען רופט ארויס אלע אפיצערן און זעלנער פון די קינאס. מאשינען פליען געפאקט מיט זעלנער.

די ציוויל־באפעלקערונג קוקט זיך צו מיט שרעק; אבער קיינער ווייס נישט, וואס עס קומט פאר.

זונטיק 21 יולי 5 א זייגער פרי, הערט מען דעם ערשטן הארמאט־ שאָס, און מען פירט שוין דעם ערשטן קרבן, א יונגן בחור לייבוש כץ.

יידן פון קריסטלעכע גאסן לויפן אין שטאט אריין. מען קלייבט זיך צוזאמען צו צען משפחות איניינעם. די קריסטן פילן זיך גוט. זיי דרייען זיך ארום אין די גאסן; זיי גייען אין קלויסטער אריין פריילעכער ווי שטענדיק.

דאס שיסן ווערט אפטער. מען באָמבאַדירט די קאָשארן. די רוסן פירן ארויס וואס עס לאזט זיך. מען מעלדעט אין יעדע וואוינונג, אז קיינער זאל ניט פארלאזן די שטאט און זאל ווארטן אויף פאראָרדענונגען. ווער עס וועט פארלאָזן די שטאָט אָן א דערלויבעניש, וועט געשאָסן ווערן.

דריי בייטאַכט מעלדעט מען דורך שליחים, אז אלע דינסט־פייאיקע מוזן זיך גלייך צושטעלן אין די פונקטן. מען געזעגנט זיך מיט די פרויען, קינדער און די עלטערן. די מאָביליזאציע־פונקטן זענען פול מיט מענשן.

די עראָפּלאנען ווארפן באָמבעס. פארצווייפלטע געשרייען פון פארוואונדעטע. די וועגן זענען פול מיט טויטע.

8 אזייגער, מאנטיק דעם 22 יולי, זעט מען שוין די דייטשע מערדער אויף מאָטאָציקלען. גלייך הויבן זיי אָן צו זייען ארום זיך טויט. אויף קאָוולער גאס ווערן ארויסגעשלעפט פון א בונקער די שמוקלערס, ווי אויך מלך רויטנשטיין, און זיי ווערן געשאָסן דורך די דייטשן. די קריסטן אין גאס ראבירן די געשעפטן. אין די גאסן וואלגערן זיך טויטע קערפערס און צעשאָטענע זאכן.

מיטוואך, דעם 24־טן האט מען אין גאס געשאָסן א פּאָר יידן, משה טראק, מאניש קארדינער און נאך אנדערע.

מען הויבט אָן צו שלעפּן פון די שטיבער אויף ארבעט און דערביי ווערן א סך פון די ארויסגעשלעפטע דערשאסן. אזוי דויערט עס עטלעכע טעג ביז מען שאַפט דעם יודנראַט.

דער יודנראט איז באשטאנען פון דר׳ כץ, דר׳ בובעס, פּאס. בירמאן, שמחה בארגמאן און אנדערע.

אזוי האט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכע פינסטערע לעבן פון די לודמירער יידן אין די נעגל פון דער שרעקלעכער חיה.

דער יודנראט האט אנגעהויבן זיין ארבעט לויט די באפעלן פון געביטסקאמיסאר און זיינע געהילפן. יידן זענען געצוווּנגען געווארן אויסצופירן ארבעט צו וועלכע מען באַנוצט געוועגלעך פערד און טראקטאָרן.

יעדן טאג פלעגן ביי דער ארבעט דערשאָסן ווערן צענדליקער יידן, א סך פון זיי פלעגן געבראכט ווערן צוריק פון דער ארבעט ארומגעוויקלטע אין פארבלוטיקטע ליילעכער.

מען האט אנגעהויבן ארופצולייגן אויף יידן קאָנטרייבוציעס וועלכע זענען געוואקסן אלץ גרעסער און גרעסער.

דער פארמיטלער צווישן דעם יידטראט און דעם געביטסקאמיסאר איז געווען שמחה בערגמאן. יעדער איינער פלעגט קוקן אויף זיין מינע, וואס ער מאכט, און ביי יעדן אומקלאָרן אויסדרוק פון זיין פנים פלעגט צאַפּלען דאס הארץ פון שרעק.

מען האט אנגעהויבן צונעמען פון די יידן זייער גאָלד, ברילִיאנטן און גוטע פוטערס. פון צייט צו צייט פלעגט פון ראָוונע אראפקומען די געשטאפּא און פלעגט, מיט דער הילף פון דער אוקריינישער פאליציי, מאכן „לאָפּאָנקעס״ (כאפּענישן). אזעלכע כאפּענישן זענען פארגעקומען דריי מאָל. ביז מען האט אונז פארשפּאַרט אין געטא. און יעדע כאפּעניש איז אויסגעפאלן דווקא פרייטיק כדי אונז צו פאַרשטערן דעם שבת.

## דער בלוטיקער מיטוואך

כ׳געדענק ניט די דאטע פון יענעם טאג. כ׳געדענק נאר אז ס׳איז געווען א מיטוואָך. יענעם טאג האט געשטאפּאָ און אוקריינישע פּאָליציי ארומגערינגלט אלע פלעצער, וואו יידן אבן געארבעט. און מ׳האט פון אלע ארבעט־פלעצער ארויסגעפירט די יידן אין טורמע. די פרויען האבן זיך שנעל דערוווּסט פון אומגליק און זיי זענען געלאָפן אנטקעגן די מענער מיט געוויין און געשרייען. די געשטאפּאָ מיט די אוקריינער האבן געהאקט מיט די ביקסען איבער די קעפּ. צענדליקער זענען געפאלן צעבלוטיקטע. קליינע קינדער זענען נאָכגעלאָפן די מוטערס און האבן זיך געקלאמערט צו די פּאָטערס. האָבן דערביי ביטער געיאָמערט, און די רוצחים האבן געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. עס זענען דאן געפאלן א סך טויטע און פארוואונדעטע. די שטאָט איז געווען פארגאָסן מיט בלוט. ביים ארייננגאנג צו דער טורמע זענען געשטאנען אוקריינער און דייטשן מיט פארשידענע טויט־מכשירים אין די הענט. און ווען אונזערע ליבסטע זענען אָנגעקומען נאָענט צום טויער פון טורמע, איז געפאלן דער באפעל: שלאָגן! מען האָט געשלאָגן מיט אייזערנע דרענגער, צעפּעס און קייטן. האלב טויטע זענען די יידן אריין אין טורמע. די טויטע האט מען געמוזט מיטנעמען מיט זיך.

יענעם בלוטיקן מיטוואך ביינאכט האט מען געטויט פון פינף הונדערט ביז זעקס הונדערט לודמירער יידן.

דאָנערשטיק אינדערפרי האט מען צוריקגעפירט פון טורמע די לעבן־איבערגעבליבענע, און זיי ווידער ארויסגעפירט צו דער ארבעט.

צווישן די האלב־טויטע, וואס זענען ארויסגעפירט געווארן צו דער ארבעט איז אויך געווען דוד באָקסער. ווען מען איז געקומען אין די קאָוולער קאָשארן צו דער ארבעט, אין ער געווען זייער אָפּגעשוואכט. דער מערדער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ארבעט, האָט אים באפוילן צו גראָבן אַ גרוב. עד האט געארבעט מיט די לעצטע כוחות, ביז וואנעט ער איז געפאלן אין חלשות. דער דייטש האָט באַפוילן מען זאל אים ארייננווארפן אין גרוב אין פארשיטן מיט זאמד. ווען די ערשטע לאָפּאַטעס ערד זענען געפאלן אויף זיין פנים, האט ער זיך אויפגעכאפּט פון חלשות, און געפּראווּוט מיט אלע קרעפטן זיך צו ראנגלען. די יידן האבן אָפּגעשטעלט דאָס שיטן ערד אויף אים אָבער דער מערדער האָט געשריען: ווייטער מאכן, פארפלוכטע יידן! און אונטער קלעפּ פון אייזן האבן די יידן פאַרשאָטן דוד באָקסער לעבעדיקערהייט.

## וואס איז געווארן מיט דער ארויסגעפירטע אינטעליגענץ

אַ פרייטיק אין חודש אָקטאָבער 1941. די אוקריינער האבן צוזאמענגעשטעלט א רשימה פון בלויז אינטעליגענץ, און זיי ארויסגעפירט פון שטאָט. צוזאמען אן ערך 120 מאן. צווישען זיי די פרוי גוז פון גנוינער גאס, אינזשינער בערקנער און אנדערע.

די מערדער האבן פארשפּרייט אַ ידיעה, אז מען האָט די געכאפּטע ארויסגעפירט אויף ארבעט. גויים האבן אפילו דערציילט אז מען האט געזען פירנדיק די געכאפּטע אויף

אויטא־מאשינען אין דער ריכטונג צו לוצק. דער יידנראט האט זיך באמיט מיט אלע כוחות צו בארואיקן די געמיטער.

אין יענער צייט האָב איך געארבעט אלס מאלער. יצחק רייבער דער בריגאדיר פון די מאלערס האט מיר געמאכט פאר אַ מאלער.

דעצעמבער 1941, האבן מיר געמאלט אין דער טורמע. פרייטיק 8 אזייגער, קומט דער קאָמענדאנט פון דער אוקריינישער פאליציי, (סערזשאנט פון פוילישן מיליטער קוואסנאצקי), און הייסט אונז, אלע מאלערס, גיין אהיים, און קומען צוריק צו דער ארבעט, ערשט מאנטיק.

מיר גייען ארויס פון דער טורמע, און מיר פילן, אז עפּעס איז נישט בסדר. יעדער לויפט וואס שנעלער אהיים איך גיי אויף דעם גרינעם מארק עפּעס קויפן. איך שטעל זיך אין דער ריי נאך טאָמאטן. עס ווערט א געלויף: מען כאפּט יידן. די קריסטן אין ריי שפּאסן אויף מיין חשבון, אז מיר גלוסט זיך טאָמאטן, און אז באלד וועט פון מיר רינען טאָמאטן־זופּ.

אין דעם זע איך ווי פון שאסיי לויפט אברהם כץ, דער דרוקער, וועלכער האט געארבעט ביי וואסערן אין דרוק. נאך אים לויפן צוויי אוקריינער מיט די ביקסן אין די הענט, און שרייען: כאפּט אים! פון מיין ריי שפּרינגט ארויס אַ גוי און פארשטעלט אים דעם וועג. אין דעם מאמענט, לויפן צו צוויי פאליציי־לייט און כאפּן אים. ער רייסט זיך ארויס און פאלט. ער הויבט זיך ווידער אויף און כאפּט זיך אן אין אַ בודקע. עד כאפּט קוים זיין אטעם. זיינע אויגן קריכן ארויס פון די לעכער. די מערדער קלאפּן אים מיט די ביקסן איבער די הענט און קאפּ. ער זוכט מיט די אויגן. ער טרעפט מיין בליק. ער ווייזט מיט די אויגן צו דער טורמע. פון זיין אויסזען בין איך ממש פאראליזירט געווארן. איך וויל לויפן, שרייען, און קען ניט. איך בין צוגעוואקסן צו דער ערד.

זיי ווארפן אים ווידער אויף דער ערד. אין דעם מאמענט לויפט ארויס פון דער טורמע אַ געשטאַפּאָ־מאן מיט דעם רעוואלווער אין האנט, ווילד ווי אַ משוגענער. מיט זיינע שפּאָרן קאָפּעט ער אים אין קאָפּ. דאן שיסט ער אים אין קאָפּ. אנטלויפט עטליכע טריט. לויפט צוריק, און שיסט נאָכאמאָל ווי א משוגענע חיה. ער שרייט צו די פאליציי־לייט, זיי זאלן שלעפּן דעם ייד אין טורמע אריין ביי די פיס.

כ'האב אלץ פארשטאנען. מיט זיין בליק האט ער מיר אלץ דערציילט, וואס עס קומט פאר אין דער טורמע.

כ'האב אָנגעהויבן צו גיין ווי א שיכור, מיט מיין אויסווייז אין האנד. מען האט מיך אָפּגעשטעלט, מען האט מיך פרייגעלאָזט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך זיך דערזען ביי יצחק רייבערס שטוב. זיין פרוי שרה שטערן איז געווען א קוזינע פון אברהם כץ. כ'האב אלץ דערציילט, אזוי ווי כ'האב עס פארשטאַנען: אין טורמע שיסט מען אויס די געכאפּטע יידן. אלץ, וואס מען דערציילט וועגן ארויספירן די געכאפּטע —— איז ליגן. רייבער זאגט מיר צו, אז מאָנטיק מוזן מיר דערגיין דעם אמת, ווען מיר וועלן קומען צו דער ארבעט אין טורמע.

שבת דערציילט מען שוין ווידער, אז עס זענען דאָ מענשן, וואס האבן געזען, ווי מען האט ארויסגעפירט די געכאפּטע יידן אויף ארבעט. איך אבער ווייס שוין דעם אמת.

איך קוק אויף די פרויען און קינדער, וועלכע שטייען ביים יודנראַט און בעטן, מען זאל זיי זאגן, ווו מען אט געפירט זייערע מענער און טאטעס. כ'ווייס שוין זיכער, ווו מען אט זיי געפירט. אברהם כץ האט מיר דערציילט דעם גאנצען אמת מיט זיין שוידערלעכן בליק.

מאָנטיק 7 אזייגער פרי זענען מיר געקומען צו דער ארבעט. רייבער האט גלייך צעשטעלט יעדן איינעם אויף זיין ארבעט־פלאץ. מיך האט ער געשטעלט אויף צומישן די וואפנע, און אכטונג צו געבן צו עס קומט נישט אן ווער עס איז.

יצחק רייבער איז אוועק ווייט אין טורמע. און אויף זיין וועג האט אנגעטראפן צוויי פרישע גריבער. ער קומט צוריק בלאס, און דערציילט מיר, אז ער האט געזען צוויי פרישע גריבער. מיר האבן באשלאָסן צו דערציילן וועגן דעם אלעם אונזער רב מאָרגענשטרן.

צו מיטאג זענען מיר אריין צום רב. ס'זענען דאָרטן געזעסן נפתלי גראָסמאן, יאסקע שראגע. רייבער האט דערציילט דעם רב, אז מיט א וואך צוריק זענען דאָרט אויפן הויף נישט געווען קיין גריבער, און איצט זענען דא צוויי פרישע גריבער, און די ווענט פון שאפע מערקט מען בלוט־סימנים.

דער רב קוקט זיך איבער מיט די יידן, און זאגט: נאר אן רעש. מען דארף פעסשטעלן דעם גאנצן אמת. מען דארף ברענגען א סימן.

מיר גייען צוריק צו דער ארבעט. ווען די ארבעט הויבט זיך אן, רופט מיך ארויס יצחק רייבער. מיר נעמען א ליידיק פאס און מיר גייען צו דער שאַפע. איך עפן די שאָפע און זע דאָרט א סך בגדים. עס ווארפט זיך מיר אין די אויגן א מארינארקע. איך טו אָן שנעל די מארינארקע און לויף ארויס. אויף די ווענט פון שאָפע באמערק איך שטיקער פארטריקנטן מארך אויסגעמישט מיט בלוט. מיר קומען צוריק צום ארבעטס־פלאץ. רייבער קוקט אויף דער מארינארקע און זאגט: די מארינארקע איז פון דעם מאלער־ייִנגל רינג פון גנוינע גאס. רייבער דערציילט מיר, אז ער האט ארויסגעצויגן פון א קעשענע פון די בגדים, וואס זענען געווען אנגעווארפן אין שאפע — א טיכעלע, אין וועלכן עס זענען געלעגן שטיקער ברויט דורכגעווייקט מיט בלוט.

6 א זייגער זענען מיר ווידער געווען ביים רב. די זעלבע יידן זענען געזעסן אין שטוב און שטום געקוקט אויף אונז. איך האָב אוועקגעלעגט די מארינארקע, רייבער האט אויפגעוויקלט דאס טיכעלע און אוועקגעלעגט די צוויי שטיקער ברויט אין בלוט. ער דערציילט, ווי מיר האבן גענומען די סימנים. די יידן האָבן אראָפּגעלאזט די קעפּ.

דער רב האט געוויינט און געזאגט: יידן, קיינער דארף ניט וויסן. נעמט ניט צו דעם גלויבן ביי די אָרעמע פרויען און קינדער, זאלן זיי האָפן, אז זייערע ליבסטע וועלן נאָך קומען. מען דארף שווייגן.

מיר זענען ארויס פון רב, און טאקע געשוויגן.

וואָס האָבן מיר געהאַט צו רעדן? ———

## מען ברענגט מתים צו דער קבורה

פעברואר 1942. א גרופּע יידן ארבעטן ביי דער באן ביים לאדן שווערע משאות. דער אויפזעער, א 16־יאריקע

בעסטיע, שלאגט מיט אן אייזערנעם שטאנג. ער שטעלט צען יידן גראבן א גרוב, און ווען די גרוב איז פארטיק, שיסט ער אויף זיי און מען פארשיט זיי אלעמען, לעבעדיקערהייט.

אנהויב מערץ האט דער יודנראט באקומען א דער־לויבעניש מקבר צו זיין אויפן בית־עולם די דערמאָרדעטע יידן. מען האט זיי געבראכט אלע פאַרשטיינערטע פון פראָסט, יעדערער אין זיינע מלבושים, אזוי ווי ער איז אוועק צו דער ארבעט. דאס מקבר זיין האט געדויערט עטליכע טעג, וויל די מלבושים זענען געווען איינגעפרוירן אין די קערפערס.

ס'איז ניט צו באשרייבן די טראגישע, הארצרייסנדיקע סצענעס פון די פרויען און קינדער. זיי זענען געליגן צוזאמען מיט די מתים אויף דער ערד, זיי האבן געפערלעך געיאָמערט. די מערדער און די קריסטן האבן געקוקט און געלאכט.

אלע מאל זענען צוגעקומען נייע גרופן יידן, כדי צו זען דעם חורבן.

כ'וועל קיינמאל ניט פארגעסן יענעם געיאָמער פון פרויען און קינדער ביים מקבר זיין די הרוגים.

## געטא.

פסח 1942 זענען מיר שוין געווען פאַרשפאַרט אין געטאָ, וועלכער האט ארומגענומען אייניקע גאסן. די ערשטע צייט האט מען געקענט זען ווי יידן שטייען ביי די דראָטן און קוקן אין דער פרייער גאס, וואו קריסטן שפאצירן און לאכן. דערביי פלעגן די יידן שטיין, וויינען און שלינגען די טרערן. זיי האבן אָבער איינגעזען, אז די קריסטן חוזקן פון זיי. פון דאן אָן פלעגט שוין קיינער מער ניט שטייען ביי די דראָטן.

מען האָט זיך אנגעהויבן צוגעוווינען. יעדן טאָג האט מען געהערט וועגן נייע אומגליקן: אויסגעהרגט ראָוונע. אַ פאַגראָם אין לוצק. פון קאָוועל זענען געקומען צולויפן עטליכע יידן, ס'איז דאָרט געווען אַ פאַגראָם.

מיר האבן געוווסט, און יעדער איינער האט גערעדט אז באלד קומט אָן אויך אונזער ריי. דער יידנראַט האט געטרייסט: מיר טוען אַלץ. אזוי האבן זיי געטענהט. מיר אָבער האָבן געוווסט, אז זיי וועלן גאַרנישט קענען העלפן. יעדעס מאָל האט מען אָפגעקויפט אַ נייעם אומגליק מיט גאָלד און מיט פוטערס. אָבער ווי לאנג וועט עס קענען העלפן.

עס זענען געווען צוויי געטאס. דער ארבעטער־געטאָ און דער פאַך־אויסווייז געטאָ. דעם געטאָ פון די פשוטע ארבעטער האט מען גערופן — „דער טויטער געטאָ"; און דעם געטאָ פון די פאַך־אויסווייזן האט מען גערופן „דער לעבעדיקער געטאָ". די יוגנט האט גענומען זוכן מיטלען פון רעטונג. חברה האט זיך צוזאמענגענומען און גערעדט וועגן דעם. דער יודנראט האט ניט געוואלט הערן און האט געוואָרנט, אז מען זאל וועגן דעם נישט רעדן. דא האבן זיך צוזאמענגעקליבן אַ גרופע פון 30 מאן ביי ישראל איסר ציילינגאָלד אין א קעלער. מיר האבן דאָרט אריינגעצויגן אין דער חברה עטלעכע פון דער אָרדנונגס־דינסט ביים יודענראט כדי מיר זאלן קענען עפעס וויסן געוויערס, ווען ס'וועט דראָען דעם געטאָ. מיר האבן דאָרטן געהאט זייער גוטע חברים, מיכל רויטנשטיין, בייביק בארנהאלץ, יוסף ישראל גראסמאן און אנדערע.

מיר האבן באשלאסן אנצוהויבן זוכן געווער אויסער דעם געטאָ. דערצו האט מען אָבער באדארפט האבן גאָלד, כדי דערמיט צו קויפן געווער ביי די קריסטן. איינמאל האט אונז מיכל רויטנשטיין איבערגעגעבן אַ שמועס, וואס ער האט אונטערגעהערט ביי דעם פירער פון יודנראט, אדוו. פאָס. ס'איז צו אים געקומען אַ אָפיציר פון דער ווערמאכט, וואָס האָט געהאט די אויפזיכט איבער אלע רוסישע געפאנגענע. פון דעם געשפרעך, וואס מיכל האט אונטערגעהערט צווישן דעם ווערמאכט־אָפיציר און אדוואָ־קאט פאס, האט ער זיך דערוווסט, אז עס גרייט זיך א פאָגראָם אויף דעם געטאָ. דער ווערמאכט־אָפיציר האט געזאָגט, אז ער קען צושטעלן א מאשין מיט ביקסן און קוילן, ווען דער פאָגראָם וועט זיך אָנהויבן, זאָלן די יידן שטעלן א ווידערשטאנד. און דאן וועט ער, דער ווערמאכט־אָפיציר אויך ארויסלאָזן זיינע געפאנגענע, און זיי וועלן מיטהעלפן אין קאמף. הער פאס האט אים שטארק באדאנקט און געזאגט, אז ער קען אליין נישט דעצידירן וועגן אזא גרויסער זאך, און האט אים פארזיכערט צו געבן אן ענטפער אין א קורצער צייט.

מיר האבן באשלאסן אויסצואיבן א דרוק אויף דעם יודנראט. מיר האבן געשיקט דריי פערזאָן, זיי זאָלן רעדן מיט אדוואקאט פאס: לאזאר גייפלער, מיעטעק בארנהאָלץ, און מיכל בינשטאָק. זיי זענען צוריקגעקומען מיט גאר־נישט. פאס האט זיי דערקלערט און אויפגעוויזן מיט פאק־טן, אז דאס איז א פראָוואָקאציע מצד די דייטשן.

## פיאַטידין

קורץ נאך דעם האט מען צוזאמענגענומען אלע מענער און אוועקגעשיקט קיין פיאַטידין, כדי צו מאכן א פלוגפלאַץ אונטער דער אָנפירונג פון אינזשינער רהל שוואַרצבאַרט'ס מאן.

די ארבעט איז באשטאנען אין דריי גרויסע גריבער. מען האט געקענט די גריבער אויסגראָבן אויך אָן א אינזשינער. אבער כדי צו פארדרייען די קעפּ, האָט מען געמאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט.

א חודש האבן מיר געארבעט ביים אויסגראָבן די דריי גריבער אין פיאַטידין. מיר האבן געשלאָפן ביים פריץ אין די סטאַדאָלעס, במשך פון גאנצן חודש. ספּעציעלע קיכן פלעגן אונז ברענגען עסן צום פלאַץ. אזוי זענען מיר געווען אָפּגעריסן פון שטאט און צעשייט פון דער חברה.

אין דער צייט האט מען געפירט אונטערהאנדלונגען. די געשטאַפּאָ האט געפאָדערט א קאָנטינגענט פון עטליכע טויזנט מענשן. דער יודנראט האט געוואָלט אָפּקויפן מיט גאָלד, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער יודנראט האט צולעצט געענטפערט: איר קענט זיך נעמען וויפל איר ווילט, מיר וועלן קיין קאָנטינגענט נישט געבן.

און אזוי איז געשען. ענדע מאָנאַט האט מען אונז אלעמען געפירט פון דער ארבעט אין די געטאָס, און מען האָט גלייך פאָרדאָפּלט די וואך ביי דעם טויער. ניט קוקנדיק

אויף דעם, וואָס יעדער האט געוווסט, אז עס וועט זיין א פּאָגראָם, דאך האט מען געקלערט: אפשר וועט געשען א נס.

גייענדיק פון פיאטידין האב איך זיך פּרובירט ארויסצודרייען פון די רייען. אבער דער געביטס־קאָמיסאר און זיינע געהילפס־לייט האבן געריטן אויף פערד ביי די זייטן פון אונזערע קאָלומנעס און אכטונג געגעבן.

ווען מען האט אונז ארייַנגעפירט אין געטאָ, האט מען ביי אונז צוגענומען די רידלעס, און פארמאכט דעם טויער

אין געטאָ זענען די מענשן געשטאנען אין רעדלעך, ווילד צעשראָקענע. עס איז צוגעפאלן די נאכט. איך בין אריין צו לאזאר גייפלער אין שטוב. זיין פרוי מונדל קאנאט זיצט און קלאָגט. זי איז איצט צוריקגעקומען פון אויסער דעם געטא, ווו זי איז געווען שוין חדשים. לאזאר דערציילט מיר, אז דר׳ כץ איז ביי אים געווען אין אָוונט און געבעטן אזא פראשעק, וואס מען באנוצט צו מאכן בילדער. דאס איז אַ סם, זאגט ער צו מיר.

מיר מוזן זיך די נאכט ארויסרייסן פון געטאָ. מיר נעמען זיך צוזאמען א פאר חברה. ס׳איז שוין פינסטער. מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט קריכן מיר אויף אלע פיר צום טייך. אבער פלוצעם: מען שיסט. מיר קריכן צוריק. קיין שום ארויסגאנג פון געטאָ. דער געטאָ איז ארומגעשטעלט ארום און ארום. ביי יעדן צווייטן סלופ שטייט א אוקריינער מיט א ביקס גרייט צום שיסן. מיר זענען אומבאהאלפן. קיין רעטונג! יעדער קריכט צוריק אין זיין באהעלטעניש.

די נאכט לויפט שנעל. כ׳וואלט וועלן אויפהאלטן די נאכט מיט אלע כוחות, כ׳וואלט וועלן זי זאל אייביק דויערן.

מען געזעגנט זיך מיט שוועסטער, ברידער, מאמעס. מען קושט זיך. מען וויינט. קיינער שלאָפט ניט. יעדער זוכט ווי טיפער זיך צו באגראבן.

5 א זייגער פרי הערט מען ווי די אוקריינישע פּאָליציי מארשירט און זינגט לידער. קורץ נאך דעם הערט מען פון דעם ארבעטער־געטאָ שיסערייען און גוואלדן. דאס הארץ בלייבט שטיין. דאס בלוט פארגליווערט. אויס האפנונג! אויס נסים!...

12 א זייגער, האבן זיך די בעסטיעס אריינגעלאָזט ווי חיות, ווילד שיכור, אין דעם „לעבעדיקן געטאָ".

א סך יידן זענען געזעסן און געוואַרט מען זאל זיי קומען נעמען. א סך האָבן זיך געסמט, גאנצע משפחות. גליקלעכע מענטשן! שטארקע כאראקטערן!

אָפיציעל האט געדויערט דער פּאָגראָם פופצן טעג. נישט אָפיציעל — מער ווי א חודש.

איך און נאך דריי פערזאָן האבן זיך אויסבאהאלטן אונטער א גרויסן שייטער האָלץ. איך בין דאָרטן א גאנצן טאג אַפּגעשטאנען. און איך האב אלץ געהערט, ווי מען האט געשלעפּט מיין מאמען, מיין שוועסטער און ברידער, ווי מען האט זיי געפייניקט און געשלאָגן מיט די ביקסן, ווי זיי האבן זיך געבעטן א ביסעלע וואסער. די קליינע קינדערלעך האבן יאָמערלעך געוויינט. די מאמע שטילט זיי איין: וויינט ניט קינדער, ס׳וועט באלד זיין גוט!

מיין מאמע האט געוווסט, אז איך ליג אין שטאל באהאלטן. האט זי געזאגט: געדענק נחום, זאג קדיש. און איך בין געשטאנען און ניט גערירט זיך. אזא עגאָאיזם! ניט צו פראשטיין!

מען האט זיי געפירט קיין פיאטידין.

נאך זעקס טעג שטיין בין איך ביינאכט, ווי א קאץ ארויס צו זוכן עסן. כ׳בין געקראָכן אין די שטיבער. פלוצעם האב איך באמערקט פאליציי. כ׳בין ארויף אויף א בוידעם. דארט בין איך פארבליבן א גאנצן טאג. כ׳קוק ארויס צווישן א שפארונע, און זע ווי צווישן די שטיבער גנבט זיך א ייד, אָפּגעריסן, בארוועס. ער גנבעט זיך צום ברונעם, אויף דעם הויף ביי ברוך גוז. איך בין אים מקנא: ער וועט באלד טרינקען וואסער. ער איז שוין ביים ברונעם. ער כאפּט דעם קעסל מיט ביידע הענט, שלעפּט צום מויל. פלוצעם דערזע איך פון אונטן א אוקריינער. כ׳וויל שרייען. אבער פלוצעם, א שאָס, און דער ייד פאלט טויט. איך בין אים מקנא. דער מערדער באזוכט אים, און איז צופרידן, ער שמייכלט.

דאס בילד האב איך א לאנגע צייט ניט געקענט פארטרייבן; עס האט מיר געמאטערט, ביז איך האָב אנגעשריבן א ליד „דער לעצטער טרויעריקער זונטיק". מען האט דאס ליד געזונגען אין געטאָ.

מאשינען מיט מערדער קומען אָן אלע ווײַלע אין געטא. מען שלעפּט פרויען און קינדער. מען ווארפט אויף די אויטאס, טויטע און לעבעדיקע צוזאמען. אויף דער ערד זיצן טויזנטער יידן. מען ווארט אויף דער ריי. פיר פאליציי פירן א פארטיע פון זעכציק־זיבעציק יידן. אלע מוזן זיצן אויף די קני, דעם קאפּ אַראָפּ.

אויף דעם וועג רעדן א פאָר חברה: לאמיר שפּרינגען. וואס וועט זיין, וועט זיין.

ביים וואלד, פינף חברה הויבן זיך מיטאמאל אויף און מען שפּרינגט. מען שיסט. זיי בלייבן אין וואלד ביז ביינאכט.

א גרויס פעלד. פון צוויי זייטן ארום וואלד שלענגלט זיך א טייכל, וואָס קומט פון לוג און פאלט אריין אין בוג. ארום און ארום גרינע פעלדער. אין דער מיטן: דריי גרויסע גריבער, וואס מיר האבן מיט אונזערע אייגענע הענט געגראבן.

אויף דעם פלאץ קומען אָן די ערשטע אויטאָס מיט יידן. די געוויינען רייסן זיך אין הימל. די גויים פארמאכן די לאָדנס און טירן. עס הויבט זיך אָן...

ביים טיש, באשטעלט מיט פלעשער בראנפן, שפּילט א פאטעפאָן. ביים טיש זיצן און גיבן באפעלן דער געביטס־קאָמיסאר וועסטערהיידע און זיין סעקרעטארין אננא אַלטפאַטער, די וועלכע האט קליינע קינדער ביי די פיסעלעך צעריסן. לעבן זיי זיצט דער בלוט טרינקער קעלער, דער וועלכער האט זיך אונטערגענומען צו שיסן פאר צוואנציק מארק פון א קאָפּ, און א חודש אורלויב. ער שטייט און



קטע מבור ההריגה בפיאטידין.
א פראגמענט פון טויטן־גרוב אין פיאטידין.



המצבה על קבר האחים בפיאטידין.
די מצבה אויפן ברידער־קבר אין פיאטידין

גיט באפעלן, אויסצוטאָן זיך נאקעט, און צו צוויי געארמט אריין אין גרוב.

עס זיצט אן אלטער ייד אין טלית און קוקט אין ספר און מורמלט שטיל. דער געביטס־קאָמיסאר הייסט זיך אים אויסטאָן און נעמען א יונגע מיידל און טאנצען. ער שרייט: טאנצן. דאס מיידל שטעלט זיך אנטקעגן. דער אלטער ייד וויינט: זארג זיך ניט טאָכטער. זייער ענדע קומט שנעלער ווי זיי גלויבן! דערפאר מוז דער אלטער זיצן ביים גרוב א לאנגע צייט און צוזען ווי מען שיסט אויס זיינע קינדער און אייניקלעך.

צום גרוב גייען פאָרלעך געארמט. מען מוז זיך אויס־לעגן גלייך. עס הערן זיך צוויי קנאלן... און מען גייט ווייטער — —

ארום דעם פעלד שטייען אויסגעשטעלט דייטשן מיט אוקריינער מיט מאשינגעווער. די פרויען פאלן אין חלשות. קינדער מיט צעשראָקענע אייגעלעך קלאמערן זיך און די עלטערן. די פאָטערס אומבאהאָלפן קוקן זיך ארום. א סך ווערן משוגע. מען וויינט. מען לאכט. ביים גרוב שלאָגט זיך מונדיק שטערן: ער קען שוין ניט מער ווארטן, ער וויל שוין וואס גיכער אריין אין גרוב.

אזוי — פופצן טעג. — —

יעדן אוונט ברענגט מען די קריסטן פון דער געגענט, זיי זאלן פארשיטן די גרוב.

דריי פולע גריבער. זעכצן טויזנט יידן — — —

די מערדער האבן אויסגעקליבן די שענסטע געגענט פאר דער פארניכטונג פון די לודמירער יידן. די וועלדער און דאָס טייכל, וואס רינגלט ארום דעם פלאץ —זיי זענען די איינציקע געבליבענע שטומע עדות, וואס האבן זיך צוגעקוקט צום שרעקלעכן מארד.

אזוי האט זיך פארענדיקט דער ערשטער פאָגראָם, און עס האבן זיך אנגעהויבן די צוגרייטונגען צום צווייטן

## אין די בונקערס פון געטא

לודמיר 12/11 1942.

דאנערשטיק. ביים ארבעטס־אַמט שטייען שוין די פירער קודיש, שיינקעסטל און רעגאל. יעדערער שטודירט זייערע מינעס. מען וויל ארויסלייענען פון זייערע געזיכטער וואס הערט זיך, ווי מיר האלטן.

קודיש מעלדעט, אז היינט דאנערשטיק ביז 8 ביינאכט מוזן אלע, וועלכע האבן פאַך־אויסווייזן, זיך איבערציען אויף זאריצע, וואו עס איז געווען דער לייִדיקער געטאָ. יעדער בלייבט פאַרגליווערט. איינער קוקט אויף דעם צווייטן; מען איז ניט מקנא די וועלכע בלייבן דאָ איבער, מען פארשטייט וואס דאס דארף באדייטן.

מיט געבויגענע קעפ צוגייען זיך די יידן פון דער ריי. אלע געדאנקען דרייען זיך ארום איין פונקט: וואו באהאלט מען זיך, ווי אזוי ראטעוועט מען זיך. ווי מיט פיבער דרייען זיך מענשן מיט ארויסגעזעצטע אויגן און בלייכע איינגעפאלענע באקן.



יעדער ווייסט וואס היינט וועט געשען. מען דרייט זיך ביי די דראטן ווי חיות אין שטייגן. פארן ארויסגיין פון געטאָ שיסט מען — און אויב מען בלייבט דא, וועט אפשר, אפשר גאט העלפן.

ווען די נאכט פאלט צו, ווערט אין געטאָ פינצטער: מען צינדט ניט קיין לאָמפּ. שאָטנס שלייכן זיך אונטער די ווענט. גרופקעס פון איינצעלנע דרייען זיך אום ביי די דראַטן און שושקען זיך. די שטאט איז טויט שטיל, ווי פאר א געוויטער. פון צייט צו צייט הערט מען אַן אייליקן טריט פון שטיוול: דאס איז די וואכע. מען ציט זיך צוריק אונטער די ווענט. עס ווערט שטיל. מען קריכט דורך די דראטן, מען פארשווינדט אין דער פינסטער. א גליקליכער.

די נאכט לויפט מיט א שנעלן טעמפא. אין דער פינצ־טער פון דער נאכט קריכן ארום שאטנס, מען גראבט לעכער צו באהאלטן זיך.

5 א זייגער אין דער פרי צורינט די פינצטערקייט. מארשירנדיקע באצוועקעוועטע שטיוול און גרוילעכע אוק־ריינישע לידער רייסן איבער די נאכט־שטילקייט.

דער געטאָ ווערט ארומגערינגלט מיט בלוטדורשטיקע מערדער אונטער דער פירערשאפט פון דייטשן.

ווי א בליץ פליט די נייעס דורך דעם געטאָ. קיינער שלאָפט ניט. עס ווערט א פאניק. קליין און גרוס, יונג און אלט, יעדער לויפט, יעדער וויל בלייבן לעבן. א גרופע יוגענט מיט צוויי רעוואָלווערן באַשליסן דורצורייסן די דראָטן מיט שטורעם, און פאלן מיט שטאלץ: נאך זיי לויפן פילע. ווען זיי קומען נאנט צו די דראָטן צעפייפן זיך די אויטאָמאַטן פון די מערדער. מען פאלט ווי די זאַנגען אין שניט, ניט באַנוצנדיק די רעוואָלווערן. חברה ליגט אין טייכן בלוט, נישטא קיין רעטונג, נישטא קיין נסים.

עס פארן אריין די אויטאָמאָבילן, און עס הויבט זיך אָן די שחיטה.

מענער, פרויען, קינדער זענען ווי משוגע, מען קושט זיך, מען ספאזמירט. עס קלאַפּן קאָלבעס איבער די קעפ פרויען און קינדער פאלן ווי פליגן, בלוט גיסט זיך. מען שיקט געפאָקטע אויטאָס מיט לעבעדיקע און טויטע, בלוט באצייכנט דעם וועג פון לודמיר קיין פיאטידין.

די מערדער שרייען. מען שלעפט ארויס מענשן פון די קעלערס. די טיפסטע באהעלטענישן ווערן אויפגעריסן מיט גראנאטן.

אזוי יעדן טאג פון פרי ביז ביינאכט. ביי נאכט אין געטאָ ליגן פארשטעקט אין די נארעס די, וועמען די מער־דער האָבן נאך ניט דערגרייכט. זיי דערשפירן הונגער און דורשט. דריי טעג האבן זיי גארניט געפילט. בלויז דער חוש פון הערן האט געארבעט. און יעצט ביינאכט, ווען ס'איז שטיל אין געטאָ דערשפירט דער מענש, אז זיין קערפער לעבט און דארף עסן און טרינקען.

א סך זאגן, אז ס'איז בעסער צו שטארבן איידער זיך לאזן כאפן פון א אוקריינער. אַנדערע פרובירן ארויס־קריכן. עס איז געפערלעך, מען ווייס ניט ווו דער שונא געפינט זיך; מען ווייס ניט פון וואנען דער שאָס וועט

פאלן. פון ליגן אין בונקער עטלעכע מעטער אין דער ערד איז פינצטער אין די אויגן, עס ציטערן די פיס, און יעדע באוועגונג קען דיך דעמאסקירן און ארויסגעבן.

דער בונקער איז זייער א גוטער, עס דוכט זיך א זיכערער. ביי דער פליטע ווו מען קאָכט ווערט ארויס־געשניטן דאס בלעכל, וואס עס פארהיט די בריק פון קוילן, און עס ווערט אויסגעגראבן א פירקאנטיק קעלערל, און אלע פיר ווענט ווערן געשאָלעוועט מיט ברעטער. איין ווענטל קען מען ארויסציען, און מען גראָבט ליגנדיק א קאנאל פון 2 מעטער לענג און 2 מעטער טיף, ביז מען גראבט אויס א קעמערל גרויס ווי א צימער. דארט שטעלט מען אוועק עמערס מיט וואסער און מען גרייט אָן ברויט. די וואנט, וואס גייט ארויס אויף דער גאס איז געשאלעוועט מיט ברעטער; און עס הענגט א קעסטל אין פארם פון אן אָפּטריט־ארט. דאָס קעסטל הויבט זיך אויף און מען גראָבט א קאנאל פון א מעטער לאנג. דאן נעמט מען זיך גראבן אויף דער גאס. עס ווערט גענוי אויסגעמאסטן אין דער ברייט און אין דער לענג. די גאנצע צייט פון ערשטן — ביזן צווייטן און דריטן פאָגראָם איז דער גאנצער געטאָ געלעגן, אין די נעכט, אונטער דער ערד און געגראבן. 5—6 מאן האבן אין פיר טעג פארטיק געמאכט א בונקער פון 4 מעטער לענג און 2 מעטער ברייט. עס ווערט אויך גע־מאכט א סופיט, אויף וועלכן עס ווערט פון דרויסן ארויפ־געקערט מיסט. אין יעדן בונקער האט זיך געשטעלט די פראגע פון לופט, דאס איז געווען דאס וויכטיקסטע אין בונקער.

ביים ענדע פון אונזער בונקער שטייט א גראבער בוים. איין צווייג איז פון אלטקייט אפגעפאלן, און עס איז געבליבן א לאך. מען גראבט אויס אין בונקער א געסל צום בוים, ביז מען דערגרייכט דעם שטאם פון בוים. א זעקס יאריק ייִנגעלע זיצט אין לאך פון בוים. מען קלאפט פון אונטן, ביז מען קלאפט אויס א לאך ביז צום קינד. דורך דער עפנונג וועט מען האבן דאס מינימום לופט אין בונקער.

אבער די אלע בונקערס האבן אבער, ליידער, צו ווייניק געהאלפן צו ראטעווען זיך פון די מערדערס, וועלכע פלעגן אויפרייסן בונקער נאך בונקער.

דאס מאל, האט מען נישט גערירט די, וועלכע האבן געהאט די פאך־אויסווייזן.

יעדן טאג האט מען אונז געפירט צו דער ארבעט צו רוימען די שטיבער פון די, וועלכע מען האט געטויט פאר אונזערע אויגן. מיטן איינשטעלן דאס לעבן, האבן מיר געטראגן עסן און וואסער פאר די, וועלכע זענען נאך געלעגן פארשטעקט.

יעדן טאג האבן מיר אריבערגעפירט צענדליקער מענשן אונטער די שמאטעס אויף די אויטאָס אין אונזער געטא.

כ׳דערמאן זיך פאלן, וואס האבן געמאכט פארגליווערן דאס בלוט. שוין דעם דריטן טאג ווי יונה גאלדבערג האט זיך דערוואוסט ווו זיין מאמע רבקה׳לע ליגט באהאלטן מיט נאך עטלעכע פרויען: זי איז געווען גוט פארמאסקירט ביי מאכלען אין א קעלער.. מיר ארבעטן צוזאמען. ער דערציילט מיר און וויינט. ער איז געווען אין בונקער. אלע גייען אויס פון הונגער. ביים אריינברענגען עסן, שטעלט מען איין דאס לעבן פון די באהאלטענע, ווי אויך פון די, וואס ווילן העלפן. מיר באשליסן יעדן טאג זיי דערלאנגען עסן און וואסער. עס איז שווער, ווייל דייטשן און אוקריינער דרייען זיך אום ווי הונגעריקע וועלף, וואס זוכן קרבנות.

איך גיב אכטונג, און יונה טראגט דאס עסן. אזוי דויערט 4 טעג. איך שטיי און קוק צו יונה איז ארויס פון קעלער, און פלוצעם דערזע איך אוקריינער און דייטשן. איך גיב דעם סיגנאל. יונה באווייזט ארויסצושפרינגען און מיר פארשווינדן. זיי האבן אבער באמערקט פון וואנען מיר זענען ארויס. עטלעכע שעה האבן זיי געזוכט אין דער גאנצער סביבה, און ענדלעך געפונען דעם בונקער. מיר רייניקן די צווייטע דירה. מיר שטיקן די טרערן און האבן מורא צו וויינען. מען שלעפט ארויס די פרויען ביי די פיס. יונה׳ס מאמע פאלט דעם דייטשן צו די פיס. ער גיט א קאפּע מיט די שטיוול און שרייט ווילד: זאג ווער עס האט דיר עסן געבראכט, און דו בלייבסט לעבן. אויב ניט שיס איך דיר! 5 אלטע פרויען ליגן אויף דעם שאסיי, און די דייטשן און אוקריינער שטייען ארום און שלאגן זיי מיט פריקלאדן. איין פרוי זאגט, אז דאס איז אירס א זון, און ווייזט אויף רבקהן. זי וויינט און שרייט, אז דאס איז ליגן. „זאג דעם נאמען ווי ער הייסט,״ שרייט דער דייטש און קלאפט מיט די שטיוול אין קאפ.

מיר נעמען צוויי פעק זאכן און גייען אריבער אין דער צווייטער זייט. אין מיטן וועג הערן מיר צוויי שאסן. יונה דרייט אויס דעם קאפ און זעט נאך די לעצטע גסיסה־מינוט פון זיין ליבע מאמע. מיר גייען אוועק און שווייגן. א לאנגע צייט האבן מיר געשוויגן.

אין אלע גאסן טויט. א ספעציעלע גרופע טראגט צו־זאמען די טויטע. מיר טראָגן די טויטע אין טורמע אריין און קלערן: מארגן וועט מען אונז טראָגן. אין טורמע שטייען אָפּן צוויי גריבער. איין גרוב מיט קינדער. ניט ווייט פון גרוב ליגט א גרויסער שטיין, אפשר פון 50 קילא געוויכט. אויף דעם שטיין זענען באקלעבט מיט פארשידענע האר פון קינדער. דאס איז די ארבעט פון דער פרוי מערדערין אננה אַלטפּאַטער, וועלכע האט גענומען די קליינע קינדער ביי די פיסלעך און געקלאפט אין שטיין, צעקלאפט דאס קעפל און אריינגעווארפן אין גרוב. און אויף דעם שטיין זענען געבליבן די האָר פון די קינדערלעך, פון אלע קאָלירן. ניט איין טאטע האט דערקענט די האר פון זיין קינד. ער האט פארביסן די ליפן ביז בלוט און געשלונגען די טרערן. זיין איינציקע טרייסט איז געווען, אז מארגן וועט ער אויך זיין מיט זיי צוזאמען.

מענשן ווי שאָטנס דרייען זיך ארום. מען שלעפט קוים די פיס פון צרות און הונגער. יעדן טאג ביטערע נייעס.

אט דערוויס איך זיך, אז מען האט אנדעקט די גרופע וואס איז געווען באהאלטן און א בונקער, אין וואַלד ביי דער צעגעלניע, אלע זענען דערשאָסן געווארן. דארטן זענען געווען קויקע קאוואלסקי, יוסף פילץ. ביי 15 ייִנגלעך און מיידלעך מיט עטלעכע ביקסן. א געוויסן טאג האבן זיי אויסגעוואשן

א ביסל וועש און אויסגעהאַנגען אין וואלד. א גוי האט עס באמערקט און באלד געמאלדן אין געשטאפא. גלייך זענען געקומען אוקריינער מיט געשטאפא. ארומגערינגלט דעם ארט. די חברה האבן באמערקט און פארטיידיקט זיך ביז דער לעצטער קויל. קיינעם האט מען ניט גענומען לעבעדיק. די מערדער האבן פון ווייטן באווארפן דעם בונקער מיט גראנאטן. נאך עטלעכע שעה קעמפן, מיט דריי ביקסן און ווייניק קוילן, איז שטיל געווארן אין בונקער. די גראנאטן האבן פארענדיקט דאס לעבן פון די שטאלצע יינגלעך און מיידלעך. צוויי פון זיי האבן זיך מיט ניסים ארויסגעראטעוועט: יוסף פילץ און א רוסישער ייד, וועלכער איז היינט אין אמעריקע, פיעטע גוטמאן.

דעם צווייטן טאג אין דער פרי האבן מיר געטראפן א טויטן יוסף פילץ, ער איז געלעגן אין שמאטש ביי דער טורמע.

אַזוי זענען געגאנגען טעג און וואכן. מיר, מיט די פאך־אויסוויזן האבן געארבעט, געראמט די שטיבער און צוזאמענגעפירט די זאכן אויף איין ארט, אין דער רויטער שולע אויף זאריצער. און דאָ האט מען יעדן טאג ארויסגעשלעפט אין די הונדערטער און געשאסן, און מיר האבן אלע געמוזט צוקוקן.

יעדע ווינונג, וואס מיר האבן גערייניקט האט דערציילט איר באזונדערע טראגעדיע. יעדע זאך, וואס מיר האבן געטראגן האט גערעדט, דערציילט פון א לעבן, וואס איז שוין ניטא. די צעריסענע זאכן האבן דערציילט געשיכטעס פון זיידעס, באבעס און קליינע קינדער, וואס זייערע געלעכטערס פלעגן ווייט קלינגען, און איצטער זענען זיי שטום. שיכלעך, זאקן, טליתים, תפילין, צעריסענע גמרא׳ס.

נאך עטלעכע וואכן האט זיך אפיציעל פארענדיקט דער צווייטער פאגראם. די שטיבער ליידיק. אלע זאכן געווען אויף איין ארט. מען האט סארטירט די זאכן. די גוטע זענען געשיקט געווארן קיין דייטשלאנד. די געמיינערע האט מען פארטיילט יעדן דייטש, יעדע שיקסע, און אלע גויים זענען געגאנגען אָנגעטאן דיין מאמעס, דיין ברודערס זאכן. עס גלוסט זיך צולויפן אראפרייסן פון זיי, אבער דו כאפסט זיך, אז די וועלט איז ניט דיינע.

אין פאך־געטא האבן מיר זיך צונויפגעקליבן אייגענע חברה 15 מאן אין איין צימער, 4 מעטער די לענג און 3 ברייט. מיר האבן געוואלט זיין צוזאמען און באקלערן.

עס איז געווען אנהויב 1943. קודיש, שיינקעסטל און רעגאל זענען געווען די עלטעסטע פון געטא. קודישעס פרוי, רבקה קרענדיס פלעגט זאגן: מען דארף ניט בעטן אויף קיין נייע מלוכה.

ביי אונז אין צימער האבן געוואוינט איך, מיטעק בארענאלץ, יצחק טוטעל אייזן, יצחק רייבער מיט די קינדער.

ווען עס האט זיך געענדיקט דער צווייטער פאגראם, זענען געבליבן אין פאך־געטא אפיציעל 1.500 יידן, אבער אין דער אמת׳ן זענען נאך געווען באהאלטן אין די פעלדער און ביי די קריסטן נאך א 500 מאן.

מיט די אנגעפארענע פון איבער דעם בוג און פון דער אומגעגנד, האט מען געציילט אין געטא 22.000 יידן. 16.000 זענען דערמארדעט געווארן ביים ערשטן פאגראם, 4.000 — ביים צווייטן. מיר, די איבערגעבליבענע 2.000 ווארטן אויף אונזער ריי. מיר האבן שוין געקענט די מערדער און אלע זייערע שטיק. די מערהייט יידן האבן זיך באזארגט ערטער ביי קריסטן פאר גרויסע סומען געלד.

אָבער ליגן אין גריבער האט מען נישט געקענט, אין דער צייט ווען עס האט עקזיסטירט דער געטא; די קריסטן האבן געזאגט, אז מיר ווילן נישט זיין אין געטא, ווייל מיר ווילן נישט ארבעטן.

דאס געטא איז באשטאנען פון 17 געביידעס; דא זענען געווען שוסטער, שניידער, היטלמאכער, מאלער, סטאלער, מילער, פאטאגראפן (בלויז פאר דייטשן), א בעקעריי, א בראנפן־פאבריקל, א וועשעריי, בערשט־פאבריקל, קאַפערטן מאכער, שילדן־מאלער, בענדלעך צו שיך־פאבריקל. די אלע ווארשטאטן און די אלע געטא איינוואוינער האבן זיך געפונען אין די 17 געביידעס. אויסער דעם האט יעדער געגראבן אין זיין וואוינארט אזוי, אז אונטער דער ערד זענען געווען צו 3—4 בונקערס אונטער א געביידע. איין צימער האט ניט געוואוסט פון צווייטן. אין איינעם אזא בונקער האבן מיר אנגעהויבן איינשטעלן א ראדיא. דאס איז געווען איינע פון די געפערלעכסטע זאכן. נאר א דאנק מיטעק בארענאלץ, וועלכער האט געארבעט ביי די דייטשן ביי ראדיאס, איז געלונגען צוזאמענשלעפן טיילן. עס האט לאנג געדויערט ביז מען האט דעם ראדיא־אפאראט צוזאמענגעשטעלט.

שפעטער האבן מיר אנגעהויבן זאמלען געלד אויף געווער. א רעוואלווער האט געקאסט 16 גאָלדשטיקלעך צו 5 רובל. מיט דעם געלד איז ניט געווען אזוי שווער, ווייל אין געטא זענען געווען אזעלכע, וואס האבן געהאט צו 300 פינפערלעך. אבער דאס קויפן די כלים אויסערן געטא און דאס אריינברענגען איז געווען געפערלעך סכנות׳דיק. מיר האבן אויך געזוכט א וועג אין וואלד אריין. דאס איז געווען זייער שווער, ווייל יעדער איינער פאָליאַק און אוקריינער, האט געהרגט יידן.

אין יענער צייט, אין מיטן פון 1943 איז די אוקריינישע פאליציי פון די דייטשן אנטלאפן אין וואלד מיט דעם געווער, בראש מיט זייער קאמענדאנט קוואסניצקי, סערזשאנט פון פוילישן מיליטער. אויף זייער ארט האבן די דייטשן מאביליזירט אין דער פאליציי פאליאקן, און זיי געשיקט זוכן די אוקריינער. עס האט זיך אנגעהויבן א קאַמף צווישן די פאָליאַקן און אוקריינער. אין די דערפער, וואו ס׳האבן געוואוינט מער אוקריינער האבן זיי געהרגט די פאליאקן, און פארקערט, אין די באזעצטע דערפער מיט פאליאקן, איז מען אנגעפאלן אויף אוקריינער. אזוי האבן זיך געשאפן צוויי באזונדערע געגנטן. אלע דערפער פון קאָוולער זייט האבן פארנומען פאָליאַקן, דער צענטער איז געווען ביעלין. די אוסטילער געגנד און זאריצע האבן פארנומען די אוקריינער. אין דער זעלבער צייט זענען אויך די פוילישע פאליציי אנטלאפן מיט דעם געווער.

דאן האבן מיר אנגעהויבן זוכן א קאָנטאַקט מיטן אויסערן געטא. דערווייל, וואו מען האט נאר באגעגנט א יידן האט מען אים געהרגט, סיי די פאָלאַקן און סיי די אוקריינער. דורך

דעם ראדיא האבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דער לאגע אויפן פראנט, אזוי אז מיר האָבן געוואָלט זיין וואס ווייטער פונם געטא. מיר האבן אנגענומען א באשלוס פארבינדן זיך מיט פארטיזאנער.

א צופאל האט מיר דערמעגלעכט צו פארבינדן זיך מיט א גאָניעץ (א קוריער) פון פוילישן שטאב. עס איז געווען א זונטיק. איך בין געווען ביי מיין קריסט אין שטוב, ווו מיין פרוי איז שוין געווען זייט א לענגערע צייט. מיר זענען דארט געבליבן נעכטיקן. 9 אזייגער קלאפט מען אין דער טיר. מיין קריסט פארשטעקט אונז אונטער דער שאפע און עפנט די טיר. א יונגער שייגעץ קומט אריין, באגריסט זיך און בעט אריין דעם קריסט אין צימער, ווו מיר זיצן אונטער דער שאפע, ווייל אין דער קיך זענען געזעסן אנדערע קריסטן.

ער זאגט צו מיין קריסט, אז ער דארף אים איבערגעבן וויכטיקע זאכן, און פרעגט אים צו ער קען רעדן. דער בעל הבית האט ניט קיין אנדער ברירה און זאגט: יע. דער שייגעץ דערציילט אז ער קומט פון שטאב. אזוי ווי מיין בעל הבית קען פאריכטן געווער, האט ער א באפעל פון שטאב אנצונעמען די אויפגאבע: מען וועט ברענגען צעבראכענע שטיקלעך כלים, און ער דארף מאכן אלץ אין ארדנונג. עס וועט קומען א קריסטין, און דאס פאריכטע געווער דארף ער איבערגעבן איר קיין ביעלין לויט א פאראל. פון היינט אן הייסט מיין קריסט ניט ווילעק, נאר טיגריס. דער שייגעץ געזעגנט זיך און גייט אוועק.

מיין בעל הבית רופט אונז ארויס פון הינטער דער שאפע און זאגט: — „איך האט געהערט אלץ. איך בעט אייך, אז קיינער זאל דערפון ניט וויסן”.

איך זאג אים צו און בעט אים ער זאל מיר דערמעגלעכן אנשליסן א קאנטאַקט מיט אזא פערזאן. אין עטלעכע טעג ארום גיט ער מיר צו וויסן, אז ער האט באשטעלט א בעגעגעניש מיט מיר. איך קום צו דער באשטימטער צייט. דער קריסט שטעלט מיך פאָר און זאגט, אז ער איז פאראנטווארטלעך פאר מיר, מען קען מיט מיר רעדן. איך לייג פאר דעם פארבינדלער צו ברענגען גוטע בחורים און מיידלעך, מיר קענען געבן גאלד אויף געווער. מיר שמועסן א לענגערע צייט און ער זאגט מיר צו אלץ איבערגעבן אין שטאַב אין ראוונע.

אין א וואָך ארום האבן מיר ווידער א באגעגעניש. ער קומט צו דער צייט און גיט איבער, אז צו זיין באדויערן האט די מערהייט פון שטאב אפגעווארפן אונזער פארשלאג, מאטיווירנדיק מיט פאָלגנדיקע צוויי פונקטן פארוואס מען קען אונז ניט אריינעמען אין דער קאנספיראציע: ערשטנס, מיר יידן האבן אַנטוואָפנט פוילישע אָפיצירן ווען די רוסן זענען אריין אין לודמיר. צווייטנס, און דאס איז דאס וויכטיקסטע: איין ייד גיט ארויס דעם צווייטן צו די מערדער, זיי וויסן פון אזעלכע פאלן אין געטא. אזעלכע מענשן קענען זיי אין דער קאָנספיראַציע ניט אריינעמען. איך האב געוויינט, דאס איז געווען אונזער לעצטע האפנונג. איך זאג אים, אז אייך ווילן פאר אונזערע 200 בחורים, מיין קריסט וויינט מיט מיר און טרייסט מיך. איך האב אלץ געטאן זאגט מיר דער פארבינדלער און געזעגנט זיך מיט אונז. ווען די חברה האט מיך געזען נאך דעם געשפרעך מיט אים, האבן זיי מיר שוין גארניט געפרעגט, זיי האבן אליין פארשטאנען. איך האב זיי איבערגעגעבן דעם געשפרעך. מען האט פארביסן די ליפן און געשוויגן.

מיר האבן געמאכט נאך פרווון זיך צו פארבינדן מיט די פארטיזאנער. מען האט אונז געשטעלט אלס באדינגונג צו געבן א גרויסע סומע געלד, און אז אין דער גרופע, וואס זאל צו זיי צושטיין, זאָל אויך זיין דער כירורג ד״ר פאדליפסקי, א וואַרשעווער דאקטאר, וועלכער איז געלעגן די גאנצע צייט באהאלטן, ווייל די מערדער האבן אים געזוכט. איןווארשע האט מען אים גערופן „זלאָטא ראָנצ׳קאַ” (גאלדענע הענטל). מיר האבן וועגן דעם געשמועסט, אבער מיר האבן אין דער צייט פארשטאנען זייערע כוונות.

צו דער זעלבער צייט האבן זיי אויך אנגעהויבן צו הרגענען רוסן און יידן, ווו זיי האבן זיי נאר באגעגנט.

מיר האבן געמאכט נאך אנדערע פרווון, אבער עס האט זיך אונז ניט איינגעגעבן. יעדער פאליאק האט געוואלט נאר זען אונזער בלוט.

אין איינעם פון די לעצטע חדשים פון 1943 האט מען געכאפט אין שטאט פאָליאַקן אויף ארבעט אין דייטשלאַנד. דער געביטסקאָמיסאַר וועסטערהיידע האט גענומען אונזער ארדנונגסדינסט, די יידן, אז זיי זאָלן כאַפן די פאָליאַקן. איין ס.ס.־מאן און צוויי יידן האבן געכאַפט פאליאקן אויף ארבעט. דער געביטסקאמיסאר וועסטערהיידע האט דערמיט דערגרייכט זיין ציל. די פאָליאַקן האבן אנגעהויבן ארויסצוגעבן די יידן פון די בונקערס.

דעם 13 דעצעמבער 1943, 7 פרי, ווען מיר האבן זיך געשטעלט צו דער ארבעט ביים ארבעטסאמט, האט מען ארומגערינגלט דעם געטא און פון אלע זייטן גענומען אויף אונז שיסן. עס איז געווארן א פאניק. עס זענען געפאלן טויטע איינער אויפן אנדערן. מענער, וועלכע האבן געוואלט לויפן דורך דעם טייך זענען געשאסן געווארן פון יענער זייט. דאס מאל האבן אנטייל גענומען אין פאגראם וולאַסאָווצעס, רוסן ניט קיין קלענערע מערדער פון אלע אנדערע.

עס האט געברענט פון אלע זייטן. געוויינען און רופן האבן געריסן די הערצער. פרויען האבן געזוכט די מענער. קליינע קינדער אויפגעוועקטע פון שלאף זענען נאקעט ארומגעלאפן און געזוכט די מאמעס. מאמעס, פארוואונדעטע, דורכגעשאסענע, כאפן די קינדער און לויפן גלייך אין פייער. מען פארשטעקט זיך אין די לעכער. פלוצעם ווערט שטיל, ליידיק. בלויז טויטע אין די צענדליקער. פארוואונדעטע קאטשען זיך און יאמערן.

עס מארשירן אריין די מערדער מיט געזאנג, אלס זיגער. זיי שלעפן אויף די אויטאס די פארשטעקטע און די, וואס האבן ניט באוויזן זיך צו באהאלטן. מען פירט אין די אויטאס אויך קאדיש מיט זיין פרוי קרענדיס, זיי זיצן מיט אלע גלייך. אן ס.ס.־מאן זאגט צו קודישן: עס גייט אלעס פאריבער, עס גייט אלעס פארביי, נאָך יעדן דעצעמבער קומט ווידער דער מאַי.

דאָס מאל פאָרן די אויטאס אין אן אנדער ריכטונג: לודמיר־כוואַלימיץ. דארט פארברענט מען די יידן, ניטא קיין צייט צו גראבן גריבער.

15 טעג בין איך געלעגן אין בונקער. וואו עס האבן געקענט אריין 8 פערזאָן, זענען מיר אנגעלאָפן 18 מאַן. נישטא קיין לופט. איינער ליגט אויפן צווייטן. פרויען חלשן. דאס אנגעגרייטע עסנווארג גרייכט אויף 2 טעג. מיר הערן דורך די ליפטעס ווי מען פירט גאנצע גרופן, מען וויינט, מען בעט זיך. זידל ווערטער און קלעפּ מיט די ביקסן קומען אלס ענטפער.

דעם פערטן טאג, 9 אין דער פרי האט מען דערטאַפּט די לופטעס פון אונזער בונקער. צוליב דער היץ וואס איז געגאנגען פון בונקער, איז צעגאנגען דער שניי ארום די לופטעס. אבער זיי האבן געגראבן אין דער פארקערטער ריכטונג, און גלייך פארשאטן די לופטעס. מיר בלייבן אָן לופט. זיי זענען זיכער, אז זיי האבן אונז שוין, אדער זיי וועלן אונז אויפגראבן, אדער מיר וועלן אליין ארויסגיין. מיר באשליסן בעסער דערשטיקט צו ווערן און ניט ארויס־צוגיין פון בונקער. מיר פאלן אריין אין א צושטאנד פון חלשות. שעהן ציען זיך ווי יארן. מיט די לעצטע קרעפטן רייס איך זיך צו דער עפנונג, וואס גייט ארויס אין קאנאל און פון קאנאל אין שטוב. איך עפן די עפנונג צום קאנאל. אויף דער עפנונג פון שטוב ליגט א טויטער. עס קומט א ביסל לופט. מען ליגט אזוי ביז 8 ביינאכט.

ווען עס ווערט שטיל אין געטא, באשליסן מיר צו פארלאָזן דעם בונקער. מיט שוועריקייט רוקן מיר אָפּ דעם טויטן פון טירל. איך און מיין פרוי, יונה גאלדבערג און זיין כלה, רוקן מיר זיך לאנגזאם די ערשטע ארויס אין שטוב. ארום איז חורבן. דורך דעם פענצטער זעען מיר די וואַכע און הערן זייערע טריט. די וואכע זיצט אין א דערבייאיקער שטוב. דער וואס שטייט אויפן וואך גייט ארום הין און צוריק ביי דער שטוב; ער האט פחד אוועקצוגיין ווייט פון זיינע חברים. קעץ שפרינגען ווי שדים. ביי יעדן סקריפּ שטייט דער וואכמאן גרייט מיטן ביקס צו שיסן.

גיסע באבוך (יונה גאלדבערגס כלה) ווייס דעם צוגאנג צום בונקער ווו עס זיצן אירע עלטערן און שוועסטער און ברידער. מיר קומען צו צום ערשטן טירל. עס איז צוהאַקט, מען האט זיי זיכער ארויסגענומען. מיר קריכן אראפּ אין קאנאל גיסע קריכט צום טירל און הויבט אָן צו רופן טאטע, מאמע! מיר הערן אויף צו אטעמען. פלוצעם דערהערן מיר ווי עס הויבט זיך אָן צו רוקן א טירל. זיי לעבן! מיר קריכן אריין אין בונקער. מען קושט זיך. עס ברענט א קליין לעמפּעלע. איך צייל אויס 22 מאַן. ניט געקלערט ברענגען מיר די איבעריקע חברים פון אונזער בונקער. מיר זענען שוין 40. ניט קוקנדיק וואס דער בונקער איז גרויס, איז שוין ענג, אבער לופט איז דא גענוג. א פּראוויזארישע דאָפּל וואַנט ביים דאך איז אפן און גיט א סך לופט.

איך און יצחק אייזן מיט די פרויען באשליסן דעם 6־טן טאג צו פּרובירן דעם מזל און ארויסגיין פון געטא דורך די אַקאַפּעס וואס זענען געגראבן אין דער גאנצער שטאט. ווען עס ווערט פינצטער געזעגענען מיר זיך און לאַנגזאם, דורך די פענסטער, עס זאל ניט פירן קיין סליאַד אין בונקער, רוקן מיר זיך אריין אין די אַקאַפּעס. אריינשפּרינ־גענדיק אין די אקאפעס שטויסן מיר זיך אָן אן צוויי פערזאָן.

דאס הארץ בלייבט שטיין. איך דערקען שמוליק בערגלאַסאָן מיט זיין פרוי, א זאַמאָשטשער. עטלעכע מינוט שטייען מיר אלע ווי פארגליווערט. מיר בארואיקן זיך און מען קוקט אויס די געגנט. אלץ איז שטיל, מען באמערקט גארניט. די אקאפעס פירן ביז דער קרעניצע ביי די דראטן. מען הויבט אונטער די דראטן און דורך ביאלע בזעגיס קען מען ארויס און זיין געראטעוועט.

דערווייל רוקן מיר זיך לאַנגזאם. נאך יעדן טריט קוקן מיר זיך ארום. דער שניי פארבלענדט די אויגן. מיר זענען שוין ביי די דראטן.

פלוצעם צעפייפט זיך א קוילן־וואַרפער ווי א רעגן אויף אונז. מיר שפרינגען אריין אין די אקאפעס און אויף אלע פיר קריכן מיר צוריק ארונטער דעם בערגל. מען צעלויפט זיך צו 2. מען טאר ניט לויפן אין בונקער, מען קען זיי פאראטן. נאר אין צוויי שעה ארום קומען מיר צוריק אין בונקער. זיי האבן אונז שוין באוויינט, מען האט געהערט שיסן.

יעדן טאג זעען מיר דעם טויט פאר די אויגן. ווען עס קומט די נאכט אטעמט מען אביסל אפ. איינער פון אונז גייט ארויס, מען קוקט זיך ארום. מען זעט די וואכע און דאס ליכט ביי זיי אין פענסטער. יעדע נאכט זעען מיר נייע אויפגעריסענע געביידעס. מען האט שוין ד־ יידן ארויסגענומען אדער פארשאָטן לעבעדיקערהייט. מיר פארשטייען, אז אונזערע פרימארגנס זענען געציילטע. ביינאַכט ווארפט מען גורל ווער זאל גיין מיט 2 עמערס נאך שניי. עס איז דא נאר עטלעכע סאַכארין; קיין וואַסער גארניט. איך נעם די עמערס, איך קוק זיך ארום אין געזעגן זיך, מען קען מיך דאך כאפּן.

יצחק טוטול גייט מיט מיר. קום, ציטער ניט — זאגט ער צו מיר — מען מוז גיין ווייט פון הויז, עס זאל ניט זיין קיין סליאַד. יצחק זאגט מיר שטיל אין אויער: האב ניט מורא, ווען איך וועל שוין טויט זיין, דאן וועל איך דא אימיצן צולאזן. ליג זיכער, שטאפּ אן די עמערס. איך ליג אויף דער ערד צולייגט און ארום מיר שלעפּ איך שניי אין שטופּ אין די קעסלען אריין. איך הער די טריט פון דער וואכע. פאר מורא שיסט ער פון צייט צו צייט. איין עמער איז פול. איך נעם זיך צום צווייטן. ניט ווייט פון מיר שלייכט זיך א ייד באַרוועס, ער זעט מיר ניט. מיר קומען צוריק אין בונקער. מען טיילט יעדן א גלאז שניי מיט א ברעקל סאכארין.

היינט איז דער פערצענטער טאג ווי מיר ליגן אין בונקער. ווען עס קומט דער אוונט, זאגט יצחק צו מיר: קום ארויס, וועלן מיר א ביסל אבסערווירן.

מיר רוקן זיך ארויס, מיר זוכן אין אלע צימערן, מען געפינט א בוריק. מיר גריזשען שטיקלעך און שטייען אונטער די ווענט און קוקן זיך ארום. די וואכע איז ניטא. עס איז פינצטער אין דער שטוב. וואס קען עס באדייטן? שטיל איז ארום. מען הערט ניט קיין טריט און קיינע שיסערייען. מיר קלערן וואס האט היינט פּאסירט? פלוצעם דערהערן מיר פון שטאט זינגען די קאלענדא.

נחום — זאגט יצחק צו מיר — היינט איז די נאכט, וואס מיר קענען זיך ראטעווען. היינט איז קיינער ניטא ארום געטא. יעצט איז די בעסטע צייט.

7.30 גייען מיר אראפ אין בונקער און דערציילן אלץ. טאָמער פרובירן מיר ניט היינט, איז שוין קיינמאָל ניט.

איך גיי דער ערשטער מיט מיין פרוי. יונה מיט זיין כלה זאָגן מיר: מיר גייען די ערשטע!

יונה מיט זיין כלה גייען, איך דארף גיין אין א פערטל שעה ארום. מיר גייען אין דער זעלבער ריכטונג: יונה גייט אויף הורוצלסקי, איך — אויף שפיטאלנע. יונה זאגט צו מיר שטיל: נחום, קוים וועט זיין שלעכט, וועל איך שרייען, זאלסטו ניט גיין. איך וועל ניט ארויסגעבן, אפילו ווען מען צעשנייט מיך אויף שטיקער.

יונה מיט גיסען גייען ארויס דורכן פענצטער. איך הער זייערע טריט דער שניי סקריפעט. אין א פערטל שעה אַרום גיי איך. זיי געזונט יצחק טוטיל, ביזט געווען א גוטער חבר אין אזעלכע צייטן!

מיר גייען אראָפ פון בערגל אויף דעם פעלד, וואָס פירט צו סיאטעצקעס. מיר גייען טריט ביי טריט, די פיס ציטערן פון ליגן אין בונקער. דער פראָסט ווירקט אויפן קאָפ, איך האלט מיין פרוי אונטערן ארעם, איך טראָג זי. איך הער רעדן רוסיש: דאס זענען די וולאַסאָווצעס. מיר קלייבן זיך צו צו דער וואַנט פון א שטוב. זיי גייען דורך אראָפגייענדיק פון די טרעפ אויף די בריקלעך פון אוסטילער וועג. מיר גליטשן זיך אויס; די פיס ציטערן. מיר הערן געלעכטער פון שיכורים, מען לאַכט פון אונז. מיר גייען גלייך אריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, איך פייף די קאלענדע, מיין פרוי רעדט פויליש. מיר שניידן די גאס. מיין פרוי מיט א ראזער נאכטהעמד און א קורצן פאלטא, און שטיוול; אזוי זענען מיר אראפ פון בעט אין בונקער.

עס קען אויסזען, אז מיר גייען פון א באל אדער אויף א באל. ארויף ביי דער ווייסער גימנאזיום דרייט זיך אום א „פאָסט" (א וואַכמאן) אויף דער וואך. ער קלאפט צו מיט די פיס, „זימנא" (קאַלט) זאגט ער אויף פויליש. מיר לאכן און גייען גיך. ער איז אונז געוויס מקנא. ארויף אויף דער באיסקא, קומען מיר ביים בית עולם. אלץ איז צעהאַקט, צעבראכן.

מיר שניידן איבער. עס איז דא כוח, עס גייט זיך שנעל, מיר זענען שוין אויף דובניצקא. א קוק רעכטס, לינקס, אריבער דעם שאסיי דורך דעם יאריד, מיר זעען שוין די שטוב פון אונזער קריסט. דער הונט רייסט זיך, בילט, מיר שטייען צוגעקלעבט צו דער טיר. איך הער טריט. מיין קריסט פרעגט ווער עס איז. מיר פאלן אריין אין קארידאר. די קריסטין קושט זיך מיט מיין פרוי. דער קריסט קוקט זיך ארום אויף דער גאס, מאכט צוריק צו די טיר און מען נעמט אונז אריין אין צימער. זיי די קריסטן וויינען — געמיינט שוין טויט. יעדע נאכט האבן זיי געוואַרט אויף אונז. דא דערפיל איך אז די כוחות פארלאזן מיך. מיר דערציילן זיי, אז מיר זענען לייזיק. זיי ווארעמען גלייך וואַסער, מיר באדן זיך און טועען זיך

איבער. אזוי גייט אוועק די נאכט מיט אויספרעגן און דערציילן. פון קעמערל, וועלכע איז צוגעבויט צו דער שטוב קוקן מיט אומגעדולד אויף אונז 8 יידן, זיי זענען דאָרט באהאלטן ביי דער מוטער פון אונזער קריסטן. די טאָכטער וויל, אז איך און מיין פרוי זאלן זיי ביי איר אין זעלבן הויז, אין אַנדער צימער, און זי וויל ניט, אז די 8 יידן זאלן וויסן פון אונז ווער ווייס, וואס עס קען זיך מאכן. דארט זענען געווען דריי פון זאמאשטש, איין פרוי פון בילגאריי, איינע פון לובלין, און פעסל שיינקעסטל, שרה קעסעל און מיין היינטיקטע פרוי.

ווען עס ווערט טאָג פירט מען אונז איבער אין צוגעגרייטן בונקער ביי דער טאָכטער, דארט ווו עס ליגט אלטע צעבראָכענע געווער.

דעם צווייטן טאג חגא זענען געקומען קריסטן פון דער גאס. מען האט גערעדט פון אלץ און פון יידן. איינער האט געטרונקען לחיים, געווארפן דאס היטל אין דער הויך און געשריען: הורא, בענדזיע פאָלסקאַ בעז זשידאָוו. (עס וועט זיין אַ פוילן אָן יידן!). ביינאכט, ווען מען האט אונז ארויס־גענומען א ביסל אויף דער לופט, האבן זיי זיך פארענטפערט פאר אונז: מען דארף קראען ווי א וואָראָנע און טאַנצן ווי אַן אָקס.

מיין קריסט האט איבער גערעדט מיט דער קריסטין, וועלכע נעמט איבער דאס געווער, און זי האט איינגעשטימט מיך און מיין פרוי מיטנעמען. דער שליטן מיט דעם טאפעלן דעק שטייט גרייט. איך צי ארויף א בורקע און א קיצמע אראפ איבער די אויגן. מען נעמט מיט א שיינע שיקסע אויף דעם שליטן, פאר א סגולה. איך בין דער אנטרייבער.

דאס הארץ קלאפט, די אויגן שווינדלען. היינט איז דער 19 מערץ 1944, שוין דער דריטער חודש ווי לודמיר איז ריין פון יידן. וואס נאענטער איך קום צו דער וואכע, אלץ שטארקער קלאפט דאס הארץ. איך זע שוין די צוויי מערדער פון ווייטן. די קריסטין באמערקט מיין נערוועזיטעט. זי זאגט: שרעק זיך ניט, איך האָב א פלאַש בראנפן, 2 קילאָגראַם שפעק; אלץ וועט זיין גוט, עס איז ביי מיר נישט דאס ערשטע מאל.

באלד הערט זיך א שטים: אויסווייז! די שיקסע טאַנצט אראָפ פון שליטן מיט דער פלאַש וואודקע אין האנט און דעם שפעק. זיי רעדן מיט איר. מאך לאז, שרייט ער צו מיר. איך טרייב די פערד, עס דאכט זיך מיר, אז די פערד שטייען, זיי גייען ניט. נאך א האלבער שעה בין איך שוין ארויס פון דייטשן געפאר און אריין אין פוילישן געפאַר.

איך זע שוין פוילישע זעלנער מיט געווער. עס פאָרן אָפיצירן רייטנדיק. 7 ביינאכט זענען מיר געקומען צו דער קריסטין. דארט האב איך געטראָפן א יידישע פרוי, וועלכע האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אז ביז דעם 24־טן מערץ מוזן אלע יידן פאַרלאָזן דעם שטח פון פארטי־זאנקע, ווייל „יידן גיבן איבער סודות צו די דייטשן". אין אוונט דעם 19.3 האט מען געשאסן יונה גאלדבערג און זיין כלה גיסע באביך, געשאסן האט זיי יונה'ס א חבר פון פ.ק.ס.

פינצטער ווערט אין די אויגן, די וועלט איז פארמאכט, ניטא קיין פלאץ פאר אונז. די קריסטן באמערקט אונזער פארצווייפלונג. זי זאגט, אז ס׳וועט זיין אין ארדנונג. אויף צומארגנס לייען איך די אפישן. מען שרייבט, אז ביז דעם 24/3 מוזן זיך אלע יידן, וואס געפינען זיך אויף דער טעריטאָריע פון פאַרטיזאַנקע ביעלין זיך קאנצענטרירן, אין וואָרצין, ווער עס בלייבט נאך דעם טערמין ווערט דערשאסן.

וואָרצין איז א דאָרף פאַרלאָזן פון די פאָליאקן און גרענעצט זיך מיט די אוקריינישע דערפער. נאָך אן איבער־פאל פון די אוקריינער זענען דאָרט געבליבן צוויי גאנצע הייזער. דאָרט האט מען באַזעצט די איבערגעבליבענע 120 יידן, געראטעוועטע פון די דייטשן. אט פאר דעם געטא האב איך געציטערט מער ווי פאר אלע פריערדיקע געטאָס. איך בין נישט געגאנגען. די קדושין־רינגעלעך האבן מיר אוועקגעגעבן דער קריסטין און זי האט אונז באהאלטן אין סטאָדאָלע צווישן שטרוי.

פון 12 א זייגער ביינאכט, דעם 24/3 1944, האט מען אנגעהויבן די מערדערישע שפיל אויפן פוילישן סיסטעם. מען האט ארומגעשטעלט די הייזער, וועלכע זענען געווען פארדעכטיקט, אז דאָרט זענען דא יידן און מען האט אנגעהויבן צו זוכן.

פונקט 1 ביינאכט האט מען ארומגערינגלט אונזער קריסטין און א שכנה. דארט האָט מען געפונען יעקב רויטערס טאָכטער מיט איר קינד און מאן, באָרנשטיין. אים האט זיך איינגעגעבן צו אנטלויפן מיט נאכט־וועש און באָרוועס. אין פראסט איז ער אנטלאפן קיין לודמיר.

מיר האבן אלץ געהערט פון בוידעם. ניט ווייט פון אונז האט מען זיי געפירט און געשאָסן. סאָניע האט געבעטן: לאזט דאָס קינד איבער. דער ענטפער איז געווען: איר אלע האָט אויסגעמארדעט אונזערע אפיצירן. דאס קינד פרעגט: איך? דער ענטפער איז געווען א זעץ אין פנים.

ביי אונז איז די רעוויזיע געווען לייכטער. זיי האבן רעספעקטירט אונזער קריסטין, ווייל זי פירט דאָס געווער פון שטאָט, און אז זי זאָגט, אז ביי איר איז קיין זשידעס ניטאָ, איז אין אָרדנונג.

יעדן טאג פלעגט די קריסטן דערציילן, אז מען האָט אין וואָרצין געשאָסן יידן. איך האב ניט געגלויבט. פלעגט זי זאָגן, אז אונזערע פאליאקן וועלן ענדיקן דאָס, וואָס די דייטשן האָבן אנגעהויבן.

לעצטנס האָבן די דייטשן אנגעהויבן א נייע פאליטיק, נישט געמישט זיך אין די גשעענישן, וואס זענען פארגע־קומען צווישן די פאָליאקן און אוקריינער.

דעם 15 אפריל 1944 זענען די רוסן געשטאַנען ביי קאָוועל. דאָרט זענען זיי ארויס מיט א קלין, אזוי, אז זיי האבן געוואָרט ביז מען וועט אויסגלייכן דעם פראָנט ביי לודמיר ביז צום בוג. און זיי האבן זיך דערוואוסט פון דער פארטיזאַנער באַוועגונג אין אונזער קרייז, וועלכע האט געציילט אַן ערך 10.000 באוואפנטע זעלנער, און ניט לאנג אנגענומען דעם פראגראם פון א.ק.א.

אז ס׳איז די רוסן אומעטיק געוואָרן צו זיצן און גאָרניט טאָן, האָבן זיי דורכגעריסן א שוואכן פונקט פון די דייטשן און געקומען אין דער פארטיזאנקע, אָפגעהאלטן א זיצונג אין שטאב, און באשלאָסן איינצונעמען בשותפות די שטאָט לודמיר

א שמחה, א גערודער, מען גייט אויף דער שטאט. די רוסן נעמען דערווייל ארויס די בעסטע פערד ביי די פאָליאַקן. זיי שעלטן און ציטערן. די רוסן דערציילן, אז די קאַטיושעס גייען פון הינטן און היינט מאָרגן קומען זיי. דעם שטאב טראגט מען אריבער צו מיין קריסטין. און איך זע די רוסן מיט זייערע שמאלע וועגענער. אבער מיין קריסטין לאזט ניט ארונטערגיין זי וויל ניט, אז די פאָליאַקן זאלן וויסן, אז זי האָט געהאלטן יידן. מיין פרוי איז קראנק אויף א דארם־פארדרייאונג. עס איז שלעכט, קיין דאָקטאָר קען איך ניט ברענגען. אויף דעם הויף איז פול.

אין פיטידינער וואלד איז א פאָזיציע — ביז אונטער די קאָוולער קאזארמעס. מען שיקט אוישפירער אין שטאָט. זיי קומען מיט די נייעס, אז אין שטאָט געפינען זיך אפשר קוים 200 דייטשן. די רוסן שיסן אויף דער שטאָט. די אָנפי־רערשאפט נעמט איבער דער רוסישער פאָלקאָווניק. די פאָליאקן רייסן זיך: מען דארף נעמען די שטאָט. דער פאָלקאָווניק זאָגט: לאנגזאם, מען וועט נעמען די שטאט ווען עס וועלן זיין טויזנטער, מיר האָבן צייט. יעדע מינוט קומען אויף פערד אין שטאב רייטערס. מען מעלדעט, אז דייטשן שטעלן א שוואכן ווידערשטאנד, און דער רוס לאָזט ניט אריין אין שטאט.

אין אָוונט קומט צולויפן א פארבינדלער און מעלדעט, אז זיי האָבן זיך דערוואוסט, אז עס גייט א גרויסער עשאלאָן פון יענער זייט בוג קיין לודמיר, אין עשאלאָן — א סך וואגאָנעס מיט זעלנער און אמוניציע, אלץ פאר די דייטשן. האבן די פאָליאַקן געוואלט אויפרייסן די ליניעס, האט דער רוס נישט געלאָזט. גלייך האט זיך געשטעלט א שטארקער פראָנט פון די דייטשן, און עס זענען געווען פיל טויטע און פאַרוואונדעטע. א נייער פארבינדלער מעלדעט, אז די רוסן גייען צוריק. עס ווערט א פאניק, אלע פארלאָזן די ערטער מיט פורן און פערד, אלע אנטלויפן ווייטער אין וואלד.

דעם 16 אפריל, 9 פרי קומען 10 עראָפלאנען, און א גאנצן טאָג קלאפט אויף די וועלדער. אויף דער נאכט קומען שוין צוקריכן די פארוואונדעטע, בעטן עסן, און דערציילן, אז אלץ אין דער פארטיזאנקע איז צעקלאַפט. די רוסן זענען אוועק אויף זייער פאָזיציע און מיט זיי זענען מיטגע־גאנגען אלע יידן. און ווען די אנטלאָפענע פון דער פוילישער פארטיזאנקע האבן געוואָלט דורכרייסן דעם פראנט און אריבערייגן דעם פריפיעט צו די רוסן, דאן האָט מען זיי באצאָלט פאר אונזער פיין. רויט איז געווען דער פריפיעט. נאר היטלען מיט פוילישע זנאַצקעס זענען געשווומען אויפן טייך.

דאָרט האט די א.ק.א. פון ביעלין פארענדיקט איר קאריערע.

6 פארטאג האב איך דורך דעם סטריך געזען, ווי עס קומען אָן דייטשן פון אלע זייטן. איך און מיין גוססדיקע פרוי זענען מיר ווידער ביי די מערדער אין די הענט.

